 

איך בין וויא בעטרונקען, וויא צודולט שטעהן געבליעבען אויס איבערראַ-שונג. זאל דאס מעגליך זיין, אז דער צופאל זאל מיך אויך מיט דיאבאַלינאַן צוזאמענבריינגען ?

מיר האט זיך דאס אלץ ניט געגלויבט און איך האב געקלערט, אז דאס איז אנ׳אנדער דיאבאַלינא. מען קען זיך לייכט פאַרשטעלען, מיט וואס פאר אנ׳אונגעדולד איך האב ערווארטעט, אז דער פאָרהאנג זאל זיך אויפהויבען או איך זאל שוין דערזעהן דיא דיאבאַלינאַן, וואס ווערט דערמאָנט אין דער פראָ-גראממע.

איך האב מיך געווענדעט צו איינעם וואס איז געזעסען מיר געזעסען און האב איהם געפרעגט צו קאָן ער דיא אַקטריסע דיאבאַלינא ?

— דיאבאַלינא איז קיין אַקטריסע — האט ער מיר געענטפערט — זיא בעטרעט נור קליינע, אונבעדייטענדע ראָליען.

— וויא קענט איהר דאס זאָגען ? האט זיך אבגערופען א מאַן פון דער צווייטער זייט — דיאבאַלינא האט א פראַכטפאָללע שטיממע און זיא שפּיעלט איהר ראָליע אויסגעצייכענט.

מיינע בליקען זיינען געפאלען אויף דער לאָזשע, וועלכע וואר דיא צווייטע פון דער, וואו דער גראף יאבלאָנסקי איז געזעסען, דארט האב איך געזעהן א יונגען מאַן מיט א דאמע, וועלכע ווארען וויא איינגעטונקט אין דיאמאנטען. דער יונגער מאַן אבער האט אין זיינע טהייערע קליידער און אין דיא דיאמאנטען ניט אויסגעוויזען אריסטאָקראטיש. ער וואר הויך וויא א ריעזע, מיט ברייטע שול-טערן און זיין גאַנצע האלטונג איז געווען וויא פון א פּראָסטען מענשען פון דער ניעדעריגער קלאַססע.

ער איז געזעסען אין זייט לאָזשע, מיט דעם געזיכט צו דער ביהנע, און איך האב נור געקענט זיין פּראָפיל זעהן. נור צופעליג האט ער זיך אומגעווענ-דעט און האט א קוק געטאהן אין דער זייט וואו איך בין געזעסען.

— הא ? איז דאס מעגליך ?

מיט דעם ערשטען בליק אויף זיין געזיכט, האט איך ערקאנט מיין יוגענד-פריינד קוראָפּאַטניק.

יא, דאס איז ער, דאס איז קוראָפּאַטניק. איך האב אי׳ם ערקאָנט, האָטש ער איז פאסט אנ׳אנדער מענש געווארען. דער קליינער, דארער יונגעל איז גע-ווארען א הויכער, געזונדער, אייזערנער מאַן זיין געזיכט אטהעמט מיט מוטה און ענערגיע און ער וויזט אויס זעהר רייך צו זיין.

איך האב מיינע ״אויגן נים געקענט פון איהם אברייסען. מיין הערץ האט אין מיר געקלאפט אויס גרויס פריידע. מיר האט אויסגעוויעזען, אז ערשט נעכ־טען האב איך זיך פון דיעזען פריינד געשיידעט. איך האב פערגעסען דאס טהע־אטער און דאס שפיעלען, און האב מיין גאנצעס אויפמערקזאמקייט געשענקט איהם.

און אין קאפף האבען זיך ביי מיר אנגעהויבען צו טומלען פערשיעדענע פראגען: — וואס איז מיט איהם יעצט? איז ער ווירקליך פערבונדען מיט דעם ווינדהונד און מיט דעם אלטען בעטלער אין א שווינדעל־געשעפט? פאר וואס זשע האט ער קיין פורכט, זא עפענטליך פאר דעם פובליקום צו ערשיינען? און ווער איז דיא יונגע פרוי, וואס זיטצט נעבען איהם? איז דאס פיעלייכט זיין ווייב? האט ער גאר מיט דיאבאלינאן נים געהייראטהעט? ער פלעגט דאך אימממער זאגען אז נור זיא מוז זיין פרוי זיין.

איך האב שוין געוואלט ארייגלויפען צו איהם אין דער לאזשע און איהם אויף דעם האלז פאלען, איך האב מיך אבער בערעכענט, אז יעצט, ווען דאס פובליקום איז פעראינטערעסירט מיט דעם שפיעלען, פאסט זיך נים אזא ערקע־נונגס־סצענע.

— באלד קומט דיאבאלינא! — האב איך ערהערט, וויא דיא וואס זיינען געזעסען נעבען מיר ריידען מיט איינאנדער.

איך האב יעצט מיינע אויגען געריכטעט צו דער ביהנע. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, מיט וואס פאר אנ׳אויפמערקזאמקייט און מיט וואס פאר א שפאנונג איך האב אויף דער ביהנע געקוקט.

דיא סצענע האט פארגעשטעלד א וואלד. עס האט געדאנערט און גע־בליטצט. א פריערענס־ענגעל, אלס מוסטער פון גליק, האט ארומספאציערט צווישען דיא בוימען און האט געריסען בלומען, פון וועלכע ער האט א פראכט־פאלען בוקעט געפלאכטען.

— דיעזע בוקעטען — האט דאס גליק געזאגט — מאך איך פאר דיא ריי־כע לייט, מיט וועלכע איך וואהן צחאממען. יעדער פון זיי זאל פון מיר אזא בו־קעט ערהאלטען.

פלוצלינג האט אנגעהויבען שטארק צו דונערן, דיא ערד האט זיך געשפאל־טען, פון דער עפענונג האט געשאסען פלאמען און דאס אונגליק אין דעם גע־שטאלט פון א מלאך מיט א גרויסען שווערד אין דער האנד, איז ארויסגעשפרונ־גען און האט א געשרייא געטאהן:

— פאר דיא הערצלאָזע קאפיטאליסטען מאכסט דוא בוקעטען? ריטער דארף מען פאר זיי קלייבען! מיט דיעזען שווערד דארף מען זיי אויף שטיקער צוהאקען!

און ריידענדיג דיעזע ווארטעז, האט דיעזער מלאך ארויסגעהאפט דיא בור־בוקעטען פון דעם גליקס הענד און האט זיי צוטראָטען מיט דיא פיס.

נעגען מיין ווילעז, האט זיך פון מיין האלז ארויסגעריסען דער נאמען „דיא־באלינא“, אלס איך האב דיעזען אונגליקס־ענגעל דערזעהן. יא, דאס וואר יענע דיאבאלינא, מיין יוגענד־פריינדין. קיין פעדער איז אים שטאנדע איהר שעהנ־שעהנהייט צו שילדערען. זיא וואר שוין יעצט א מעדכען פון פופצעהן יאהר און האט אויסגעזעהן זאָ בעצויבערענד שעהן, דאס פון אלע זייטען האט מען זיא אנ־געהויבען אפלאָדירען בלויס פאר איהר שעהנהייט.

ענדליך האט דיאבאלינא מיט איהר זיססע שטימע געזונגען א ליעד, וועל־כע האט זא זיס געקלונגען, דאס יעדער צושויער איז געזעסען וויא פערטיעפט אין פאנטאסטישע ייססע טרוימע.

א דאָנענדער אפלאָדיסמענט האט א הילך געטאהן אבער דעם גאנצען טהעאטער.

נור פלוצלינג האט דער קליינער גראף יאָהאן יאבלאָנסקי א וואָרף געטאהן א גאנצען הויפען מיט שאָלאכץ פון אפּעלסינען אויף דער ביהנע. דיאבאָלינא האט אונגערען אויף זיי ארויפגעטראָטען און האט זיך אויסגעגליטשט. זיא איז אזוי לעבערליך געפאלען, דאס אלע האבען זיך פאנאנדערגעלאכט.

דיא ארמע דיאבאלינא איז פערשעהמט און ערשראקען אויפגעשפרונגען פון דער ערד און האט געוואלט אנטלויפען פון דער ביהנע, אבער אנשטאט צו לויפען רעכטס, וואו דיא סצענע איז געווען אפען, איז זיא געלאָפען לינקס, וואו דער ארויסגאנג הינטער דיא קוליסען איז געווען פערשפארט, און זיא האט זיך געמוזט צוריק אומקעהרען און, אונטער דעם געלעכטער פונ׳ם פובליקום, איז זיא ארויסגעלאפען דורך דער רעכטער זייט.

אין דער מינוט האט זיך קוראפאטניק פון זיין ארט אויפגעהויבען, איז אריינגעלאפען צו דעם גראף יאבלאנסקי אין דער לאזשע און האט איהם, אויף זיין זאהן, זאלכע פעטש געגעבען, דאס זיי זיינען מיט ווילדע געשרויען צום בא־דען געפאלען. דאן איז ער ארויפגעשפרונגען אויף דער ביהנע און איז אויך פער־שוואונדען געווארען הינטער דיא קוליסען.

וויא א גטהיימע קראפט האט מיך יעצט אויך פון מיין ארט אפגעריסען און האט מיך געטריעבען אין דרויכען, אויף דער גאס.

אלס איך בין ארויסגעלאָפען אין דרויסען, האב איך געזעהן, וויא פון דער טיהר וואס פיהרט הינטער דיא קוליסען, לויפט קוראפּאטניק, האלטענדיג דיא־באלינאן אין זיינע שטארקע ארמס.

— מיר מוזען שנעל אנטלויפען! — האט ער געזאגט — דען דיא פּאליציי וועט געוויס שנעל אנקומען.

איך בין צו איהם צוגעלאפען און האב געפרעגט:

— פיעלייכט ווילט איהר פאהרען אין מיין עקיפּאזש?

— גיעב איהם אהער — האט ער געענטפערט — אבער געשווינד! דוא וועסט דאפיר גוט בעלאָהנט ווערען.

איך האב זיי באלד צוגעפיהרט צו דעם עקיפּאזש, אין וועלכען מיינע ביי־דע הערען זיינען געקומען, און האב, עפענענדיג דיא טיהרעל, געזאגט:

— געהט אריין.

זיי זיינען ביידע אין דעם עקיפּאזש ארייננעשפּרונגען, איך האב זיך גע־שטעלט פון הינטען און האב געהייסען דעם קוטשער, ער זאל פאהרען.

— וואהין? — האט דער קוטשער געפרעגט.

— נאך דעם האָטעל לאָנדאָן! — האט קוראָפּאַטניק א געשרייא געטאהן.

דער עקיפּאזש איז שנעל וויא א בליטץ אוועקגעפלויגען און עס האט לאנג ניט געווערט, זיינען מיר געשטאנען נעבען דעם האָטעל לאָנדאָן.

קוראָפּאַטניק איז דער ערשטער פון דעם עקיפּאזש ארויסגעשפרונגען און האט אויך געהאלפען דיאבאָלינאן פון דארט ארויסגעהן. נאכדעם האט ער מיר דערלאנגט א פינפרובעלדיגען בילעט.

— ענטשולדיגט מיין הערר — האב איך געזאגט — איך ברויך ניט זאָפיעל געלד.... צאהלט בלויס אפּ דעם קוטשער און איך....

— וואס פערלאנגט איהר אליין?

— איך וויל מיט אייך איינינע ווארטען ריידען.

— וועגען וואס?

— דאס קען איך אייך דא ניט זאגען.

— גוט, קומט אריין צו מיר אין קווארטיר.

ער האט אבגעצאהלט דעם קוטשער און איז מיט מיר און מיט דיאבאָלי־נאן צוגעגאנגען צו דער טיהר פון דעם אָטעל און האט אנגעקלונגען.

— ווער איז דאָרט ? — האט זיך באלד דערהערט א שטיממע פון אינ־וועניג.

— דאס בין איך, דער קאַפּיטאַן קוראָפּאַטניק.

— דער קאפּיטאַן ? דיא מינוט עפען איך.

דיא טיהר האט זיך געעפענט אין מיר אלע דרייא זיינען ארויפגעגאנגען דיא ברייטע טרעפּ ביז צום צווייטען שטאָק.

קוראָפּאַטניק האט אונז אריינגעפיהרט אין א גרויסען פּרעכטינען ציממער, וואו עס האט זיך געזעהן א טיהר אין א צווייטען ציממער.

— דיאבאָלינא — האט ער צו איהר געזאגט — געה אריין אין יענעם צי־מער און שפּאַר זיך אביסעל צו, דען איך עריקאַן אַן דיר, אז דוא ביזט זעהר מיער און אויפגערעגט, און איך וועל דא בלייבען מיט דעם יונגען מאַן.

זיא האט געפאלגט און איז אין דעם צווייטען צימער אריינגעגאנגען.

— נוא, יעצט זאגט מיר וואס איהר פערלאַנגט — האט ער זיך געווענ־דעט צו מיר, אלס מיר זיינען אליין געבליעבען.

— קוראפּאַטניק ! — האב איך מיט א ציטטערנדע שטיממע געזאגט — דוא זעהסט גאר ניט ווער עס שטעהט פאר דיר ? דוא ערקאנסט ניט דיינען פריינד יאזעפוס ?

— יאָזעפוס ? — האט ער אויכגערופען, אבשפּרינגענד איינינע טריט א הינטער און אויסגלאָנצענד אויף מיר א פּאר ווילדע אויגען. יא, דאס ביזט דוא, מיין ליעבער יאָזעפוס.

ביי דיעזע וואָרטען איז ער מיר געפאלען אום דעם האלז און האט מיך גענומען קוסען און דאבייא האט ער געוויינט וויא א קליין קינד.

— דיאבאָלינא ! — האט ער פלוצלינג א געשרייא געטאהן — קום אהער און זעה, וואס פאר א גאסט מיר האבען, אונזער יאָזעפוס.

קוים האט ער דיא ווארטען אויסגערעדט, האט זיך דיא טיהר פון דעם צווייטען צימער אויפגעעפענט און דיאבאָלינא איז אריינגעלאָפען. זיא האט מיך באלד ערקאָנט און איז מיר אויך געפאלען אום דעם האלז און האט מיך וויא א צערטליכע שוועסטער געקושט און געהאלזט, און מיר האבען אללע פיעל טרערען פערגאסען.

ביז מיין לעצטען אטהעם־צוג וועל איך ניט פערגעסען דאס פערגעניגען וואס איך האב גענאסען אין יענע מינוטען, ווען איך האב צוריקגעפונען מיינע יוגענד־פריינדע. מיר האט אויסגעוויעזען, אז דער גן עדן האט זיך פאר מיר

געעפענט און איך בין אריינגעקומען אין דער געזעלשאפט פון גוטע, זיססע ענגלען.

— וויא מערקווירדיג דאס איז! — האט ענדלוך קוראפאטניק אויסגערו־פען — איך וואלט דאס קיינמאל געגלויבט, אז איך זאל אייך ביידען אין איין נאכט זא אונערוואַרטעט געפינען.

— וואס? אויך דיאבאלינאן האסט דוא אונערוואַרטעט געפונען? — האב איך ערשטוינט געפרעגט.

— יא, אויך זיא האב איך ערשט אין דיעזען אבענד צופעליג געפונען.

— האסט דוא זיא שוין לאנג ניט געזעהן?

— א גאנץ יאהר.

— גאנצע דרייא יאהר? — האב איך פערוואונדערט אויסגערופען.

— יא, א קיילעכדיג יאהר און דאס וואר דורך מיין אייגענער שולד.

— און דוא האסט גאר ניט געוואוסט, אז זיא שפיעלט הייטע אבענד אין טהעאטער?

— איך האב געזעהן אז אין דער פראגראמע איז דערמאנט דער נאמען דיאבאלינא. מיר איז באלד איינגעפאלען דער געדאנק, פיללייכט איז דאס מיין דיאבאלינא, דארום בין איך אי, טהעאטער געקומען און איך האב זיא ווירקליך דערזעהן און, אבוואהל מיר טוהט לייד, וואס עס האט זיך געמאכט אזא אונאנ־גענעהמער פאל, בין איך אבער דאבייא אויך צופריעדען דאמיט, וואס איך האב געהאט דיא געלעגענהייט פון איהרטוועגען עטוואס צו טאהן, דאמיט וואס איך האב יענע פערפלוכטע הערען גוטע פעטש געגעבען.

— ווייסט דוא אבער, קוראפאטניק, ווער דיעזע הערען זיינען? — האב איך געפרעגט.

— ניין, איך קאן זייא ניט.

— זיי זיינען יא דיינע בעקאנטע.

— מיינע בעקאנטע?

— יא, דאס איז געוועזן דער גראף פעטער יאבלאנסקי מיט זיין זאהן יא־האן, מיט וועלכען מיר האבען זיך אמאל בעגעגענט אין וואלד און דוא האסט איהם דאמאלס אויך גוט מכבד געוועזן.

— איז דאס ווירקליך דער זעלבער הונד?

— יא, דאס איז ער. ווייסט דוא שוין פון דעם, דיאבאלינא?

— איך ווייס — האט זיא געענטפערט — איך האב געהאט דאס אונ־גליק מיט איהם זיך א פאר מאל צו בעגעגנען.

— ווירקליך? — האב איך ערשטוינט אויסגערופען — וואו האסט דוא זיך מיט איהר בעגעגענט?

— דאס וועל איך דיר שפּעטער ערצעהלען, מיר האבען יעצט פון וויכטי־גערע זאכען צו ריידען. דיעזע מינוטען זיינען זעהר הייליג, און עס וועט זיין דיא גרעסטע זינדע, ווען מיר וועלען דיעזע טהייערע מינוטען פערברייננגען אין א נע־שפּרעך וועגען אזעלכע אונמענשען, וויא דיעזער יאָהאן איז. מיר האבען יעצט זעהר וויכטינעס צו שפּרעכען.

— יא — האב איך נעזאגט — דוא האסט רעכט. איך בין זעהר נייגיע־ריג צו וויסען, וואס מיט אייך ביידען האט פּאססירט אין דער לאנגער צייט, וואס מיר האבען זיך ניט געזעהן. איהר נעדענקט דאך נעוויס יענעם מאָמענט, ווען מיר האבען בעגנבעט דעם דאָרפסלעהרער סימאן?

— צו איך נעדענק יענעם מאָמענט? — האט קוראָפּאטניק נעעפפערט — נאך שטעהט מיר פאר דיא אויגען יענע שרעקליכע צייט, ווען דוא האסט אונז נעגעבען דעם סיגנאל, מיר זאלען אנטלויפען. איך האב דאמאלס ניט נעוואָלט אנטלויפען, איך האב נעוואלט דיר צו הילף קומען, אבער דיאבאָלינא האט מיך דאפאָן אבגעהאלטען און איך בין איהר ביז הייטע דאפיר דאנקבאר, דען איך ווייס בעשטימט, אז דאמאלס וואלט איך נעוויס א מאָרד בעגאנגען. דוא ווייסט דאך, אז איך האב דאמאלס ביי זיך נעהאט א רעוואָלווער.

— וואהין זשע זייט איה־ דאמאלס נעלאָפען?

— מיר זיינען נעלאָפען נאך דעם פּלאטץ, וואו מיר האבען אבגערעדט אויף דיר צו ווארטען, אונטער דעם קרייץ, אבוואהל איך האב נעוואוסט, אז דוא וועסט אהין שוין ניט קומען.

— איך בין אבער יא אהין נעקומען נאך אין דער זעלבער נאכט.

— איז דאס מעגליך? דיר האט נעלונגען צו אנטלויפען?

— ניין. דער דאָרפסלעהרער אליין האט מיך נעלאָזט פרייא לויפען, וואו־הין א־ך וויל.

— צוליעב וואס?

— ווייל ער איז איינער פון דיא מערקווירדינסטע מענשען אין דער וועלט.

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג.

— נוא, ערצעהל, וואס ווייטער איז נעוועזן.

— מיר זיינען, וויא איך האב שוין נעזאגט, נעלאָפען צו דעם קרייץ. פאר דער שיין פון דעם מאָנד האב איך אננעהויבען אויף דיאבאָלינאס טוך צו ציילען

דאס נעלד, וואס מיר האבען צוגענומען פון דעם לעהרער. פלוצלינג איז ווּיא פון דער ערד ארויסגעשפרונגען א מאן. ער האט מיך ביי דער האנד ערגריפען און האט א געשרייא געטאהן:

— ניעב אהער דאס געלד!

איך האב באלד ארויסגעחאפט מיין רעוואָלווער און האב געוואלט אויף דעם מאַן שיסען, אבער ער האט א חאַפּ געטאהן דיא האנד וואס האט דעם רעוואָלווער געהאלטען, האט א קוועטש געטאהן ביים קוראָק און עס האט אויס־געשאָסען. דיא קוגעל איז מיר אין פוס אריינגעפלוינגען און איך בין געפאלען צום באדען. דאס געלד האט זיך פערשאָטען אויפ׳ן גראָז, אבער דער שורקע האט עס צוזאמענגעקליעבען און איז אנטלאָפען געווארען.

דאס בלוט האט זיך פון מיין פוס געגאָסען. עס האט מיר שרעקליך וועה געטאהן און איך האב שטארק געשריען. דיאבאָלינא איז וויא פערריקט אויס שרעק געשטאַנען און האט אנפאנגס ניט געוואוסט וואס צו טאהן, נאכהער איז זיא אוועקגעלאָפען זוכען פאר מיר הילף, ווייל זיא האט געמיינט, אז מיין וואונד איז זעהר געפעהרליך.

זיא האט אנגעטראָפען א מוּשיק, וואס איז געפאהרען אין שטאדט אויפ׳ן יאריד. זיא האט איהם מיט טרערען ערצעהלט, אז אונטער דעם קרייץ ליענט א דערשאָסענער יונגעל. דער מוזשיק איז באלד צו מיר צוגעפאהרען, האט מיך ארויפגעלייגט אויפ׳ן וואגען, אויך דיאבאלינאן האט ער געבען מיר אוונקגעזעצט און האט אונז אוועקגעפיהרט אין שטאדט, גלייך צו דער פאליציייא. מען האט אונז אנגעהויבען אויסצופרעגען ווער מיר זיינען און ווער עס האט מיך געשאססען, און אלס מיר האבען זיך אין אונזערע אנטווארטען זעהר געפּוטעט, האט מען פערשטאַנען אז מיר זיינען היימאטסלאזע קינדער און דער פאליציימייסטער האט געהייסען אונז אין געפענגניס אריינזעטצען, ביז יעדער פון אונז וועט אלט ווערען זיעבעצעהן יאהר. פארלויפיג האט מען מיך אין האספיטאל אוועקגעפיהרט און דיאבילינאן האט מען אבגעשיקט אין א מעדכען־אנשטאלט אין זשיטאמיר. איך בין זעקס וואכען אבגעלעגען אין בעט, ביז איך בין פאלקאמען געזונד געווארען. דאז האב איך אריינגעטראטען אין דעם ארעסטאנטסקען אוניווערסיטעט און בין דארט אבגעוועזען ביז מיין זיעבעצעהנטען יאהר.

אנפאנגס, אין דער ערטטער צייט, ווען איך בין אין געפענגניס אנגעקומען, איז מיר זעהר שווער געווען דארט צו זיטצען, און איך האב פיעל מאל געוואלט אליין צו מיין לעבען אן׳ענדע מאכען, אבער ביסלעכוויים בין איך צו דיעזען לע־

בען געוואהנט געווארען. מען האט מיך דארט געלערענט אנ'ארבייט, סטאלע־רייא דאבייא אויך לעזען, שרייבען און רעכענען און, ווייל איך בין זעהר געזונד און שטארק געוועזען און האב דאריבער מיין ארבייט זעהר שנעל און גוט אכגע־טאהן, בין איך בעליעבט געווארען ביי דיא אויפזעהער פון דעם געפעננים און אלע איבעריגע ארעסטאנטען האבען פאר מיר גרויס רעספעקט געהאט.

— און וואס איז אין דער צייט געוועזען מיט דיאבאלינאן? — האב איך נייגיעריג געפרעגט.

— זיא איז געוועזען אין זשיטאמיר, אין א מעדכען־אנשטאלט. מען האט זיא דארט זעהר גוט בעהאנדעלט און זיא האט מערקווירדיגע פארשריטע גע־מאכט אין אלעם וואס מען האט זיא געלערענט. אלס איך האב דאס געפענג־ניס פערלאזען, איז זיא ערשט דרייצעהן יאהר אלט געוועזען און זיא האט נאך בעדארפט זיטצען פיער יאהר, דאס הייסט ביז איהר זיעבעצעהנטען יאהר. מיין ערשטער געדאנק איז געוועזען, זיא פון איהר געפעננים צו בעפרייען און, אבוואהל מען האט מיר באלד געגעבען א שטעלע, וואו איך האב געקענט מיין ברויט פער־דיענען, האב איך אויף קיין זאך געקוקט און בין אוועקגעפאהרען נאך זשיטאמיר, מיט דער האפענונג, אז מיר וועט געלינגען זיא צו בעפרייען. שטעל זיך אבער פאר מיינע שמערצען, אלס קומענדיג נאך זשיטאמיר האב איך ערפאהרען, אז דיאבאלינא האט שוין לאנג דעם אנשטאלט פערלאזען. מען האט מיר דארט ערצעהלט, אז נאך מיט א יאהר צוריק האט זיא א רייכער מאן, וועלכער איז געקומען בעזוכען דעם אנשטאלט, פון דארט צוגענומען. אומזאנסט האב איך נאכגעפארשט וועגען יענעם מאן, ווער און וואו ער איז. איך האב דאס ניט ער־פאהרען.

— וואו זשע איז זיא געוועזען? — האב איך געפרעגט.

— דאס זאל דיר דיאבאלינא אליין ערצעהלען — האט קוראפאטניק גע־ענטפערט.

יא — האט דיאבאלינא נעזאגט — איך וועל דיר מיין געשיכטע גאנץ קורץ ערצעהלען. איך מוז דיר זאגען, ליעבער יאזעפוס, אז איך בין מיט מיין נייער קווארטיר שטארק צופריעדען געוועזען, דען איך האב דארט געהאט גענוג עסען און טרינקען, א בעט צום שלאפען און דאצו האט מען מיך געלערענט נייען, שטרי־קען און שרייבען. איך האב אבער שטארק געבענקט נאך קוראפאטניקען און נאך דיר, ליעבער יאזעפוס. ביסלעכווייס אבער בין איך געוואהנט געווארען מיט מיין לאגע און האב נור זעהר זעלטען אן אייך געדענקט. אין דיעזען אנשטאלט

האב איך געבליהט וויא א שעהנע בלומע און בין געווען דאס בעליעבסטע מעד־כען אין דעם גאנצען הויז.

איין מאל, דאס וואר אין פיער יאהר ארום נאך מיין אריינטרעטען אין דעם אנשטאלט, איז געקומען אנ'אלטער רייכער מאן אויס מאסקווע בעזוכען דאס הויז, וואו זאפיעל אונגליקליכע עלענדע קינדער ווערען ערצאגען. זיין בליק איז געפאלען אויף מיר. ער האט מיר איינינע פראגען געשטעלט און פון מיינע אנט־ווארטען וואר ער זא ענטציקט, דאס ער האט מיך געפרעגט, אויב איך וויל אין זיין הויז אריינטרעטען אלס א טאכטער, ווייל ער האט קיינע קינדער און ער וויל מיך אלס זיינס אנ'איינען קינד ערציהען.

זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב געענטפערט, דאס איך וועל מיך גליק־ליך שעטצען, ווען איך וועל פון דיעזען געפעננגנים בעפרייעט ווערען און וועל לע־בען וויא אלע פרייע קינדער, אין א הויז פון אלעם גוטען.

דער אלטער האט זיך געווענדעט צו דעם אויפזעהער פון דעם אנשטאלט, ער זאל מיך אין זיינע הענד איבערגעבען, און דער אויפזעהער האט זיין וואונש ערפיעלט.

גלייך פון דעם אנשטאלט בין איך צוזאממען מיט דיעזען מאן אין זיין עקי־פאזש אוועקגעפאהרען צום באהנהאף און מיר זיינען אין דעם זעלבען טאג נאך מאסקווע אבגעפאהרען.

מען האט מיך געבראכט אין א הויז, וואס אריינקומענדיג אהין בין איך זא איבערראשט געווארען, דאס איך האב געמיינט, אז איך בין אין אנ'אנדער וועלט אריינגעקומען, דען מיין נייער פאמער, א געוויסער גראף פאדלעצאוו, וואר איי־איינער פון דיא רייכסטע מענער אין מאסקווע. ער איז געווען א פיעלפאכער מי־ליאנער און האט געלעבט אין אזא לוקסוס, וואס נאך מיינער מיינונג, ווערט זיך קיין קעניג פערגינען זא צו לעבען.

דוא, ליעבער יאזעפוס, קענסט זיך לייכט פארשטעלען, וויא איבעראשט איך בין געווארען פון דעם גליק וואס מיך האט זא אונערווארטעט געטראפען, איך האב אנגעהויבען צו גלויבען, אז דיא וועלט איז נאך ניט אזוי פערדארבען וויא מיר האבען געמיינט, דען אין איהר געפינען זיך דאך זאלכע וואהלטהעטער, וויא דער גראף פאדלעצאוו איז, וועלכער האט פון א געפעננגנים ארויסגענומען אנ'ארם קינד, אום איהר פאטער צו זיין.

קיין פעדער איז ניט אים שטאנדע צו בעשרייבען דיא אלע זאנדערבארע פערגניגענס, וואס דיעזער גראף האט זיך ערלויבט. דאס געלד האט ביי איהם

קיין ווערטה נעהאט, דען זיינע איינקינפטע זיינען נעוועזען איבער א מיליאן רובעל יעהרליך. שפעטער האב איך ערפאהרען, אז אויף דיא ניטער פון דיעזען רייכען נראף נעפינען זיך זאלכע מוזשיקעס, וואס נעהען ארום נאקעט און בארפוס, און האבען זאגאר קיין ברויט צו זאט

— אבער צו דיר איז ער גוט נעווען? — האב איך געפרעגט.

— יא, זעהר גוט — האט דיאבאלינא מיט א ספאטישען טאן געענטפערט. ער האט מיך געקליידעט אין דיא טהייערסטע קליידער און בעהאנגען מיט בריליאנטען. ער האט פאר מיר אויך א גובערנאנטין געהאלטען, וועלכע האט מיך אונטעררריכטעט אין דער מוזיק און אין פערשיעדענע קענטניססע. דיעזע גובערנאנטין, וועלכע וואר א דאמע פון דער גרויסער וועלט, האט מיך אבגעוואהנט פון אלע ווילדע זיטטען, וואס איך האב ארויסגעטראגען פון אונזער פריהערסטער יוגענד און פון דעם געפענגניס. מיט איינעם ווארטע, איך האב געלעבט וויא א פרינצעססין.

— נוא, איז דאך גוט — האב איך אויסגערופען.

— דיא גוטסקייט, דאס זיססע לעבען, האט אין זיך אבער געהאט א שרעקליכען גיפט — האט דיאבאלינא טרויעריג געזאגט — אזא גיפט, וואס נאך דער געזעטצע קומט דערפאר א גרויסע שטראפע. דער מיליאנער, וועלכען אלע פערנעניגענס אין דער וועלט זיינען שוין איבערדריססיג געווארען, האט יעצט אנגעהויבען צו זוכען דיא שענדליכסטע, אוננאטירליכסטע פערגעניגונגען.

— דאס איז שרעקליך! — האב איך ערציטטערט געשטאממעלט.

— און דאס האט מיך ענדליך פערטריעבען פון דיעזען אלטען זינדער. איך בין פון זיין הויז אנטלאפען און האב איהם איבערגעלאזט אלע מיינע טהייערסטע קליידער, וויא אויך מיין גאנצע ציערונג, בלויס איין גיטארע האב איך מיטגענומען, אום דורך איהר געלד צו פערדיענען.

אויף א גיטארע האב איך זעהר גוט געשפיעלט, א שטימע האב איך אימער געהאט זעהר א שעהנע, דארום האב איך זעהר לייכט געקענט פערדיענען געלד, שפיעלענדיג און זינגענדיג אין דיא רעסטאראנען און אין דיא קאפע־הייזער פון פעטערסבורג, דען איך בין אפגעפאהרען נאך פעטערסבורג אום ניט צו בעגעגענען זיך מיט דעם גראף פאדלעצאוו.

איין מאל האב איך געהאט דאס אונגליק, אין איינעם פון דיא רייכע רעסטאראנס צו טרעפען דעם קליינעם יאהאן יאבלאנסקי. ער מיט נאך צווייא קאמעראדען פון זיין עלטער זיינען געזעססען אין א בעזאנדער צימער און האבען

דארט געשיכורט. א קעלנער האט מיך, אויף זייער פערלאנג, ארייגנעשיקט צו זיי, איך זאל זיי שפיעלען און זינגען.

— בעטלערמעדכען! — האט דער קליינער יאָהאן צו מיר א געשרייא געטאחן — שפיעל עטוואס פאר אונז. נא, דא האסט דוא א גאנצען רובעל אלס לאָהן פאר דיין שפיעלען.

און ער האט צו מיינע פיס א ווארף געטאהן א רובעל.

איך האב מיך פון דיעזער בעהאנדלונג געפונען שטארק בעליידינט און געקרענקט, און האב ניט געוואלט דעם רובעל אויפהויבען, אויך ניט זינגען אדער שפיעלען און, אלס דיא יונגלעך האבען מיך שטארק אויפגעפאָרדערט איך זאל פאר זיי זינגען, האב איך מיך געווענדעט צו דער טיהר און האב געוואלט ארויסלויפען, אבער יאָהאן איז צונעלאפען צו דער טיהר, האט זיא פערשפארט און האט מיך אנגעהויבען אונערבארמליך צו שלאגען און רייסען פאר דיא הארשרייען האב איך מורא געהאט, דען איך האב געוואוסט, אז דיא קעלנערס וועלען דעם פעלץ אויסקעהרען אויף מיר און וועלען מיך בעשולדיגען. דארום האב איך מיך ביי זיי געבעטען, זיי זאלען מיך נימ שלאגען און זאלען מיך לאזען פריי געהן פון דאנען, אבער וואס מעהר איך האב מיך ביי זיי געבעטען, האבען זייא מיך אלץ מעהר געשלאָגען. דאס בלוט האט גערונען פון מיין נאז און פון מיין מונד, דורך זייערע פעטש, און אז איך האב דערזעהן, אז וואס ווייטער שלאָגען זיי מיך מעהר, האב איך געמאכט א גוואלד.

פאר דעם גוואלד האבען זיך דיא יונגע מערדער ערשראָקען און האבען דיא טיהר געעפענט. אייניגע בעדיענטע זיינען אריינגעלאָפען און האבען מיך ארויסגעיאָגט פון דעם רעסטאָראן, אבער דיא פיעלע געסט וואס זיינען דא געזעסען, אלס זיי האבען דערזעהן וויא צושלאגען איך בין, זיינען זעהר צאָרניג געוואָרען און האבען געוואלט פאר מיר ראַכע נעהמען פון דיא קליינע באנדיטען און, ווען דיא קעלנערס זאלען זיי ניט געווען שנעל ארויסלאזען דורך א זייטינער טיהר, וואלטען זיי זעהר שלעכט אבגעשניטען.

— פערפלוכטער יאבלאָנסקי! — האט קוראָפאטניק העכסט צאָרניג אויסגערופען — מיין בלוט וועט אין מיר רוהיג ניט פליסען, ביז איך וועל איהם אלע זיינע ביינער צוברעכען.

— נוא וואס איז ווייטער געווען? — האב איך געפרעגט, זייענדיג שטארק פעראינטערעסירט אין דיאבאָלינאס ערצעהלונג, ווערענד דאס בלוט האט אין מיר אויך געקאכט אויס צאָרען אויף דעם קליינעם, הערצלאָזען יאהאן.

— איך האב אננעהויבען ווייטער ארומצוגעהן איבער דיא רעסטאראנען און איבער דיא קאפע־הייזער, און איך האב זיך צופעליג אין איינעם פון זיי בע־נעגענט מיט קוראַפּאטניקען און מיט זיין ווייב.

— וואס? דיא האסט שוין א ווייב, קוראפּאטניק? — האב איך ער־שטוינט אויסבערופען.

— איך האב געהאט א ווייב — האט קוראפּאטניק געענטפערט, רויטה־ווערענדיג — אין מיר האט זיך פערליעבט אנ׳אלטע, אבער זעהר רייכע פרויא, וועלכע איך האב פון א פייער גערעטעט און, ווייל זיא האט געהאט זעהר פיעל געלד, האב איך מיט איהר התונה געהאט און האט געלעבט וויא א פרינץ. ביז איך האב מיך בעגעגענט מיט דיאַבּאלינאן.

— דאס וואר אנ׳אינטערעסאנטע בעגעגניס! — האב איך געזאגט — און איך בין זיא נייגיעריג צו הערען.

— דאס וועל איך דיר אללעס ערצעהלען — האט דיאַבּאלינא געענט־פערט — אריינקומענדיג איין מאל אין א רעסטאראן פון דער מיפלער קלאססע, האב איך געזעהן פיעלע מענשען ארום דיא טישלאך, אלע האבען געגעסען מיט גרויס אפעטיט און, ווייל איך האב גראדע דאמאלס איין קאפּיקע ניט געהאט און בין געווען זעהר הונגעריג, האב איך אנגעהויבען צו זינגען איינע פון דיא ליע־דער, וואס דיא מוטער מאַזשאַר האט מיך אמאל אויסגעלערענט.

פּכוצלינג איז א יונגער מאן, וועלכער איז מיט א פרוי געזעסען נעבען א טישעל, אויפגעשפּרונגען אין האט, אוים פערזעהן, ארונטערגעווארפען פון טיש דאס גאנצע געשיר, וואס דארט איז געשטאנען. אלעמענס אויגען האבען זיך געווענדעט צו יענעם טישעל. דער יונגער מאן האט אבער גאר ניט געפיהלט, וואס ער האט דא אנגעמאכט. ער איז צוגעלאָפען צו מיר און, פאלענדיג מיר אום דעם האלז, האט ער א געשרייא געטאהן:

— דיאַבּאָלינא!

אנפאנגס בין איך אזוי צודולט און ערשראָקען געווארען, דאס איך האב פאר זיך קיין זאך געזעהן, נור באלד האב איך ערקאנט קוראָפּאטניקען. דיא גיטארע איז פון מיין האנד ארויסגעפאלען און איך האב וויינענד, איהם אומגע־ארמט און צוגעדריקט צו מיין ברוסט. זיין ווייב איז צו אונז צוגעלאפען און האט שטרענג געפרעגט: — וואס זאל דאס בעדייטען? ער האט איהר געענטפערט, אז איך בין זיינע א שוועסטער, וועלכע ער׳ האט שוין לאנג ניט געזעהן. זיא האט דאס געגלויבט און האט מיך אין איהר הויז אריינגענומען און נאך אין דעם זעל־

בען טאג איז קוראַפּאטניק מיט מיר פון איהר הויז אנטלאָפען און מיר האבען זיך בעזעטצט אין איינע פון די זייטינע גאסען.

קוראפּאטניק האט אנגעהויבען צו ארבייטען, אום מיך צו ערנעהרען און האט זא עהרליך און אנש-ענדיג געארבייט, דאס אלע וואס האבען איהם גע-קאנט, האבען זיך געבענשט מיט איהן.

אבער בלויס איין יאהר זיינען מיר געוועזען צוזאמען, דען דער פריעדען איז צווישען אונז דורך לייכטע קאפּריזען צושטערט געווארען.

— וואס שעהמסט דוא זיך? — האט קוראפּאטניק אויסגערופען — זאג דיא וואהרהייט, אז איך האב דיך זא שלעכט בעהאנדעלט, דאס דוא האסט גע-מוזט פון מיר אנטלויפען.

— וויא דיא זאך איז — האט דיאבאָלינא געענטפערט — איך בין פון איהם אנטלאפען געווארען און האב אנגעהויבען אבערמאלס זינגען און שפּיעלען אין דיא קאפע הייזער און רעסטאראנען

עס האט זיך איין מאל געמאכט, דאס אנ'אלטער, בעריהמטער אקטיאָר, וועלכער האט זיך שוין פון דער ביהנע ענטזאגט, האט מיך געהערט זינגען און ער האט מיך איינגעלאדען צו זיך אהיים. ער האט מיר געזאגט, דאס ער האט אין מיר אנערקאנט א מערקווירדיגען טאלאנט צו דער קונסט און האט מיר פאָר-געליינט דעם פּלאן, איך זאל יעדען טאג צו איהם קומען און ער וועט מיך לער-נען, וויא זיך צו בענעהמען אויף דער ביהנע און וויא צו שפּיעלען.

מיט דער גרעסטער פריידע האב איך דאצו איינגעווילינט און איך האב ביי דיעזען ארטיסט אנגעהויבען לעקציאנען צו נעהמען, אבער צוליעב דעם האב איך פערנאכלעסיגט מיין פרנסה און בין דארום אין א האלב יאהר ארום גע-צוואונגען געוועזען אנצונעהמען א שטעלע אין א פּראָווינציאלנעם טהעאטער. אונ-זער טרופּפּע פלעגט איממער ארומפאָהרען איבער דיא קליינע שטעדטלעך, געבען פארשטעלונגען. ענדליך אבער האט זיך אונזער טרופּפּע א גרויסען נאמען ער-ווארבען און דער דירעקטאר האט בעשלאָססען, מיט אונז אריינצופאהרען אין פּעטערסבורג. דאס איז מיין גאנצע געשיכטע.

— וואס זשע האסט דוא, ליעבער קוראַפּאטניק, געטאהן אלס דיאבאלינא איז פון דיר אנטלאפען? — האב איך געפרעגט קוראַפּאטניקען.

— איך בין שיער פעררי̇קט געווארען אויס גראססע שמערצען — האט קוראפּאטניק געענטפערט — איך האב אויפגעהערט צו ארבייטען און האב געזוכט

א גרינג לעבען און אזא לעבען האב איך נעפונען, דען איך האב זיך אין א שעה־נעם טאג בענגענט מיט דעם ווינדהונד און....

— ער האט דיך דערקאנט ? — האב איך איהם אין מיטען דער ערצעה־לונג איבערגעשלאגען.

— ניין. אבער איך האב איהם גלייך ערקאנט און האב געמיינט, אז נור זיין שאָטען געהט דאס ארום, אבער באלד האט זיך ארויסגעוויעזען, אז דאס איז טאַקי ער אליין. איך האב מיך איהם צו ערקאנען געגעבען. אנפאנגס האט ער מיך געפלוכט און געזידעלט, דערפאר וואס איך האב איהם אמאל געוואלט פער־ברענען, ענדליך אבער האט ער מיט מיר פריעדען געשלאָססען און ער האט מיר ערצעהלט, אז דיא מוטער מאַזשאַר איז אין יענעם פייער אויף קויל פערברענט געווארען און ער האט זיך דורך גרויס מיהע גערעטעט און האט אכט מאנאטען אָבגעקריינקט אין א האָספיטאל, ביז מען האט זיין פערברענטע לייב געזונד גע־מאכט.

— אבוואהל איך האב אויף דיר בעדארפט זיין אין כעס - האט דער ווינדהונד זיין ערצעהלונג געענדיגט — דען דורך דיר האב איך אזוי פיעל יסורים געהאט און בין שיער געשטארבען, פון דעסטוועגען וויל איך אלעס פערגעסען, ווייל איך ערקאן אן דיר, אז דוא ביזט א יונג מיטביינער און מען קען דורך דיר פיעל געלד פערדיענען. ווילסט דוא רייך ווערען ?

— יאָ — האב איך געענטפערט.

— און דאס קענסט דוא זעהר לייכט ווערען, ווען דוא וועסט מיר נור גע־הארזאם זיין. מיין יעצטיגע בעשעפטיגונג בעשטעהט אין דעם, וואס איך פער־לייהע געלד צו פערשווענדערישע גראפען און אזוי רייכע לייטע, אויף זעהר גרוי־סע פראצענטע. בעזאנדערס לייה איך געלד צו אזעלכע וואס ערווארטען גרייסע ירושות פון עלטערען אדער פון פעטערס. איך מוז האבען א העלפער, וואס זאל זיין א גרויסער העלד און נאך א גרעסערער עזות פנים, און אזא שטעלע פאסט ך זעהר פאר דיר.

— וואס האב איך צו טאהן ? — האב איך געפרעגט.

— דוא דארפסט נור זוכען פאר מיר קונדען, און ווען איינער פון מיינע קונדען וועט זיך פוילען צו בעצאהלען, זאלסט דוא איהם נאכגעהן אויף טריט און שריט און זאלסט ביי איהם אין מיין נאממען מאנען דאס געלד, וואס מיר קומט פון איהם. דיא לייטע שעהמען זיך זעהר פאר פרעמדע מענשען און דורך דיין

פרעכהייט און געשיקטקייט וועלען זיי זיין געצוואונגען, מיר ביז איין פפעניג צו בעצאהלען.

איך האב איינגעווילינט צו דיעזען געשעפט און נאך אין דעם זעלבען טאג האט איך אנגעהויבען צו ארבייטען.

דער ווינדהונד האט מיר ערצעהלט, אז א געוויסער מאקין האט ביי איהם געליהען צעהן טויזענד רובעל און האט איהם ארויסגעגעבען וועקסלען אויף דריי־סיג טויזענד און איז או ויסגעפאהרען אין לאָנדאן, דארום האט ער מיר געהייסען איך זאל אהין פאהרען, ביי איהם מאנען דאס געלד און ווען איך וועל דאס בייא איהם איינמאנען, וועל איך בעקומען א דריטעל פון דער סוממע איך האב אזוי געטאהן, בין נאך לאָנדאן געפאהרען און בין דעם מארקיז נאכגעגאנגען אין אלע עפענט־ליכע הייזער און האב געטריען, פאר וואס ניט ער מיר מיין געלד ניט אב־ איך האב איהם אזוי דערגאנגען צום הארצען, דאס ער האט מיר דאס גאנצעס געלד אבגעצאהלט און מיר איז מיט איין מאל צעהן טויזענד רובעל אריינגעפא־ פאלען. איך האב מיך באלד בעזעטצט אין איינעם פון דיא רייכסטע האָטעלען. האב זיך א נאמען געגעבען קאפיטאן און האב אלעמען ערצעהלט, אז איך בין א גראף און האב אזוי לאנג אויף דער ברויטער פוס געלעבט, ביז איך בין גע־ בליעבען אהן איין קאָפיקע געלד. קיינע נייע פערדיענסטע זיינען מיר ניט צוגע־ קומען דארום וואר איך געצוואונגען, זיך איבערצוציהען אויף אנ׳אנדער קוואר־ טיר און נאכהער ווייטער אויף אנ׳אנדערער, ביז איך האב אנגעהויבען ווייטער צו פערדיענען און איך בעזיטץ יעצט א סוממע פון פינף טויזענד רובעל, ווייבע איך בין פערטיג צווישען אונז דרייען צו צערטהיילען.

— איך דאנק דיר פאר דיין גוט הערץ — האב איך מיך אנגערופען — מיר פעהלט יעצט גאר ניט, און דארום וויל איך פון דיר גאר נישט אננעהמען.

— יעצט ערצעהל אונז דוא, יאזעפוס, וואס מיט דיר האט פאססירט פון דער צייט וואס מיר האבען זיך צושיידעט און וואס טוהסט דוא יעצט? — האט דיאבאלינא געפרעגט

איך האב זיי ערצעהלט מיין גאנצע געשיכטע פון אנפאנג ביז דער געגענווער־ טיגער מינוט און האב זאגאר מיין גרויסע ליעבע צו רעגינא; פון זיי ניט פערבאָרגען. אלס איך האב ענדליך ערצעהלט, אז איך בין יעצט ביי צוויא העררען, וואס איינער פון זיי הייסט גראף קאָנטוזאוו, האבען ביידע צו גלייך אויסגערופען:

— איהם קאנען מיר.

— בעזאנדערס קאן איך איהם — האט קוראפאטנק געזאגט — דען ער

איז איינער פון דעםווינדהונדס בעססטע קונדען. נוא, און׳ער שרכנט זיך צו דער שעהנער רעגינאן ? ער דענקט זיא צו הייראטהען ? ניין, דאס וועל איך ניט ערלויבען !

— דוא וועסט ניט ערלויבען ? — האב איך ערשטוינט געפרעגט.

— יא, איך וועל דאס ניט ערלויבען !

— וואס דענקסט דוא דען צו טאהן ?

— דאס קען איך דיר פארלויפיג ניט זאגען, אבער דוא וועסט זעהן, אז איך וועל ווארט האלטען.

— זאג מיר נור, קוראפאטניק, מיר שיינט, אז דוא ביזט א שטארקער מחותן מיט דעם הינקעדיגען בעטלער, מיט וועלכען דוא ביזט אמאל ארומגעגאנ־גען בעטלען און וועלכער האט דיך געשאסען אין פוס.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס ?

— איך האב געהערט, וויא ער האט איינינע מאל דיין נאמען דערמאנט.

— יא, איך בין מיט איהם בעקאנט, דען ער איז אויך איינער פון דעם ווינדהונדס מענשען.

— און דוא קענסט גלייכגילטיג מיט איהם ריידען ?

— מען מוז אלעס קענען, מיין פריינד. אבער דוא דארפסט וויססען, אז אין דער פריינדשאפט וואס איך וועיז צו איהם, ליעגט פערשטעקט א געהיימניס, וועלכע דוא וועסט שפעטער ערפאהרען. נור מיר האבען זיך צופיעל פעררעדט אין זייטינע זאכען. איך האב מיך דערמאנט. אז איך בין טויט הונגעריג. וואהר־שיינליך זייט איהר ביידע אויך אזוי הונגעריג וייא איך. לאמיר זיך ושע זעטצען ביים טיש און עפעס עסען. איך האב גראדע א פרעכטיגען אבענדבראדט אין מיין קווארטיר.

ער איז צוגעלאפען צו א שראנק, האט ארויסגענומען פערשיעדענע לאקאמע שפייזען, אויך וויין און שנאפס, און האט דאס אלעס געשטעלט אויפ׳ן טיש. מיר האבען זיך געזעטצט און האבען זיך אונטערהאלטען, ביז דער זיינער האט געשלאגען אכט דעם מארגענס.

קוראפאטניק האט מיך געוואלט פערהאלטען, איך זאל בלייבען מיט איהם צוזאממען. איך האב מיך אבער דערפון ענטזאגט, ווייל איך האב געוואלט אויף מיין שטעללע פערבלייבען אויס צווייא אורזאכען : ערשטענס איך זאל קענען צעררייסען דעם בונד צווישען רעגינאן און דעם שארלאטאן ראבערט קאנטוזאוו,

(S. M., 17).

צווייטענס האב איך געוואלט דיאבאָלינאָן א טובה טאהן דורך דעם פּאָעט מארק. איך האב געוואלט ביי איהם בעטען, ער זאל אויסווירקען ביי איינינע פון זיינע בעקאַנטע רעדאקטערע, זיי זאלען וועגען דיאבאָלינאָן אין זייערע צייטונגנען שריי־בען, אום זיא בעריהמט צו מאכען און זיא זאל האבען דיא מעגליכקייט אריינ־צוטרעטען אין איינעם פון דיא גרויסע טהעאַטערע, דארום האב איך אבשיעד גענומען פון מיינע ביידע פריינדע און בין אוועקגעלאָפען אהיים.

## לג.

## א וויכטיגע געהיימנים.

איך האב זיך פארגעשטעלט, אז מיינע ביידע הערנען וועלען אויף מיר שטארק אין כעס זיין, דערפאר וואס איך בין א גאנצע נאכט אין דערהיים ניט געוועזן און האב דארום שוין בעקלערט א גאנצען פּאבעל, וואס זיי וועגען דעם צו ערצעהלען.

אלס איך בין אהיים געקומען, האב איך געטראָפען מארקען פּערפּאקענדיג זיינע זאכען אין א ט׳שעמאדאן.

— ענטשולדיגט מיר, ליעבער הערר, האב איך געזאגט — וואס איך בין דיעזע נאכט צו הויזע ניט געוועזן. איך האב מיך בעגעגעט מיט יונגענדפריינדע, וועלכע האבען מיך ניט אבגעלאזט און איך האב געמוזט מיט זיי פערברייננען, ביז עס איז זעהר שפעט געווארען.

— דוא דארפסט מיך אום ענטשולדיגונג ניט בעטען — האט מיר מארק פריינדליך געענטפערט — דען איך בין שוין דיינער קיין בעל הבית מעהר. איך פאָהר באלד אוועק פון דאנען.

— וואוהין? — האב איך געפרעגט.

— צו מיינע עלטערן נאך אדעססא.

— נוא, און דער גראף האָנטוזאוו?

— האָלע איהם דער טייפעל! — האט ער צאָרניג געענטפערט — איך וויל איהם טעהר ניט קאָנען.

— איהר האט זיך מיט איהם צוקריעגט?

— יא, אבער ליעבער יאזעפּוס, דיר קומט דאך פון מיר פינף און צוואנציג רובעל. נא דיר א קוויטעלע צו מיינעם א פריינד, וועלכער וואהנט אין 50 קאַ־נאטנאיא אוליצא און ער וועט דיר דעם חוב בעצאהלען.

— איך דאנק אייך, ליעבער הערר.

— דוא דארפסט מיר ניט דיינקען, איך גיעב דיר אפּ דאס וויאס דיר קומט. אבער זאג מיר, יאזעפוס, וואס דענקסט דוא יעצט צו טאהן?

— איך וועל בעטען דעם גראף קאנטוזאוו, ער זאל מיך האלטען פאר זיין קאמערדינער.

— דוא זאלסט דאס ניט טאהן, יאזעפוס. אנטלויף פון דיעזען גראף, דען ער איז א פערדארבענער מענש.

— עס קען זיין, אז איהר האט רעכט, אבער איך האב קיין אנדער מיטעל, דען וואו וועל איך יעצט זוכען אנ׳אנדער שטעלע?

— טוא וויא דוא פערשטעהסט, נור געדענק, אז איך האב דיר אנדערש געראטהען.

מארק האט שוין געוואלט אוועקפאהרען, אלס איך האב איהם אבגעשטעלט מיט דיא ווארטען:

— איך האב צו אייך א ביטטע, גנעדיגער הערר.

— וואס פערלאנגסט דוא?

— איהר זייט געססטערען אבענדס געוועזען אין טהעאטער, איהר האט געזעהן דיא שאנדע, וואס א פערפלוכטער מענש האט פעראורזאכט דער אונשולדיגער דיאבאלינאן?

— יא, איך האב געזעהן. ער איז א פערדאמטער קערל, און מיך פרייעט זעהר, וואס עס האט זיך געפונען א בראווער מאן, וועלכער האט דעם פערפלוכטען הונד דאפיר בעצאהלט.

— דיעזע אקטריסע איז מיינע א בעקאנטע — האב איך געזאגט — זיא איז מיינע א יונגענדפריינדין. אז זיא האט טאלאנט, פערשטעהט איהר דאך פיעל בעסער אלס איך.

— יא, זיא איז פול מיט טאלענט, פון איהר וועט אויסוואקסען א זעלטענע קינסטלערין.

— דאס איז אבער נור דאן מעגליך, ווען מען זאל איהר אין דעם בעהילפיג זיין און איהר, גנעדיגער הערר, קענט איהר צו איהר גליל פיהרען.

— וואס קען איך דען טאהן?

— איהר דארפט נור מאכען, דיא צייטונגען זאלען פון איהר ריידען, דאן וועט זיך געוויס געפינען אזא טהעאטערדירעקטאר, וואס וועט זיא אנאנזשירען און זיא וועט דאן האבען דיא מעגליכקייט איהר טאלענט צו ענטוויקלען.

— דוא האסט רעכט, יאזעפוס — האט מארק נאכדענקענד געענטפערט. דאס איז ווירקליך דער איינציגער וועג, דורך וועלכען זיא קען צו איהר גליק קו־מען. איך פערשפרעכע דיר צו טאהן אלעס, וואס עס ליגט נור אין מיינע קרעפ־טע. איך וועל מאכען, אז אלע בלעטער וועלען פון איהר ריידען וויא פון א וואונ־דערקינד, אויף דעם האסט דוא מיין עהרענוואָרט.

מארק איז אוועקגעפאָהרען און איך האב געוואַרט, ביז ראָבערט איז פון דער נאַס אהיים געקומען. ער האט אויסגעזעהן זעהר אויפגערעגט און, אלס ער האט מיך דא געטראָפען, האט ער געפרעגט:

— דוא ביזט נאָר ניט אוועקגעפאהרען צוזאממען מיט דיין געטרייען הערר מארק?

— ניין, מיין הערר — האב איך געענטפערט — איך האב מיט דעם הערר מארק קיין קאנטראקט געמאכט, איך זאל נור ביי איהם דיענען. ווען איהר וועט זא פריינדליך זיין און וועט מיך וועלען האלטען ביי זיך, אלס אייער קאמערדי־נער, וועל איך זעהר צופריעדען זיין, און איך קען אייך פערזיכערען, אז איך וועל אייך דיענען מיט לייב און זעלע.

— גוט איך בין צופריעדען — האט ער גוטמוטהיג געענטפערט — דוא געפעהלסט מיר פאר א ווייכען, טיכטיגען יונג אויב דוא ווילסט ביי מיר בלייבען, בעקומסט דוא צוואנציג רובעל א מאנהייט אויסער מתנות.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר, גנעדיגער הערר.

— אבער איין זאך מוז איך מיט דיר אויסריידען, יאָזעפוס. דוא זאלסט זיך ניט לערנען פון דיא איבעריגע קאמערדיענער, צו זיין א פלוידערזאק און אויס־צופלוידערן אלעס, וואס דוא וועסט הערען און זעהן. דוא דארפסט וויסען, אז מיט איין איבעריג ווארט קען מען אמאל א מענשען אין דעם גרעסטען אונגליק ווארפען.

— דאס וויים איך, גנעדיגער הערר, און איהר קענט זיך אויף מיר פער־לאזען, אז איך וועל מיין מונד אימּמער פערשלאָססען האלטען.

— איך גלויב דיר און איך פערלאָז מיך אויף דיין עהרענגעפיהל.

און איך בין געבליעבען ראָבערטס בעדיענטער.

אויף מארגען, אלס מיין ווירטה איז אויפגעשטאנען און איך האב איהם אריינגעטראגען א גלאָז קאפפע, האט ער צו מיר געזאגט:

— אָזעפוס, דוא זאלסט באלד מיינעם א בריעף בעזאָרגען, דאס הייסט,

דוא זאלסט איהם איבערגעבען א געוויסע פּערזאָן, אבער קיינער, בעהיטע גאט, זאל דאפון וויסען.

— פערלאָזט זיך אויף מיר, גראף, האב איך געענטפערט.

ער האט זיך געזעטצט ביים שרייב טיש און האט א לאַנגע צייט געשריע־בען, נאכהער האט ער דעם בריעף אין א קאנווערט אריינגעליינט, האט פון אוי־בען אנגעשריעבען דיא אַדרעססע און האט איהם מיר איבערגעגעבען.

— טראג אוועק דעם בריעף נאך דער אדרעססע, וואס עס שטעהט דא אויפ׳ן קאנווערט — האט ער צו מיר געזאגט.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וויא ערשטוינט איך בין געווארען, אלס איך האב דיא אדרעססע איבערגעלעזען און האב דערזעהן אויף איהם דעם נאמען דיאַבאָלינא.

— דער בריעף איז געשריעבען געווארען צו דיאַבאלינאן? — האב איך זיך געקלערט — וויא קומט ער צו איהר? וואס פאר געשעפטע האט ער מיט מיין יונגעדפריינדין? און פון וואנען וויים ער וואו זיא וואהנט?

אבער איך וועל דאס אלעס באַלד וויסען — האב איך צו זיך אליין געזאגט דיאַבאָלינאַ אליין וועט דאס מיר ערצעהלען.

איך בין מיט דעם בריעף אוועקגעלאפען צו דיאַבאלינאן. זיא איז געווע אויף איהר אלטער קווארטיר. זיא האט זיך מיט מיר זעהר ערפרייעט און, אלס איך האב איהר דעם בריעף איבערגעגעבען, האט זיא זיך שטארק פאנאנדערגע־לאַכט און האט געזאגט:

— איך האב יעצט מעהר אפּפּלאָדיסמענטע פערדיענט, אלס פאר מיין שפיעלען.

— ערקלער מיר, שוועסטער- וואס דוא מיינסט מיט דיא ווארטען — האב איך זיא געבעטען.

זיא האט מיר ערצעהלט, אז געסטערן איז דער גראף ראָבערט קאָנטוזאָוו אויך געווען אין דעם טהעאטער וואו זיא שפיעלט און ער האט איהר אפּפּלאָ־דירט מעהר פון אלעמען און נאך דער פארשטעלונג האט ער זיך מיט איהר גע־זעהן און האט זיך פאר איהר אין ליעבע ערקלערט. זיא פון איהר זייט האט גע־מאַכט אזא מינע, וויא זיא זאל זיין צופריעדען פון דייזער ליעבע, און ער איז אוועקגעגאנגען פון איהר העכסט צופריעדען און גליקליך.

זיא האט געעפענט דעם בריעף און מירביידע האבען איהם געלעזען, דאס וואר א ליעבעס בריעף. דער גראף האט דא פאר דיאַבאלינאן אפען ערקלערט,

אז אהן איהר איז זיין לעבען קיין לעבען ניט, אז זיא איז די״א איינציגע, וואס האט אין איהם דעם ריכטיגען פונק ליעבע אריינגעבלאָזען און אלע מענשענטעכטער האבען ביי איהם קיין ווערטה נעגען איהר און ער בעט זיא דארום, זיא זאל מיט איהם מיטלייד האבען און זאל נור זיינע, עוויג זיינע בלייבען.

— דאס איז פראַכטפאָל! — האב איך אויסגערופען — דיעזער בריעף קען מיר פיעלע נוטצען ברייננען!

— אויב ער קען דיר נוטצען ברייננען, קענסט דוא איהם צונעהמען — האט זיא נעזאגט.

— ניין, זאל ער בלייבען ביי דיר, ער וועט דיר געוויס נאָך אזעלכע בריעפע שיקען, זאלסט דוא זיי אלע בעהאלטען.

— איך וועל טאהן וויא דוא הייסט מיר, יאזעפוס. אבער גיעב מיר א ראטה, וואס פאר אנ׳ענטפער זאל איך איהם שרייבען?

— שרייב איהם, אז דוא ביזט צופריעדען פון זיין ליעבע בריעף. לייג אונטער האלץ צו דעם פלאקער, וואס פלאַקערט יעצט אין זיין ברוסט. איך דארף דאס אלץ זעהר נאטהווענדיג האבען.

דיאבאלינא האט זיך געזעטצט און האט אנגעשריעבען צו דעם גראף א בריעף וויא איך האב איהר געהייסען און, נאכדעם אז איך האב איהר הערצליך דאפיר בעדאנקט, בין איך אוועקגעלאָפען צוריק אהיים און האב ראָבערטן איהר בריעף איבעגעגעבע׳.

ער האט גשטאנצט אויס פריידע, אלס ער האט דעם אנווארט געלעזען. ער האט מיך פערשאָטען מיט קאמפלימענטע און האט מיר צונעזאגט די״א טהייער־סטע פרעזענטע. איך האב מיך געמאכט, וויא איך פרייע מיך הערענדיג זיינע זיסע ווארטען.

און עס האט זיך אנגעפאנגען א פייערדיגע קארעספאנדענציע צווישען דעם גראף און דיאבאלינאן. ער פלעגט איהר אויך שיקען טהייערע פריזענטע, וועלכע זיא פלעגט מיט פערגעניגען עמפפאנגען.

איין מאל, אלס איך בין אליין אין שטוב געזעססען, האט דער בריעפענטרעגער אריינגעטראגען א בריעף אויף ראָבערטס אדרעססע. איך האב באלד דערזעהן, אויף דעם קאנווערט א גרעפישע קראָנע און דעם נאמען מאווריקי קאנטוזאוו, און די״א אדרעסע איז געשריעבען געווארען מיט זעהר א שעהנע פרויענהאנדשריפט.

וויא דאס הערץ האט מיר געזאגט, אז דער בריעף איז פון רעגינאַן. איך בין זא נייגיעריג געוואָרען צו וויסען וואס זיא שרייבט צו ראָבערטען, דאס איך האב זיך בעשלאָסען דעם בריעף צו עפענען און זעהן וועגען וואס דארט שטעהט געשריעבען.

איך האב דעם קאָנווערט זא קונסטפאָל געעפענט, דאס איך האב זעהר לייכט געקענט אין איהם צוריק דעם בריעף ארייגלייגען, אהנע מען זאל דאס קע־נען בעמערקען.

דאס איז ווירקליך געווען פון מיין הערצענסגעליעבטע רעגינאַן. איך האב אין איהם געלעזען פאָלגענדעס:

„מיין טהייערער ראָבערט!

„דוא האָסט רעכט! עס מוז אנ׳ענדרע נעהמען. מיין פאטער וויל מיך צווינגען, איך זאל הייראטהען דעם גראף פעטער יאבלאָנסקי. ער וועט דאס אבער ניט אויספיהרען. איך מוז אלזאָ זיך בטשליסען דיינע צו ווערען, געגען מיין פאטערס ווילען. דוא האסט זעהר רעכט געהאט, מיין טהייערער, דאמיט וואס דוא האסט געזאגט, אז די ליעבע דארף קיין גראפען אלס ציינע. מיר קענען הייראטהען אין דער גענענוואָרט פון איינפאכע אבער עהרליכע לייט. אבער א פריעסטער מוז דאבייא זיין. איך וויל דאס אונזער בונד זאל זיין שטארק און בעשטעטיגט פון דער רעליגיאָן.

„איך וועל צו דיר מאָרגען אבענדס קומען, אלעס זאל ביי דיר פארבערייטעט זיין צו אונזער טרויאונג (חתונה), אבער דאס מוזט דוא מיר פערשפרעכען, דאס ווענינסטענסט איין מאנאט נאך אונזער האכצייט, זאל קיינער וויסען, אז מיר זיינען מאן און ווייב. איך האב דאבייא מיין ציעל.

„ערוואַרטע מיך מארגען אום אכט אוהר אבענדס אין דיין וואהנונג.

„איך פערבלייב דיין געטרייע, עוויג דיינע,

רעגינא“.

וויא א באָמבע פון א קאנאָנע האט מיך דיעזע נייעס צערשמעטטערט. רעגינא וועט מארגען אבענדס הייראטהען דעם אונמענשען ראָבערט. דער שאר־לאטאן, וואס שרייבט זאלכע ליעבע בריעף צו אנ׳אקטריסע און איז איינער פון דעם ווינדהונדס קונדען, ער וועט הייראטהען דער הייליגער רעגינאַן? ניין! דאס וועל איך ניט דערלאָזען. עס מעג זיין וואס עס וויל, איך מוז דיעזען בונד צער־רייסען.

אבער וואס קען איך דא טאהן ? וויא קען איך, אנ׳ארמער קאמערדינער, זיך אריינמישען אין אזעלכע זאכען ?

ביי מיר איז געווען א פּלאן, איך זאל לויפען צו רעגינאן און איהר צייגען דעם בריעף, וואס ראָבערט האט אריינגעשיקט צו דיאבאלינאן. איך האב מיך אבער בערכענט, אז דאדורך קען איך אין רעגינאס אויגען בעטראכט ווערען אלס פערליימדער און זיא וועט מיך פערארכטען.

נאך א לאנגעס נאכדענקען איז ביי מיר געבליעבען, איך זאל אריבערגעהן צו קוראפּאטניקען און איהם דאס ערצעהלען, ער וועט פיעלייכט אנ׳אנדער ראטה געפינען, וויא דיא מארגענדיגע חתונה צו צערשטערען.

איך האב אזוי געטאהן און בין צו קוראָפּאטניקען אוועקגעלאָפען. אלס איך האב איהם דיא געשיכטע ערצעהלט, האט ער אויסגערופען :

— בראוואָ ! דא וועט זיך אבשפּיעלען זעהר א שעהנע קאמעדיע !

— וואס פאר א קאמעדיע ?

— דוא האסט מיר געזאגט, אז רעגינא האט ראָבערטען געבעטען, ער זאל צונרייטען א פריעסטער מיט עטליכע מענשען, וואס זאלען זיין דאביי, ווען זייא וועלען הייראטהען.

— יא, אזוי האט זיא איהם געבעטען.

— גוט, איך וועל מאכען, אז איך און דער ווינדהונד און דער בעטלער זאלען זיין דיא לייטע, וואס מען דארף האבען צו דער התונה.

איך האב קוראפּאטניקען ערשטוינט אנגעקוקט.

— ו אס קוקסט דוא מיך אזוי פערוואונדערט אן ? — האט ער נעפרעגט. דוא פערשטעהסט גאר נ׳ט, וואס איך רייד צו דיר ?

— איך פערשטעה דיך ווירקליך ניט. וויא איז דאס מעגליך, דאס דוא מיט דעם ווינדהונד און מיט דעם הינקעדיגען בעטלער, זאלט זיין אזעלכע מחותנים אויף דער חתונה ?

— מיר איז א וואונדער, דוא זאכסט דאס ניט פערשטעהן. ווייסט דוא דען ניט, אז ראָבערט לייהט ביי דעם ווינדהונד געלד און איך בין דער מעקלער צווישען זיי ? ער האלט אונז ביידען פאר זיינע בעסטע פריינד, און איך פערזיכערע דיך נאך אמאל, אז איך וועל מאכען, מיר זאלען זיין אויף דער חתונה. נאך בעסער, איך וועל נאך אויספיהרען ביי איהם, אז דער ווינדהונד זאל זיך אלס פריעסטער פערקליידען און זאל בעטרעטען ביי דיעזער האכצייט דיא שטעלע פון א ווירקליבען פריעסטער.

— ערקלער דאך מיר דייטליך, גיעבער פריינד, וויא אזוי וועסט דוא דאס אלעס קענען אויספיהרען?

קוראפאטניק האט זיך פאנאנדערגעלאכט און האט געזאגט:

— דוא מוזט צו עהרליך זיין, מיין פריינד. דיר זיינען נאך אונבעקאנט דיא קונסטשטיקע פון אונזערע לייט, אבער דוא וועסט צו דער איבערצייגונג קומען, אז ביי מיר איז אלעס מעגליך. געה רוהיג אהיים און זיי זיכער, אז פון דעם שידוך וועט גאר נישט ווערען.

— איך זעה נאך אבער אלץ ניט: ווארום וועט פון דעם שידוך גאר נישט ווערען.

— מיט דעם זאלסט דוא זיך שוין פערלאזען אויף מיר — האט קוראפאט־ניק שמייכלענד געזאגט — מיר שיינט, אז דוא ווייסט שוין פון לאנג, אז אויף מיר קען מען זיך מיט אזעלכע געשעפטע פערלאזען.

איך בין פון איהם שטארק צופריעדען אוועקגעגאנגען. איך האב ווירקליך געוואוסט, אז פאר קוראפאטניקען איז קיין זאך שווער, דארום האב איך געגלויבט זיינע ווערטער, אבער איך בין זעהר נייגיעריג געווען צו וויסען, וואס אייגענטליך ער וועט אנווענדען דאצו, דער שידוך זאל צעררייסען ווערען.

קומענדיג אהיים, האב איך גלייך בעמערקט, אז מיין העדר ראבערט איז זעהר צוטראגען.

— יאזעפוס! — האט ער צו מיר געזאגט — מען מוז א שעהנערען אָרד־נונג מאַבען אין מיין קווארטיר, דען איך וועל דא מארגען ביי נאכט האבען גרוי־סע געסט.

— זעהר שעהן — האב איך געענטפערט — איך וועל אלעס אין דער בעסטער אָרדנונג בריינגען.

## לד.

## דיא צערשטערטע האכצייט.

אויף מארגען האב איך דעם גאנצען טאג געהאט זעהר פיעל ארבייט. איך האב געמוזט וואשען דיא פלאָרען פון אונזערע צימער, אויספוצען דאס מע־בעל וואס דא איז געשטאנען און איינקויפען פערשיעדענע וויינען, שנאפסען און צובייסעכצען.

מיין ווירטה איז דעם גאנצען טאג צו הויזע ניט געווען, ערשט פאר נאכט

איז ער געקומען און, אלס ער האט דערזעהן דיא אָרדנונג וואס איך האב גע־מאכט, האט ער מיט א צופריעדענעם שמייכעל אויסגערופען:

— אויסגעצייכענט! אלעס איז בעסער וויא געוואונשען. איך וועל דיך, ליעבער יאָזעפּוס, גליקליך מאכען, דען איך אליין נעה אייך צום גרעסטען גליק. ווייסט דוא, אז איך וועל הייטע אבענדס הייראטהען?

— ווירקליך? — האב איך וויא ערשטוינט געפרעגט

— יא, מיין פריינד, נאך דיעזען אבענד וועל איך הייראטהען זעהר א רייכע ברויט, וועלכע וועט מיר מיליאָנען אריינטראגען.

— איך ווינש אייך גליק, גנעדינער העררע, האב איך מיט א גוט געמאכטער מינע געזאגט. דארף מען פיעלייכט נאך עפּעס צוגרייטען?

— ניין, עס איז אלעס גענוג, נור איין זאך וויל איך דיך בעטען, ליעבער יאָזעפּוס.

— וואס פערלאנגט איהר, מיין העררע?

— צוליעב א געוויסער אורזאכע, מוז מיין האָכצייט אינ׳ם געהיים געפייערט ווערען, דארום זאלסט דוא פאר קיינעם ערצעהלען פון דעם וואס דא וועט פאר־קומען.

— וויא באלד איהר הייסט איך זאל שווייגען, קענט איהר זיכער זיין, אז איך וועל געוויס שווייגען.

אום זיעבען אוהר אבענדס זיינען צו אונז אנגעקומען געסט. א פּריעסטער, געקליידעט אין זיינע היילינע קליידער, אין וועלכע ער ריכט אב גאטעס דיענסט, און א מאנאשקע. פערשלייערט אין א שווארצען שלייער און צוויא פראַנטען, זעהר רייך געקליידעט, איינער וואר א יאהר 60 און דער צווייטער — א יונגער מאַן, פון אונגעפעהר 20 יאהר.

איך האב דיא געסט כאלד ערקאנט. דער פּריעסטער וואר מיין גוט בע־קאנטער ווינדהונד, דיא צוויא פראנטען ווארען דער הינקעדינער בעטלער און קוראָפּאטניק. נור ווער דיא מאָנאשקע איז געוועזן, האב איך ניט געוואוסט.

דער גראף האט זיי זעהר פריינדליך עמפּפאנגען. ער האט זיי אריינגע־פיהרט אין זיין צימער און האט זיך דארט מיט זיי א לאנגע צייט געסודעט.

— פּלוצלינג איז אנ׳עקיפּאזש צוגעפאהרען צו אונזער הויז. דער גראף האט ע׳הערענדיג דעם גערויש, אויסגערופען: דאס איז זיא! און איז שנעל ארויסגי׳לאָפען.

באלד איז ער צוריקגעקומען, גאערמט מיט א פערשלייערטער דאמע. אן איהר וואוקס און אן איהר האלטונג, האט איך באלד ערקאנט, אז דאס איז רענינא.

ער האט זיא אריינגעפיהרט אין דעם צימער, וואו דיא געסט זיינען געזעססען און איך האב געהערט וויא ער זאגט:

— היילינער פאטער און מיינע פריינדע! דא האב איך דיא עהרע פאר אייך פארצושטעלען מיין ליעבע ברויט, מיט וועלכער איך דארף דעם לעבענס-בריק דורכגעהן. מיר ווינשען ביידע, איהר זאלט אונז פערבינדען אויף אימער אונד עוויג.

— זעהר שיין, מיין קינד, האט דער פריעסטער געענטפערט — איך וועל אייך אינ'ם נאמען פון גאט פערבינדען און וועל אייך מיין זעגען געבען. זייט איהר צופריעדען, פריילין, דיא פרוי פון דעם גראף ראָבערט פאַן קאנטוזאוו צו ווערען?

— יא — האט רענינאס קלינגענדע שטימע געענטפערט.

— אלזא, הערר גראף, רייכט איבער אייער פערלאָבונגס-רינג צו אייער געעהרטע ברויט און אייער בונד איז פיר עוויג געשלאָססען.

— האלט! — האט קוראפאטניק א געשרייא געטאהן — דוא זאלסט ניט וואגען זיך צו פערבינדען מיט אזא פרויענצימער, וואָס דוא האָסט ניט דיא ווערטה זאָגאר איהר בעדיענטער צו זיין.

איך האב דורך דער שליסעללאָך אריינגעקוקט אין צימער און האב געזעהן וויא בלאַס און צושראָקען רענינא אין געשטאנען, ראָבערט איז אויך געוועזן שרעקליך בלאַס און חאט זיינע אויגען אויסגעגלאָצט אויף קוראָפאטניקען. אויך דער ווינדהונד און דער בעטלער זיינען שטעהן געבליעבען וויא פון דאָנער דערשלאגען און האבען ערצייטערט געקוקט אויף קוראָפאטניקען.

— וואס זאל דאס בעדייטען ראבערט? — האט רענינא ענדליך געשטאָמעלט.

— איך ווייס אויך ניט, וואס דיעזער מענש וויל — האט ער ערציטטערט געענטפערט.

— דוא ווייסט ווירקליך ניט, וואס איך וויל — האט קוראפאטניק א גע-שריי געטאהן — דוא האסט געמיינט, אז איך בין אזא שורקע וויא דוא און וויא דיא ביירע גנבים. אבער דוא האסט געהאט א גרויסען אירטהום- דאס איז וואהר, אז איך בין פערדארבען, אבער מיין פערדארבענהייט האט אין זיך דיא

מעלה, וואס זיא קען צו גרונדע ריכטען אלע דיא יענינע, וואס ווילען אונשולדינגע דינגע מענשען אין אונגליק ווארפען. פרייליין! איך בעשווער אייך ביי אלעם וואס ביי אייך איז הייליג און טהייער, איהר זאלט דיעזען שופט אייער האנד ניט רייכען, דען אן זיינע האלענען קענט איהר ערקאנען ווער ער אליין איז. ווילט איהר וויסען, ווער זיינע האעגען זיינען? שנעל, ווינדהונד, ווארף פון זיך אראפ דעם פריעסטערמאנטעל. נוא, גיכער, דען באלד צושפאלט איך דיר דיין פערפלוכטען קאפף!

— שא, שרייא ניט אזוי, איך וועל דעם מאנטעל אויסטאהן — האט דער ווינדהונד געענטפערט און האט פון זיך דעם פריעסטער מאנטעל אראפגעווארפען, און פאר רעגינאן אין יעצט געשטאנען א מאן, וואס אן זיין ווילדעס געזיכט האט מען לייכט געקענט ערקאנען, אז ער איז איינער פון דיא שרעקליכסטע באנדיטען.

— נוא, און דוא, בעטלער! — האט קוראפאטניק צו דעם אלטען בעטלער א געשרייא געטאהן — דוא ווארטסט אויך אויף דרך ארץ? דוא ווילסט, איך זאל דיינע אלטע ביינער צערשמעטערען? שטעל זיך שנעל פאר דיעזער פריילין און זאג איהר ווער דוא ביזט.

— אבער ליעבער קוראפאטניק, וויא קענסט דוא דאס פון מיר פערלאנגען? — האט זיך דער אלטער געבעטען.

— טוה וויא איך הייס! — האט קוראפאטניק געדאנערט.

— גנעדיגעס פריילין! — האט זיך יעצט דער בעטלער מיט א ציטערנדע שטיממע אנגערופען — איך בין א העלפער ביי דיעזען מאן, וועלכער איז א וואכערניק, א רויבער און א גנב, און איך העלף איהם אללע זיינע גנבות צו פערקויפען.

— מיין גאט! וואס הער איך? — האט רעגינא, ציטטערנד ביי אללע גליעדער, געשטאממעלט.

— הער איהם ניט, מיין לעבען — האט ראבערט געענטפערט — דיעזער מענש מוז זיין דער טייפעל אליין. איך האב איהם ביז יעצט גאר ניט געקאנט.

— דאס וויים איך — האט קוראפאטניק לאכענד געענטפערט — איך וויים, אז דוא האסט מיך ניט געקאנט. דוא האסט געמיינט, אז איך וועל פאר עטליכע רובעל פערקויפען מיין זעעלע און מיין געוויסען. יעצט זעהסט דוא, אז דוא האסט זיך אין מיר גענארט.

— שטיל, דוא פערפלוכטער הונד! — האט ראבערט וויטהענד א געשריי געטאהן — איך וועל דיך אין שטיקער צערייסען!

— אזוי? — האט קוראפאטניק געלאכט — דוא וועסט מיך אין שטיקער צערייסען? דוא, לומפּינער גראף? זעהסט דוא, וואס דאס איז?

ביי דיעזע ווארטען האט ער ארויסגענומען א רעוואלווער פון דער טאשע און האט איהם געציינט ראבערטען.

— פריף נור איין שריט צו מיר מאכען, וועל איך דיין ברוסט מיט דיעזען רעוואלווער דורכלעכערען.

— אבער וואס ווילסט דוא? — האט ראבערט יעצט שוין זאנפטער גע־פרעגט.

— איך וויל עפענען דיין כלה דיא אויגען, זיא זאל זעהן ווער דוא ביזט. גנעדיגעס פריילין! — האט ער געזאגט, זיך ווענדענד צו רעגינאן — אויב איהר ווילט וויסען וואס אייער חתן איז פאר א מענש, וויל איך דיא עהרע האבען אייך דאס צו זאגען. ער האט ביי דיעזען ווינדהונד געליהען געלד און האט איהם גע־צאהלט 75 פּראָצענט, און אלס ער האט ניט געהאט מיט וואס איהם צו בע-צאהלען, האט איהם דער ווינדהונד אין געפענגניס אריינגעזעטצט. ענדליך האט אייער ליעבער חתן איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז ווען ער וועט איהם פון גע-פענגניס ארויסנעהמען, וועט ער הייראטהען מיט אייך און מיט דאס געלד וואס ער וועט ביי אייך נעהמען, וועט ער אלע זיינע שולדען בעצאהלען. דער ווינד-הונד איז אויף דעם געשעפט איינגעגאנגען, אבער דאביי האט ער איהם איין בע־דינגונג געשטעלט, ער זאל מאכען איינינע פאלשע וועקסלען און זאל נאכמאכען אויף זיי דעם ווינדהונדס נאמען, אום ער זאל אימּמער זיין ביי דעם וואָכערניק אין דיא הענד. איהר פערשטעהט שוין, גנעדיגע פריילין, וואס פאר א העלד אייער ברויטיגאם איז? ער הייראטהעט אייך ניט מעהר, וויא צוליעב אייער געלד, אום ער זאל קענען זיינע חובות בעצאהלען.

— דאס איז פאלש! — האט ראָבערט א געשריי געטאהן — ליעבע רעגי־נא! דוא ווייסט זעהר גוט, וויא איך ליעבע דיך, אז פאר דיר בין איך פערטיג יעדע מינוט מיין לעבען אויפצואָפּפערען.

— אזוי זאגסט דוא? — האט קוראפאטניק געלאכט — נוא, וועל איך יעצט דיין כלה וויזען דיין טרייהייט צו איהר. — דיאבאלינא! — האט ער גע-זאגט צו דער מאַנאשקע — נעהם [illegible] ארונטער, דיין שלייער און בעוויז דיעזער

גנעדיגע פרייליין דיא בריעף, וואס איהר הייסליעבענדער ברוטיגאם האט דיר געשיקט.

אלס דיאבאלינא האט פון זיך דעם שלייער אראפגענומען, איז ראָבערט זא ערציטטערט געווארען, דאס ער איז שיער אומגעפאלען פאר שרעק און ער האט א געשריי געטאהן:

— דאס זיינען קיינע מענשען, זאנדערן טייפלען!

דיאבאלינא איז צוגעגאנגען צו רעגינאן און האט איהר אהנע ווערטער איבערגעגעבען א פעקעלע בריעפע

רעגינא האט איינעם פון דיא בריעפע צוגענומען, האט איהם אויפגעעפענט און האט איהם דורכגעלעזען. אלע פארבען האבען זיך אין איהר געזיכט געביטען און, איבערגעבענד דעם בריעף צוריק צו דיאבאלינאן, האט זיא געזאגט:

— איך דאנק אייך פון טיפען הערצען. איהר האט מיין עהרע גערעטעט.

נאכהער האט זיא זיך געווענדעט צו ראבערטען און האט העכסט צארניג אויסגערופען:

— אזוי גאר? דוא האסט מיך געוואלט זא בעשווינדלען צוליעב מיין געלד? דאס זאל דיר ניט געשענקט ווערען.

— און דוא דיינקסט צו הייראטהען אנ'אנדערען?—האט ראָבערט העכסט צאָרניג אויסגערופען — ניין, רעגינא, דאס זאלסט דוא זיך ניט איינריידען. דוא מוזט מיינע בלייבען, זאנסט וועט דיא גאנצע וועלט קלינגען מיט דעם נייעס, אז דוא ביזט געקומען צו מיר אהיים, מיינע א געליעבטע צו ווערען, און מען וועט פון דיר דאס זעלבע ריידען, וואס מען האט גערעדט פון דיין מאמען....

מיט דיזע לעצטע ווארטען האט דער אונמענש אנגעריהרט אין רעגינאס הערצען אזא סטרונע, דאס זיא איז פון איהר ארט אויפגעשפרונגען, איז צו איהם צוגעלאָפען און האט איהם אראפגעלאָזט אזא קרעפטיגען פאטש, דאס ער איז פערטומעלט געווארען.

ער האט זיך געוואלט צו איהר א לאָז טאהן, אבער קוראָפאטניק האט איהם מיט זיינע אייזערנע הענד אבגעהאלטען.

וויא א ווילדעס טהיר האט ער זיך גענומען רייסען פון קוראפאטניק'ס הענד און, ווער ווייס צו וואס פאר א סקאנדאל עס וואלט געקומען, ווען אין דער מינוט זאל מען ניט געווען אנהויבען צו קלאפען אין דער טיהר און א שטארקע שטימע האט אויסגערופען:

— אין נאמען פון'ם געריכט, בעפעהלע איך, מען זאל באלד עפענען דיא טיהרען.

אלע וואס זיינען דא געווען, זיינען ערציטטערט שטעהן געבליעבען, איך בין ארייננעלאפען אין יענעם ציממער, האב געשווינד פערלאשען דיא לאמפען, וואס האבען דא געברענט און, ערגרייפענד רעגינאן ביי דער האנד, האב איך געזאגט:

— קומט מיט מיר, גנעדינע פריילין, איך וועל אייך רעטען פון שאנדע, אויף איהר, דיאבאלינא און סוראפאטניק, קומט מיט אונז.

איך האב אויפגעריסען א פענסטער און בין ארויסגעשפרונגען, האלטענדיג רעגינאן אויף דיא הענד, אין דעם גארטען וואס איז הינטער דעם הויז געווען, דיאבאלינא מיט קוראפאטניקען זיינען אונז נאכגעשפרונגען, וועהרענד ראבערט, דער ווינדהונד און דער בעטלער זיינען ארייננעלאפען אין דעם דריטען ציממער, ניט וויסענדיג וואהין זיי לויפען.

— וואו שטעהט אייער עקיפאזש, גנעדיגע גרעפין? — האב איך רעגינאן געפרעגט.

— אין דער קליינער געסעל, וואס איז ביי דעם צווייטען קווארטאל פון דיעזער שטראססע — האט זיא געשטאממעלט.

— גוט, איך וועל אייך אהין צופיהרען און וועל צוזאמען מיט אייך נאך אייער הויז פאהרען, אום איהר זאלט אהנע הינדערניססע אהיים קומען.

— א, איך דאנק אייך. גוטער מענש! — האט זיא געענטפערט — איך וועל דאס אייך קיינמאל פערגעסען.

— זאלען מיר אייך בענלייטען? — האט קוראפאטניק געפרעגט.

— ניין, מען דארף ניט — האב איך געענטפערט — קומט, איך וועל אייך אלעמען אוועקפיהרען דורך א זייטיגער טיהר פון גארטען און דוא מיט דיאבא־זאלסט וואס שנעלער פון דאנען אנטלויפען. איך וועל שוין אליין דער גרעפין אהיים אבפיהרען.

איך האב זיי אלעמען ארויסגעפיהרט פון גארטען, דיאבאלינא מיט קורא־פאטניקען זיינען שנעל אוועקגעלאפען און איך האב, ערגרייפענד רעגינאן פאר דער האנד, זיא געפיהרט צו דער גאס, וואו איהר עקיפאזש האט אויף איהר געווארט.

איך האב בעמערקט, אז זיא קען אויף דיא פיס ניט שטעהן אויס אויפרע־גונג און האט ביי יעדען שריט זא געוואנקט, דאס זיא איז שיער אומגעפאלען.

— ערלויבט מיר, גרעפין, אייך צו אייער עקיפּאזש צו צוטראגען — האב איך געזאגט — איך פערשטעה, אז אייך איז דאס געהן זעהר שווער.

— טוהט מיט מיר וואס איהר ווילט — האט זיא פערצווייפעלט געענט־פערט — דען איך פיהל, אז מיינע קרעפטע האבען מיך פערלאסען און איך בין ווירקליך אונפעהיג צו געהן.

איך האב זיא אויף מיינע הענד גענומען און האב זיא צוגעטראגען צו איהר עקיפּאזש.

זייט איך וועל לעבען, וועל איך ניט פערגעסען דעם פערגעניגען וואס איך האב געהאט, טראגענדיג דיעזע זיססע לאסט. אך, ווען איך זאל זיא זא קענען טראגען מיין גאנץ לעבען! — האב איך זיך געקלערט.

איך האב שנעל אויפגעעפענט דאס טיהרעל פון דעם עקיפּאזש און האב זיא אהין אריינגעזעטצט.

— איז דער עקיפּאזש אייער אייגענער? — האב איך געפרעגט.

— ניין — האט זיא געענטפערט.

— דארף ער וויססען, וואהין אייך צו פיהרען?

— ניין.

— וואהין זשע זאל איך איהם הייסען פאהרען?

— אויף ניעווסקי, נעבען דער קירכע סט. מאגדאלינא.

— גוט! — האב איך געענטפערט און האב א געשרייא געטאהן צום קו־טשער, ער זאל פאהרען צו דער קירכע סט. מאגדאלינא.

איך בין צוריק ארויסגעשפרונגען פון דעם עקיפּאזש און האב מיך גע־שטעלט פון הינטען, אויף דעם פּלאטץ וואו דער לאקיי דארף שטעהן.

אלס דער עקיפּאזש האט זיך געריהרט פון ארט, האט יוּיף פּלוצלינג יע־מאנד ערגריפען פאר דעם קארק און האט מיך פון מיין ארט ארונטערגעשלעפּט מיט א ווילדען געשרייא:

— יעצט וועל איך פון דיר ראכע נעהמען, פערפלוכטער הונד!

איך האב מיך אומגעדרעהט און האב דערזעהן מיין הערךן, דעם גראף רא־בערט קאנטוזאוו.

— וואס ווילט איהר פון מיר, גראף? — האב איך געפרעגט.

— דאס ביזט דוא, יאזעפוס? — האט ער ערשטוינט אויסגערופען — אזוי נאר? דוא ביזט אויך געוועזען צווישען דער חברה, וואס האבען געגען מיר א קאמפּלאט געמאכט?

— יא, איך לייקנע מיך גאר ניט — האב איך געענטפערט — איך בין געוועזן דער ערשטער, וואס האט געגען דיעזער הייראטה פראָטעסטירט, ווייל איהר זייט ניט ווערטה דער הייליגער רעגינאַן צו בעזיטצען.

— און דוא וואגסט דאס צו זאגאן? — האט ער צאָרניג אויסגערופען — נוא, אויב אזוי, וועסט דוא לעבענדיג פון מיינע הענד ניט ארויסקומען.

ער האט ביי דיעזע ווארטען מיך אנגעחאפּט ביי דעם גאָרגעל און האט מיך אנגעהויבען זא צו שטיקען, דאס איך בין אהן אנ'אטהעם געבליעבען.

איך האב מיך אבער פון זיינע הענד אויסגעריסען און האב געוואלט אניאָגען דעם עקיפּאזש, אין וועלכען רעגינא איז אוועקגעפאהרען, אבער אין דער מינוט האט א קראך געטאהן א שאָס פון א רעוואלווער. מיר איז זעהר הייס געווארען אין קאָפּף, איך האב געפיהלט וויא אהין איז עפּעס אריינגעפלויגען און איך בין אהנמעכטיג געפאלען צו דער ערד.

אלס איך האב דיא אויגען געעפענט, האב איך דערזעהן, אז איך ליעג אין א האָספּיטאל און נעבען מיר שטעהט א דאקטאר.

— וואו בין איך? — האב איך געפרעגט.

— דוא ביזט אין א האָספּיטאל — האט דער דאקטאר געענטפערט.

— וויא קום איך אהער?

— ווייסט דוא דען ניט, אז מען האט דיך געשאָסען?

— געשאָסען? ווער האט מיך געשאסען?

— דער מאַן, מיט וועלכען דוא האסט זיך געשלאָגען.

— מיט וועמען האב איך זיך געשלאָגען?

— האסט דוא אין גאנצען פערגעסען?

— איך ווייס פון קיין זאך ניט.

— האסט דוא זיך ניט געשלאָגען מיט דעם גראף ראָבערט קאָנטוזאָוו?

— ניין, — האב איך געענטפערט.

דער דאקטאר האט א קוועטש געטאהן מיט דיא אקסלען, וויא ער זאל זאגען: — דער יונגער מאַן איז ניט ביי זיין קלאָרען פערשטאנד.

איך האב מיך אבער באלד אנגעהויבען צו עראינערען אלעס וואס עס האט פּאססירט ביי דעם גראף ראָבערט אין קווארטיר. איך האב מיך דערמאָנט, אז אין דער מינוט וואס איך האב זיך געשטעלט פון הינטען אויף דעם עקיפּאזש, איי וועלכען רעגינא איז אוועקגעפאהרען, האט מיך ראָבערט ערגריפען פון הינטען און האט מיר ארונטערגעשלעפּט. ער האט מיך אנגעפאנגען שטיקען, איך

האב מיך פון זיינע הענד געריסען און פלוצלינג האב איך ערהערט א קראך פון א רעוואלווער, און וואס ווייטער איז געווען האב איך ניט געדענקט.

— אלזא, האט ראָבערט אין מיר געשאָסען — האב איך זיך נעקלערט — וואס זשע איז געווארען מיט רעגינאן ? איז זיא אוועקגעפאהרען ? איז זיא חאָטש בשלום געקומען אהיים ? ווייס מען דארטען ניט פון דעם סקאנדאל, וואס איז מיט איהר געוועזען ביי ראָבערטען אין הויז ? און וואס איז געווארען מיט דיאבא־לינאן און מיט קוראפּאַטניקען ? איז זיי געלונגען זיך ארויסצודרעהען פון דער פּאָליציי׳ס הענד ?

איך האב מיך דאן גאר פערגעסען, אז דיאבאלינא מיט קוראפּאַטניקען זיינען נאך מיר ארויסגעשפּרונגען פון דעם פענסטער און איך אליין האב זיי גע־הייסען אנטלויפען.

אלס דער דאקטאר איז צו מיר נאך אמאל צוגעגאנגען, האב איך איהם געפרעגט, וויא לאנג ליעג איך דא ?

— שוין פיער וואכען — האט ער געענטפערט.

— פיער וואכען ? — האב איך ערשטוינט אויסגערופען — גאנצע פיער וואכען ליעג איך אין האספיטאל ?

— יא דיא קוגעל האט אריינגעדרונגען זעהר אין א שלעכטען ארט און מיר האבען געהאט גרויס מיהע, ביז מען האט זיא ארויסגענומען. דוא ביזט דיא גאנ־צע צייט בעזינגונגסלאז געלעגען און ערשט היינטע ביזט דוא דאס ערשטע מאל צו זיך געקומען. פיעל ערגער פון דיר האט אבגעשניטען דער גראף ראָבערט. ער איז געשטאָרבען.

— געשטארבען ? ראבערט איז טויט ?

— יא.

— פון וואס איז ער גע׳שטאָרבען ?

— פון דעם שאָס.

— פון וועלכען שאָס ?

— נאכדעם, אלס ער האט אין דיר געשאסען, האט ער זיך אריינגעיאגט א קוגעל אין שטערען און איז געשטארבען.

— ווארום האט ער דאס געטאהן ?

— מען האט ערפאהרען, אז זיינע בעלי חובות האבען איהם געוואלט אין געפענגניס ווארפען, דארום האט ער ליעבערסט זיך זעלבסט דעם טויט געמאכט איידער אין געפענגניס אריינצופאלען.

אבוואהל איך האב בעדארפט צופריעדען זיין פון דעם וואס דיעזער שאר־לאטאן האט אזא שווארצען סוף געהאט, פון דעסטוועגען האט עס מיך געקריינקט, וואכ ער איז אזוי יונג געשטארבען, צוליעב דער שלעכטער ערציהונג וואס ער האט געהאט, און איך האב איהם הערצליך בעדויערט.

— האט דא מיך קיינער בעזוכט אין דער גאנצער צייט וואס איך ליעג אין האספיטאל? — האב איך געפרעגט דעם דאקטאר.

— קיין מענש — האט דער דאקטאר געענטפערט.

אלזא, איז דיאבאלינא מיט קוראפאטניקען ביי מיר צו בעזוך ניט געווען? וואס זאל דאס בעדייטען? ווייסען זיי גאר ניט, אז איך ליעג אין האספיטאל קראנק? אדער זיי וואר אונמעגליך צו קומען, ווייל זיי זיינען פערהאפטעט? און וואס איז מיט רעגינאן?

דיעזע פראגע האט מיך גאר ניט געלאזט רוהען. איך האב געברענט אויס נייגיערדע צו ערפאהרען וואס איז מיט איהר נאך יענעם סקאנדאל געווארען.

— וועל איך נאך לאנג דא מוזען ליעגען? — האב איך איין מאל געפרעגט דעם דאקטאר.

— געוויס נאך צווייא מאנאטען.

— צווייא מאנאטען? — האב איך ערציטטערט אויסגערופען — ווארום אזוי לאנג?

— ווייל דוא ביזט נאך גוט קראנק, דוא האסט אין קאפף א שרעקליכע וואונד, און עס דארף נעהמען פיעל צייט, ביז מען וועט זיא אויסקורירען.

איך האב מיך באלד איבערצייגט, אז דער דאקטאר האט רעכט, דען דיא וועהטאגען וואס איך האב געהאט פון דעם וואונד, וואס איז אין מיין קאפף געווען האבען מיר געוויזען, אז איך בין נאך זעהר קראנק און ניט אזוי גיך וועל איך פון מיין געלעגער קענען אויפשטעהן.

אך, וויא לאנג דיא טעג האבען זיך דאן אין מיינע אויגען געצויגען!

אך, ווען יעמאנד זאל מיר געווען דאן עטוואס זאגען וועגען רעגינאן, וויא גליקליך איך וואלט מיך געשעטצט און וויא דאנקבאר איך וואלט יענעם מענשען געווען!

דער געדאנק וועגען איהר, האט מיך ניט געלאזט רוהען. איך האב מיך געבעטען ביי דעם דאקטאר, ער זאל מיך לאזען פריי געהן. איך האב איהם גע־שווארען, אז איך בין שוין פאלקאמען געזונד, אבוואהל דער ווייטאג אין קאפף

איז נאך אכין געווען שטארק, אבער ער האט גאר מיינע ווערטער ניט געוואלט הערען.

ענדליך איז געקומען דער ערוואַרטעטער מאמענט, אין וועלכען מען האט מיך ערקלערט אלס פאַלקאָמען געהיילט. איך האב געמיינט, אז איך בין שוין פריי און וועל קענען געהן וואוהין איך וויל, אבער איך האב א גרויסען אירטהום געהאט. דען מען האט מיך געפיהרט צום סלעדראוואטעל, וועלכער האט מיך אנ־געהויבען אויסצופרעגען, ווארום דער גראף ראָבערט האט זיך מיט מיר געשלאָ־גען און פאר וואס ער האט אין מיר געשאָסען? און וואס דאמאלס האט פאס־סירט אין זיין קווארטיר?

איך האב איהם ערצעהלט, אז מיט עטליכע טעג פריהער, בעפאר ראָבערט האט אין מיר געשאָסען, האב איך אין איהם בעמערקט צייכענס פון וואהנזין און אין דער לעצטער נאכט איז ער אזוי פערריקט געווען, דאס ער האט זיך געוואלט שיסען, אבער איך האב פון איהם דעם רעוואָלווער ארויסגעהאפט און בין אנט־לאָפען געווארען, אבער ער האט זיך נאך מיר נאכגעיאגט, האט מיך געחאפט און, נאכדעם אז ער האט דעם רעוואָלווער פון מיין האנד ארויסגעריסען, האט ער אין מיר געשאָסען און וואס ווייטער איז געווען ווייס איך ניט.

דער סלעדראָוואטעל האט מיינע ווארטען געגלויבט און האט מיך פרייא־געלאזען.

וואהין זאל איך יעצט געהן? — האב איך זיך געקלערט. איך בין יעצט ווייטער אין דער זעלבער לאגע, אין וועלכער איך בין געווען, באלד וויא איך בין געקומען פון דעם דארף.

מיין ערשטער געדאנק ווער, צו ערפאהרען, וואס איז געווארען מיט רעגי־נאן, דארום האב איך זיך געלאזט געהן צו דעם גראף קאנטוזאווס הויז. איך האב געהאפט, אז דארט וועל איך ערפאהרען אלעס וואס איך וויל וויסען.

נאך א לאנגעם נאכדענקען האב איך זיך בעשלאסען ארייגצוגעהן צו רע־גינאן און איהר ערצעהלען, אז איך בין דאס געווען יענער יונגער מאן, וועלכער האט זיא אין יענער שרעקליכער נאכט פון ראבערטס הויז ארויסגעטראגען און האט זיא צו איהר עקיפאזש צוגעפיהרט. איך האב מיך פארגעשטעלט, אז זיא וועט זיך מיט מיר ערפרייען און וועט מיר דאנקען פאר דער הילף, וואס איך האב איהר דאמאלס געבראכט.

קומענדיג צו דעם גראפס הויז, האב איך אנגעקלונגען. דיא טיהר האט זיך געעפענט און איך האב אויך יעצט דערזעהן דעם מולאטע.

— ווערען דארפסט דוא ? — האט ער זעהר שטרענג געפרעגט.

— איך מוז שפרעכען מיט דער גנעדיגער גרעפין רעגינא.

— דיא גנעדיגע גרעפין וואהנט שוין ניט מהר דא — האט ער ספאטיש געענטפערט.

— וואו דען וואהנט זיא ?

— ביי איהר מאן.

— ביי איהר מאן ? — האב איך ווילד אויסגערופען.

— יא, ביי איהר מאן.

— האט ז.א דען געהייראטהעט ?

— זעלבסטפערשטענדליך, וויא באלד זיא האט א מאן, האט זיא וואהר־שיינליך געהייראטהעט.

— ווער איז איהר מאן ?

— וואצו ברויכסט דוא דאס צו וויסען ?

— ווייל איך מוז מיט איהר זעהר נאטהווענדיגעס ריידען.

— אלץ איינס ועפסט דוא זיא ניט קענען זעהן, ווייל זיא איז יעצט אין פעטערסבורג ניטא.

— וואו דען איז זיא ?

— זיא איז אוועקגעפאהרען מיט איהר מאן נאך אויסלאנד.

— קען איך וויסען וויא איהר מאן הייסט ?

— ער הייסט גראף סאלטיקאוו.

סאלטיקאוו ? — האב איך זיך געקלערט — דאס איז זעהר א בעקאנטער נאמען. וואו האב איך איהם געקענט הערען ?

איך האב מיך אבער באלד דערמאנט, אז איך האב איהם געהערט פון ראבערטען, אלס ער האט ערצעהלט פאר מארקען פון דיא חתנים וואס שדכע־נען זיך צו רעגינאן. מיר איז יעצט אויך איינגעפאלען דער געדאנק, אז דיעזער סאלטיקאוו איז קיין אנדערער וויא יענער יונגער מאן, וועלכער האט געשיכורט אין יענעם רעסטאראן, אין דער סאבאקאווסקאיא אוליצא.

איך בין ארויסגעגאנגען פון קאנטוזאווס הויז זא בעטריעבט, דאס איך האב פאר זיך דיא וועלט ניט געזעהן.

דער געדאנק, אז רעגינא איז שוין פערבונדען מיט אנ׳אנדערען און ווער ווייס אויב דיעזער אנדערער איז ניט יענער שיכור, פאר וועלכען זיא וועט איינע

פון דיא אונגליקליכסטע זיין, דיעזער געדאנק האט מיך זא בעטריעבט, דאס טרע־רען האבען זיך פון מיינע אויגען געגאָסען און איך האב א לאנגע צייט ארומ־געבלאנדזשעט איז דיא גאסען, ניט וויסענדיג וואחין איך געה.

ענדליך איז געווארען נאכט און איך האב מיך דערמאנט אז איך בין הונ־געריג און האב ניט וואו צו נעכטיגען.

נאך א לאנגעס נאכדענקען, איז ביי מיר געבליעבען, איך זאל מיך ווענדען צו דעם דאָקטאר פון דעם האָספיטאל, וואו איך בין געלעגען, דען איך האב איהם ערקאנט אלס גרויסען עדעלמאן און איך ווער פעסט איבערצייגט, אז ער וועט מיט מיר מיטלייד האבען.

איך בין געקומען צו זיין וואהנונג און האב איהם געטראָפען קומענדיג אין זיין עקיפאזש פון א קראנקען.

— דאס ביזט דוא, יונגער מאן ? — האט ער זעהר פריינדליך צו מיר גע־זאגט, אלס איך האב איהם בעגריסט — וויא קומסט דוא אהער אין אזא צייט?

— איך האב מיט אייך עפּעס געוואלט ריידען, הערר דאקטאר — האב איך געענטפערט.

— גוט, קום מיט מיר אריין אין מיין צימּמער.

ער האט מיך אין זיין צימּמער אריינגעפיהרט און איך האב איהם מיט טרע־רען אין דיא אויגען ערצעהלט מיין קריטישע לאגע, דאס איך האב ניט צו וואס זיך צו נעהמען און בין געצוואונגען צו הונגערען און שלאפען אין דרויסען.

— וואס האסט דוא געטאהן, בעפאָר דוא האסט אין האָספיטאל אריינ־געטראָטען ? — האט ער מיך געפרעגט.

— איך בין געוועזן א קאמערדינער ביי א גראף.

— ווילסט דוא אזא שטעלע יעצט אויך אננעהמען ?

— מיט פערגניגען וואלט איך אזא שטעלע אנגענומען, ווען יעמאנד זאל ז׳א מיר ווערלען געבען.

— גוט — האט דער דאקטאר נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט — איך וועל דיך פאר מיין קאמערדיענער מאכען, ווייל איך פערשטעה, אז דו ביזט א ב־אווער יונג. צו דיין גליק, פעהלט מיר גראדע יעצט אזא דיענער. אלזא, דוא בלייבסט אין מיין הויז.

# לה.

## א זעלטענער מענש.

דער דאקטאר קלעמענס (אזוי האט מיין נייער הערר געהייסען) וואר א מערקווירדיגער, זאנדערבארער מענש. ער וואר בעריהמט אלס איינער פון דיא גרעסטע ערצטע. אלע זיינע קליענטען האבען איהם פאסט פערגעטטערט, דען ער האט אונגלויבליכע קונסטשטיקע בעוויעזען אויף דעם מעריצינישען פעלד. אלע האבען געוואוסט, אז ער פערדיענט ניט וועניגער פון טויזענד רובעל א וואך, דען זיין פראקטיק וואר אונגעהייער גרויס און דיא גרעסטע פירסטען און גראפען האבען זיך נור מיט איהם בענוטצט ביי זייערע קראנקע. ער איז געגאנגען איינ־פאך, פאסט ארם געקליידעט, געוואהנט האט ער אין אנ'איינען הויז און, אב־וואהל ער האט פאר זיך געהאט פיעלע צוממער, האט ער זיך דאך בענוטצט ניט מעהר וויא מיט דרייא: א שלאף צוממער, אנ'עס־צוממער און דיא זאל, וואו ער האט זיינע פאציענטען עמפפאנגען.

מען האט אויסגערעכענט, אז דער מאן שפארט אב יעדעס יאהר פון זיין פראקטיק אליין 45 טויזענד רובעל, אויסער דאס פראצענט וואס ער האט פון זיין געלד און אויסער דיא איינקינפטע, וואס זיינע הייזער און גיטער טראגען איהם איין.

אלע האבען איהם געהאלטען פאר א שרעקליכען גייץ־האלז (קארגען), דען זאגאר זיין עססען וואר דאס איינפאכסטע, וואס קען נור געבען.

איך האב אבער אויף דעם אלעם ניט געקוקט, ווייל איך בין צופריעדען געוועזען דאמיט, וואס איך האב וואו צו זיין און וואס צו עססען. מיין הערר האט מיך זעהר פריינדליך בעהאנדעלט, ער פלעגט מיך זעהר אפט מיטנעהמען צו זיי־נע פאציענטען און דאן האב איך געמוזט זיטצען מיט איהם אין עקיפאזש, און ער פלעגט מיט מיר ריידען, וויא מיט זיינס א גלייכען.

מיר איז שטארק ניט געפעלען געווארען זיינע רייד ווענען דעם לאהן וואס ער פלעגט ערווארטען פון זיינע פאציענטען. ווען מען האט איהם גערופען צו א רייכען מאן, פלעגט ער צו מיר מונטער זאגען:

— דא וועט ארייניפאלען א היבשע סוממע!

מען האט איהם איין מאל גערופען צו א רייכען גראף, וועלכער האט פלוצ־לינג ערפיהלט א גרויסען ווייטאג אין בויך.

— בראוואָ! — האט ער צו מיר געזאגט, אלס דעם גראפס בעדיענטער

איז ארויסגעגאנגען — דאָ איז א פּלאַטץ צו נעהמען געלד וויפיעל דאס הערץ געלוסט. נעהם צונויף מיינע אינסטרומענטען און לאמיר פּאָזרען.

מיר האבען זיך ביידע ארייגנעזעטצט אין זיין עקיפּאַזש און זיינען אוועקגעפאָהרען צום גראף. קומענדיג אהין, האט מען איהם שוין מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערוואַרטעט. אלס דיא גרעפין האט איהם דערזעהן, האט זיא פאסט וויינענד אויסגערופען:

— אָ, הערר דאקטאר! האט מיטלייד, רעטעט מיין מאן, דען ער איז פערבייא.

— אויב איך וועל איהם נור קענען העלפען, וועל איך מיך דאפון ניט ענטזאגען — האט מיין הערר קאלט און זעהר אונפריינדליך געענטפערט — פיהרט מיך צום קראנקען.

ער האט צו מיר א ווינק געטאהן, איך זאל איהם נאכגעהן און דיא גרעפין האט אונז צו איהר קראנקען מאן אין צימער אריינגעפיהרט.

דער גראף וואַ־ א מאן פון א יאר פופציג. ער איז געלעגען, בלאס וויא דער טויט און האט שרעקליך געשריען, דען ער האט געפיהלט אן׳אונערטרעגליכען ווייטאג אין בויך. אלס ער האט דערזעהן דעם דאקטאר, האט ער קראמפּפהאפט א געשרייא געטאהן:

— שנעל, הערר דאקטאר, ברייננט מיר אייער הילף, דען איך פיהל, אז איך שטארב!

דער דאקטאר האט איהם בעטראכט, האט ארומגעטאפּט זיין בויך און האט ערקלערט, אז מען מוז אויגענבליקליך א״אפּעראַציאָן מאכען, דען א קישקע האט זיך פערדרעהט.

— אנ׳אפּעראציאָן? — האט דער קראנקער פערצווייפעלט אויסגערופען. איז זיא געפעהרליך?

— יעדע אפּעראַציאָן איז געפעהרליך — האט דער דאקטאר קאלטבלוטיג געזאגט — אבער עס העלפט ניט. ווען איהר וועט ווארטען נאך איין שטונדע, מוזט איהר שטארבען.

— נוא, מאכט זשע שנעל דיא אפּעראציאָן. איך האב דאך אלץ איינס ניט וואס איינצושטעלען.

— איך וועל אייך דיא אַפּעראַציאָן מאכען, אבער איהר מוזט מיר פריהער בעצאהלען.

— פריהער בעצאהלען ? — האט איהר דען פורכט פאר אייער געלד ?

— איך וועל מיך צו אייך ניט צוריהרען, וואו איהר וועט מיר ניט געבען פינף טויזענד רובעל.

— וואס רעדט איהר, הערר דאקטאר ? פינף טויזענד רובעל פאר אנ׳-אפעראציאָן ?

— יא, דאס וויל איך, און אויב איהר ווילט בעסער שטארבען, אלס דיא סוממע געלד צו געבען, גיעה איך שוין אוועק.

— איך וועל אייך געבען טויזענד רובעל.

— ניט וועניגער פון פינף טויזענד און רעדט קיין איבעריגע ווארטען, דען יעדע מינוט איז צופיעל.

דער גראף האט געבעך קיין אנדער מיטעל געהאט. ער האט אריינגערו-פען זיין ווייב און האט איהר געהייסען דעם דאקטאר אבצאהלען פינף טויזענד רובעל.

דער דאקטאר האט אריינגעלייגט דאס געלד אין דער טאש און האט באלד צוגעטראָטען צו דער אפעראציאָן, וועלכע האט איהם זעהר געלונגען.

— נוא, האב איך דיא ווערטה פינף טויזענד רובעל ? — האט ער לאכענד געזאגט — איז אייער לעבען טויזענד מאל אזוי פיעל ניט ווערטה ?

דער גראף האט ניט געענטפערט. איך האב פערשטאנען, אז ער האט ניט געוואוסט, וואס צו טאהן : צו דאנקען דעם דאקטאר פאר זיין רעטטונג, אדער בעדויערען דיא גרויסע סוממע געלד, וואס איהם האט דאס געקאָסט.

אלס מיר זיינען פון דעם גראפס הויז ארויסגעגנגען און מיר האבען זיך אין אונזער עקיפאזש אריינגעזעצט, האט דער דאקטאר מיט א טריאומפענדע מינע געזאגט :

— נוא, יאָזעפוס, וואס זאגסט דוא יעצט ? בין איך ניט א העלד, וואס איך האב אזוי פיעל געלד פון דעם קארגען גראף ארויסגעריסען ?

איך האב ניט געענטפערט. איך מוז מודה זיין, אז דער דאָקטאר איז אין מיינע אויגען שטארק אראפגעפאלען. בעווייזען אזא געלדגיערינגקייט, אין דער צייט ווען יענער ראנגעלט זיך מיט דעם טויט, דאס האב איך פון איהם שוין ניט ערווארטעט.

פון דעם גראף זיינען מיר אוועקגעפאהרען אין דער דמיטריעווסקאיא אולי-צא און מיר האבען זיך אפגעשטעלט נעבען אנ׳אלט הויז. דער דאקטאר איז ארויסגעגאנגען פון זיין עקיפאזש און איך בין איהם נאכגעגאנגען. מיר זיינע

ארויפגעקראָכען אויפ'ן לעצטען שטאָק, וואס איבער איהם איז געווען דער בוידים אין דער פאָרם פון א וואָנונג. אין דער טיהר פון דיעזער וואהנונג האט ער אנ־געקלאפט און א יונגער מאן האט דיא טיהר געעפענט.

— וועמען דארפט איהר? — האט ער געפרעגט דעם דאקטאר.

— וואהנט דא הערר שטיין? — האט דער דאקטאר געפרעגט.

— יא, דאס בין איך. וואצו ברויכט איהר מיך?

— איך האב מיט אייך וויכטיגעס צו שפרעכען.

דער יונגער מאן האט דעם דאקטאר מיט פאָרשענדע בליקען בעטראכט און עס וואר לייכט אן איהם צו ערקאנען, אז דער אלטער האט אויך איהם א גוטען איינדרוק געמאכט.

— גוט — האט ער געענטפערט — קומט אריין אין מיין וואהנונג און זאגט וואס איהר פערלאנגט.

מיר זיינען אריינגעקומען אין א צימער, וועלכער האט קיין פענסטער גע־האט, נור אין מיטען דער סטעליע איז געווען א פענסטער, דורך וועלכער דיא זאננע האט איהר ליכט אריינגעשיקט. דיא ווענד זיינען געווען בעהאנגען מיט אלטע טעפיכע (פאָרהאנגען), אום צו פערדעקען דיא נאַסקייט, וואס דיא ווענד האבען פון זיך ארויסגעגעבען. דאס גאנצע מעבעל איז בעשטאנען פון א בעט, וועלכע וואר זעהר ריין פערבעט, א קליין טישעל און צוויא שטולען. אין מיטען צימער איז געשטאנען א וויעגעלע, אין וועלכע עס איז געלעגען אנ'ענגעל־שעה־נעס קינד און א יונגע פרוי פון זעלטענער שעהנהייט האט עס געוויעגט.

דער דאקטאר האט דער יונגער פרוי זעהר העפפליך בעגריסט און האט, זיך ווענדענד צו דעם יונגען מאן, געזאגט:

— זייט איהר דאס סאלאמאן שטיין?

— יא, זא איז מיין נאמען.

— און דאס איז אייער פרוי ראחיל?

— יא.

— איהר האט מיט צווייא יאהר צוריק געענדיגט דעם מעדיצינישען פא־סולמעט?

— יא.

— און איהר זייט געפאָהרען זוכען פראַקטיק אין חארקאוו?

— יא, מיין הערר, אבער וואצו דיא אלע פראגען?

— אין הארקאָוו האבען אייך דיא איבעריגע ערצטע פערפאָלגט דערפאר, וואס איהר האט מיט אייער קונסט זיי אלעמען אין שאטטען געשטעלט און נאך א לאנגען סאמפף האט איהר געמוזט פערלאזען חארקאָוו און אריינפאהרען אהער אין פעטערסבורג.

— פון וואַנען ווייסט איהר דאס אלעס ?

— און דא האט איהר נאך ערגער געמאכט — האט דער דאקטאר ווייטער גערעדט — דען דא קענט איהר זיך צו קיין פראקטיק צושלאגען און איהר זייט געצוואונגען געיוען אלע אייערע ווערטהזאכען, זאגאר אייערע קליידער צו פערקויפען, אום ניט צו פערהונגערען.

ביי דיעזע ווארטען האבען זיך בעגעגענט דיא בליקען פון דעם יונגען מאן מיט זיין פרוי. זיי זיינען וויא דורך א סיגנאל, געפאלען איינער דעם צווייטען אום דעם האלז און האבען זיך פאנאנדערגעוויינט.

— אבער ליעבע פריינד — האט מיין הערר זעהר גערירט געזאגט, אויסווישענד א טרעהר פון זיינע אויגען — איהר דארפט שוין נים וויינען, דען אייער הילף איז געקומען. איהר וועט שוין ניט מעהר ליידען הונגער. אייך וועט קיין זאך פעהלען.

— ווארום וועט אונז קיין זאך פ׳עהלען ? דורך וועלכער זייט וועט אונ׳ער חילף קומען ? — האט דער יונגער מאן געפרעגט.

— ווילט איהר אננעהמען א שטעלע פאר 1.500 רובעל א יאהר, אויסער דירה, בעהייצונג, בעלייכטונג און בעדינונג ?

— צו איך וועל אזא שטעלע אננעהמען ? אזא גליק האב איך אויפ׳געהערט זאגאר אין טרוים צו זעהן.

— און אזא שטעלע וועל איך אייך געבען.

— איז דאס אייער ערענסט, אדער איהר מאכט שפאס !

— שפאס מאכען פון אזעלכע אונגליקליכע, ארדענטליכע מענשען וויא איהר זייט ? איהר בעליידיגט מיך מיט זאלכע ווארטען. איך ווידערהאָלע מיינע ווארטען, אז איך האב פאר אייך אזא שטעלע, אבער איך מוז אייך פריהער זאגען, אז איהר וועט וואהנען אין א לאנד-גוט.

— אין א לאנדגוט ? — האט דער יונגער מאן ערפרייעט אויסגערופען — דאס איז איבער אלע מיינע ערווארטונגען. איך האב אימער פאנטאזירט וועגען א לעבען אויפ׳ן לאנד.

— אויב אזוי איז גוט — האט מיין הערר גאנץ קאלט געזאגט — דיא

שטעלע וועט איהר האבען אויף דעם גוט פון דעם יונגען גראף סאלטיקאָוו, וועל־כער פאהרט באלד אהין ארויס מיט זיין יונגער פרוי, אום דארט דעם זוממער צו פערבלייבען.

— סאלטיקאָוו? — האב איך אין דער מינוט זיך געקלערט. דאס איז דאך דער נאמען פון רעגינא'ס מאן.

— און וואס וועט זיין ווען דער זוממער וועט זיך ענדיגען און דער גראף מיט זיין פרוי וועלען פון דארט אוועקפאהרען? — האט דער יונגער מאן נייגיע־ריג געפרעגט.

— דאס מאכט גאר ניט אויס, איהר וועט אלין פערבלייבען דארט, דען אין יענעם געגענד פעהלט א גוטער ארצט. דיא מוזשיקעס פון דיא דערפער נעטהיגען זיך אין אזא מעניש. איהר וועט אבער מוזען זיי גטבען אומזאנסט אלע רעצעפטען וואס זיי ברויכען און אומזאנסט בעהאנדלען. אבער שרעקט זיך ניט, דאס וועט איהר ניט פון אייער קעשענע נעהמען. דא האט איהר געלד אויף דעם

און ביי דיא ווארטען האט ער אוועקגעלייגט אויף דעם טיש צווייא טוי־זענד רובעל.

דער יונגער מאן מיט זיין פרוי זיינען אויס איבערראַשונג וויא פערשטיי־נערט שטעהן געבליעבען. עס וואר לייכט אן זיי צו ערקענען, אז זיי גלויבען זייערע אויגען און אויערען ניט.

— אלזאָ, זייט איהר צופריעדען מיט מיין פראָעקט? — האט מיין הערר געפרעגט.

— עדלער הערר! — האט דער יונגער מאן געשטאממעלט — אָ, זאגט, איז דאס קיין זיססער טרוים?

— דאס איז קיין טרוים, מיין פריינד, איהר קענט נאך דיא טעג אוועק־פאהרען אויף אייער שטעלע, דער גראף מיט זיין פרויא דארפען הייטט קומען פון א לוסטרייזע און נאך דיעזע וואכע וועלען זיי זיך בעגעבען אין זייער גוט, וועט איהר צוזאמען מיט זיי אהין פאהרען.

— אָ, לאָזט מיך אייער האנד קושען — האט דיא יונגע פרויא וויינענד אויסגערופען, ערגרייפענד דעם אלטענס האנד.

— לאָזט מיך! — האט מיין הערר זעהר שטרענג אויסגערופען, ארויס־ר יסענדיג זיין האנד פון איהרער — איך האב אזעלכע זאכען פיינד! קום, יאַ־ז עפּוס.

און אין דער מינוט איז ער פון זייער צימער ארויסגעלאָפען.

אויף דיא טרעפּ איז ער שטעהן געבליעבען און האט מיט׳ן זיין טאשענטוך געווישט דיא טרערען פון זיינע אויגען.

— געטליכער מאן! — האב איך אין דער מינוט זיך געקלערט, ווערהענד אויף פון מיינע אויגען האבען זיך טרערען געגאָסען. — זיינען נאך פיעלע אזעלכע וויא דוא פאראן אין דער וועלט?

## לו.

# א סקאנדאל אין מיטען נאכט.

דער דאקטאר האט געפיהרט אנ׳ארט פאטריארכאלישעס לעבען. ער האט געהאט בלויס צוויא בעדיענטע, אנ׳אלטע קעכין און איך. ער האט אונז בעהאנדעלט מיט פעטערליכע צערטליכקייט. מיר פלעגען צוזאמען ביי איין טיש עסען און אללע אונזערע אונטערהאלטונגען זיינען געוועזען זעהר אינטים אונד פאמיליאר.

ווען דער ארצט פלעגט זיך מיט מיר אין עטוואס בעדינען, פלעגט ער זיך אימער ענטשולדיגען אויף דעם וואס ער בעאונרוהיגט מיך. דוא דארפסט אויף מיר ניט בייז זיין פלעגט ער זעהר אָפט זאגען, דוא זאלסט ניט פערגעסען אז איך בין שוין אנ׳אלטער מאן, און דיא שולדיגקייט פון א יונגען מאן איז, ער זאל דיא אלטע לייט בעדינען.

איך האב געהאט אבגעזונדערע צימער, וועלכער וואר זעהר בעקוויים אונד זעהר ריין. פריהער האט אין איהם געוואהנט דער קאמערדינער וואס איז געוועזען פאר מיר, דיא קעכין האט מיר פיעל מאל ערצעהלט אז יענער קאמערדינער איז געוועזען אנ׳איינפאכער גנב. מיא האט איהם דערפאר ענטזאגט ווייל דער דאקטאר האט איהם איין מאל דערטאפּט נעבען דעם שראנק וואו ער האלט זיין געלד.

אין דעם זעלבען צימער איז געשטאנען א שראנק וואס מיא האט מיר געהייסען אין איהם אריין לייגען מיינע זאכען. אבער אזוי וויא איך האב קיין קליידער געהאט, האב איך זיך צו דיעזען שראנק גאר ניט צוגעריהרט.

נור איין מאל אלס מיין העררר האט מיר געגעבען געלד איך זאל קויפען א נייעם ראק, האב איך אויפגעעפנט דעם קאסטען צו זעהען אויב איך קאן אין איהם מיין נייעם ראק אריינלייגען, איך האב דארט דערזעהן שטיקלאך פאפיער, וועלכע

זיינען אין מיינע אויגען אלס אוננוטציג בעטראכט געווארען, און איך האב זייא דארום געוואלט אין פייער ווארפען. נור באלד האט איין פאפיער אויף זיך מיין אויפמערקזאמקייט געצווינגען, אויף איהם איז ניוועז אויסגעמאָלט א הויז.

איך האב בעטראכט דאס הויז און האב גלייך ערקאנט דאס הויז וואו מיר וואהנען. איך האב אנגעהייבען נענויא דאס באַלד צו בעטראכטען און האב בעמערקט א רויטען שטריך וואס ציהט זיך צווישען דיא צימּמער, און אויף דער שפּיטצע פון דיעזען שטריך איז א טויטער קאָפּף.

דאס איז מיר זעהער רעטזעלהאפט פאר געקוממען און איך האב זיך גענוממען נאך בעססער דאס בילד צו בעטראכטען און האב אויסגעפונען אז דער שטריך געהט ווירקליך דורך אלע צימּמער וואס געפינען זיך אין אונזער הויז און דארט וויא דער טויטען קאָפּף איז, איז דאס צימּמער וואו דער דאקטאר אליין וואהנט.

דא מוז עפּעס זיין, האב איך זיך געטראכט, לויט איך ערקאן האט מאן דיעזען פלאן געמאכט אום צו בעווייזען יעמאנדען דעם וועג צום דאקטארס צימּמער וואו ער האט זיין געלד.

איך האב דאס געוואלט בעווייזען דעם דאקטאר, איך האב מיך אבער באלד בערעכענט, אז איך וועל איהם נור דאמיט ערשרעקען, און בייא מיר איז געבליעבען, איך זאל איממער מיט דיא גרעססטע פארזיכטיגקייט אכטונג געבען אין מיין הערר׳ס הויז.

איך האב דיא גאנצע געשיכטע באלד פערגעססען, דען מיר איז איממער געלעגען אין זינען דאס וואס איך האב אמאל געהערט דארט בייא דעם יונגען מאן אויפן ביידעם, אז ער וועט זיין דער דאקטאר פון דעם גראף סאלטיקאף וועלכער פאהרט ארויס מיט זיין יונג ווייב אין זיין גוט.

— זאל דאס טאקי זיין רעגינא׳ס מאן ? פלעג איך ביי זיך טראכטען—וויאזשע קומט דער דאקטאר צו וויססען וואס מיט זייא טוהט זיך. נאך זיינע ווערטער ווייזט אויס אז עס איז בייא רעגינאן אין הויז א גאנצער בן בית.

— וואס מאכט רעגינא ?

— אך האב איך דאס געוואלט וויססען. איך האב געוואלט וויססען צו פיהלט זיא זיך גליקליך מיט איהר מאן׳ צו איז דער סאלטיקאוו ווירקליך יענער שיכור, מיט וועלכען איך האב מיך בעגעגענט אין דעם שיינק, דארט אין סאַהאקאָווסקייא אוליצא. אויב דאס איז טאקי דער, איז אונמעגליך רעגינא זאל זיך פיהלען גליקליך מיט איהם.

איך האב איינִיגע מאל געוואלט דעם דאקטאר פרעגען וועגען דעם, אבער איך האב דאצו קיין מוטה נעהאט. איך האב געפירכטעט, פיעלייכט ערקאנט ער אן מיר, איז איך בין נאך יעצט אויף פערליעבט אין רעגינאן.

דער דאקטאר האט מיך פיעל מאל געפרעגט וועגען מיין פערגאנגענהייט און איך האב איהם ערצעהלט בלויס דאס, אז איך בין געוועזן אנ׳עלענדער יתום און האב ארומגעבלאנדזשעט אין דער וועלט, ביז דער דארפסלעהרער סימאן האט מיך געפונען און האט מיך אין זיין הויז אריינגענומען. איך האב דעם דארפס-לעהרער פאר איהם פארגעשטעלט אין דיא ריכטיגע פארבען און דער אלטער ארצט איז פון איהם אימטער ענטציקט געווען.

— ער איז מיינער א מענש! — האט ער עטליכע מאל אויסגערופען — איך בין פון איהם איבערראשט. איז דאס פיעלייכט דער זעלבער, פון וועלכען מיין זאהן שרייבט מיר?

— וואס שרייבט אייך אייער זאהן?

— ער האט מיר אין א פאר בריעף דערמאנט איין שוהל לעהרער, וועל-כער שטעהט, נאך זיין מייגונג נאך, העכער פון אלע מענשען.

— האט אייך אייער זאהן געשריעבען, וויא יענער לעהרער הייסט?

— יא, ער האט געשריעבען, אז זיין נאמען איז סימאן.

— דאס איז דער זעלבער! — האב איך אויסגערופען.

— אבער וויא קומט ער אין א דארף נעבען קיעוו? לויט דוא האסט מיר ערצעהלט, איז ער געוועזן אין א דארף נעבען פינסק.

— ער מוז שוין אין יענעם דארף ניט זיין. נאך בעפאר איך בין פון דארט אוועקגעפאהרען, האט ער מיר געזאגט, אז מען האט איהם פון דער שטעלע ענט-זאגט און ער קומט אן אין אנ׳אנדער דארף.

— אויב דאס איז דער זעלבער, וועל איך זיך שוין מיט איהם ערקאנען און ער וועט פון מיר צופריעדען זיין — האט דער אלטער געזאגט — דען דוא קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען, וויא איך ליעב זאלכע מענשען. איך בעטראכט זייא וויא בריליאנטען, וואס זיינען פערוואלגערט אין מיסט און קיינער הויבט זייא ניט אויף.

— קלערט איהר איהם ארויסרופען אהער? — האב איך ערפרייעט גע-פרעגט.

— און דוא ווילס, ער זאל קומען אהער?

— צו איך וויל? איך וואלט א האלב לעבען אבגעגעבען, אום איך זאל איהם נאך אמאל זעהן, דען איך ליעבע איהם בעססער וויא א קינד האט ליעב זיין פאטער.

— איך האף, אז דוא וועסט דאס פערגניגען האבען איהם צו זעהן — האט דער דאקטאר שמייכלענד געזאגט.

איך האב געוואוסט, אז דער דאקטאר איז אנ'ערענסטער מענש און ער זאגט קיין מאל קיין ליגען, דארום האב איך אנגעהויבען צו האפען אויף דער גליק־ליכע מינוט, ווען מיין ליעבער סימאן וועט אהער קומען.

איין מאל האב איך מיך זעהר שפעט געלייגט שלאפען, דען איך האב אנ־געהויבען צו לערנען דיא דייטשע שפראכע. דער זייגער האט שוין געשלאגען איינס, אלס איך האב זיך געלייגט.

דאס מאל האב איך ניט געשלאפען אין מיין צימער, זאנדערען אין דעם עססצימער, ווייל דא איז מיר געוועזן בעססער צו לערנען, אלס אין מיינעם. איך האב פאר'ן שלאף, וויא געוועהנליך, ארומגעקוקט, צו דיא טיהרען און דיא פענ־סטער זיינען גוט פערמאכט און, אלס איך האב געזעהן אז אלעס איז אין ארד־נונג, האב איך מיך גאנץ רוהיג געלייגט אויף א זאפפע און האב געשמאק איינ־געשלאפען.

איך האב זיך ערוואכט פון א קעלט, וואס איז איבער אללע מיינע גליע־דער דורכגעגאנגען. איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן, דאס דיא פענסטער איז אפען.

— איך האב געוויס פערזעהן, אז דיא פענסטער איז ניט געוועזן צוגעמאכט — האב איך זיך געקלערט און האב געוואלט צוגעהן זיא פערמאפען, נור פלוצ־לינג האב איך ערהערט טריט פון א מענשען, אויף דיא טרעפ וואס פיהרען צום צווייטען שטאק, וואו דער אלטער דאקטאר האט געשלאפען.

שנעל האב איך געעפענט דיא טיהר וואס פיהרט אין קארידאר און בין ארויפגעלאפען דיא טרעפ. איך האב מיך באלד אנגעשטויסען אן א מענ־שען, וועלכער איז האסטיג דיא טרעפ ארונטערגעלאפען.

איך בין איהם נאכגעלאפען און האב איהם איז דער פינסטער דערטאפט.

— לאז מיך אב! — האט א שטארקע שטימע געדאנערט — דען איך דערשטעך דיך מיט דעם מעסער, וואס איך האלט אין האנד!

איך האב דיא שטימע ערקאנט און האב, או'סער זיך פאר שרעק, אויס־[...]פע: קוראפאטניק!

דער מאן, וועלכען איך האב געהאלטען, האט א שוידער געטאהן און האט געשטאממעלט:

— ווער ביזט דוא?

— איך בין יאזעפוס.

— יאָזעפוס?

און ער האט מיך גלייך אבגעלאזט.

— מיין גאטט! — האב איך א יסגערופען — דוא, קוראָפּאטניק, האסט אהער אריינגעבראכען?

— יא — האט ער געענטפערט.

— וואס האסט דוא דא געטאהן?

— איך האב געגנבעט געלד.

— ביי מיין הערען?

— איך האב ניט געוואוסט, אז דוא דיענסט דא.

— אבער וויא ערלויבסט דוא זיך צו גנבענען?

— איך מוז, יאָזעפוס, איך בין דאצו געצוואונגען, איך האב א קינד, וועלכעס הונגערט.

— דוא האסט א קינד?

— יא, א צווייא יעהריגעס קינד.

— וויא קומט צו דיר א קינד?

— דרייא יאהר צוריק, אלס איך בין געוועזן ביי דעם דאָרפסלעהרער, וועלכער האט דיך אין זיין הויז געהאלטען, בין איך דורכגעפאהרען דעם בענאַכבארטען דארף, וואו עס געפינט זיך אנ'אירערנהויז. איך האב פאַר דעם אירערנהויז דערזעהן א גרויסען גארטען און א יונג ווייבעלע פון זעלטענער שעהנהייט האט צו מיר געווינקען פון גארטען, איך זאל צו איהר אריינגעהן. איך בין אריינגעגאנגען און האב גאר ניט בעטראכט אז זיא איז פעררי‍קט. מיין ליידענשאפט האט מיך געבראכט צו א זינדע און ערשט ניט לאנג האב איך ערפאהרען, אז דיא פרוכט פון יענער זינדע וואר א מעדכען. מיר האט זיך זעהר געוואלט דאס קינד האבען ביי זיך, דארום האב איך נאכגעפאָרשט וו'זו זיא געפינט זיך און האב זיא פון דארט ארויסגענ:בעט. יעצט איז דאס קינד ביי מיר און איך מוז פאר איהר זארגען.

— ווילסט דיא דיין קינד העלפען מיט געגנבעטע געלד?

— איך האב קיין אנדער מיטעל.

— גיעב מיר אב צוריק דאס געלד, קוראפּאטניק — האב איך שטרענג געזאגט.

— איך וועל דיר דאס געלד ניט אבגעבען — האט ער קאַלט געענטפערט.

— דו וועסט מיר יא אפּגעבען.

— איך זאג דיר אז ניט, דען איך מוז דאס געלד האבען פאר מיין קינד.

— קוראָפּאטניק! אזוי בעהאנדעלסט דו א דיין בעסטען פריינד יאָזעפּוס?

— יעצט טאהר איך אויף קיין פריינדשאפט קוקען. מיין קינד ליידעט הונגער.

— איך זאג דיר, קוראפּאטניק, מיט גוטען, דו זאלסט דאס געגנבעטע געלד צוריק אבגעבען, זאנסט....

— וואס וועסט דו זאָנסט טאהן? דו וועסט מאכען א גוואלד, מען זאל זיך צוזאממענלויפען און מיך ארעטירען? טוה דאס, אויב דו ווילסט.

— גוט! — האב איך נאך א קורצע פויזע געזאגט — נעה מיט דעם געלד וואוהין דו ווילסט.

— און וואס וועסט דו טאהן?

— איך וועל פאר דיר ליידען.

— וואס מיינסט דו מיט דיא ווארטען.

— גאנץ איינפאך, ווען דער דאקטאר וועט זיך ארומזעהן אז מען האט איהם בעגנבעט, וועט זיין ערשטע פערראכט פאלען אויף מיר, דען ביי איהם וועט קיין צווייפעל זיין, אז איך האב דאס געלד געגנבעט.

— נוא, וועסט דו שווערען, אז דו האסט דאס ניט גענומען.

— איך וועל ניט שווערען, אין געגענטהייל, איך וועל זיך מודה זיין, אז איך בין דער גנב.

— ווארום וועסט דו דאס טאהן?

— אום מען זאל דעם ריכטיגען גנב ניט זוכען, דען ווען מען וועט איהם יא זוכען, קען מען דאך דיך געפינען, דארום האב איך מיך בעשלאָסען, אז איך זאל בעסער פאר דיר ליידען.

— דו מיינסט דאס ערנסט?

— איך שווער דיר ביי אונזער פריינדשאפט.

— אויב אזוי נא, אט האסט דו דאס גאנצעס געלד צוריק. איך וויל דיר זאל עטוואס שלעכטעס געשעהן צוליעב מיר.

אין דער מינוט האב איך ערהערט דעם דאקטארס שטיממע וויא ער שרייט:

— גנבים! גנבים!

און צו דער זעלבער צייט האב איך אויך דערהערט, וויא יעמאנד קויפט פון דיא טרעפ.

— קוראפאטניק! — האב איך אויסגערופען — אויסער דיר אין נאך יע־מאנד דא פאראן?

— יא, דער הינקעדיגער בעטלער.

איך האב מיך א ווארף געטאהן נענען דעם בעטלער, וועלכער איז האסטיג פון דיא טרעפ געפלויגען. איך האב איהם געחאפט און פעסט געהאלטען.

— לאז מיך אב, אדער איך שטעך דיך! — האט דער אלטער מערדער געשריען.

איך האב איהם אבער ניט געוואלט אפלאזען און האב איהם פעסט גע־האלטען. איך האב איהם ארונטערגעשלעפט אין קארידאר, וואו עס וואר א פענסטערעל אין דער גאס און האב איהם א ווארף געטאהן אויף דער ערד.

ער האט זיך אבער דאך פון מיינע הענד אויסגעריסען און האט מיך מיט א מעסער א שטאך געטאהן אין האלז.

אין דער מינוט איז קוראפאטניק צוגעלאפען, האט דעם אלטען אנגענומען פאר דעם האלז און האט איהם אזא שליידער געטאהן מיט דעם קאפף אין דער שטיינערנער וואנד, דאס דער קאפף איז צופלאטצט געווארען און דער אלטער איז געפאלען טויט צום באדען.

— יעצט ביזט דוא גערעטעט — האט קוראפאטניק געזאגט — אדיע, יא־זעפוס, דאס געלד ליעגט דא אויף דער ערד.

און ביי דיא ווארטען איז ער ארויסגעלאפען פון שטוב.

באלד איז ארונטערגעלאפען דער אלטער ארצט, אויף דיא קעכין, מיט ליכט אין דיא הענד און, אלס זיי האבען דערזעהן, וויא פון מיין האלז גיעסט בלוט, האבען זיי זיך זעהר ערשראקען.

— דוא ביזט פערוואונדעט, מיין ליעבער יאזעפוס? — האט דער אלטער מיך געפרעגט.

— יא — האב איך געענטפערט — אבער דער גנב האט דערפאר מיט זיין לעבען בעצאהלט.

איך האב איהם געצייגט אויף דעם טויטען בעטלער.

— דאס איז שרעקליך! — האבעןביידע אויסגערופען.

— זעהט נור, הערר דאקטאר, דא ליעגט געלד! — האט דיא קעכין אויס־גערופען, אויפהויבענדיג דאס געלד.

— דאס האט דער גנב פון דיא הענד ארויסגעווארפען, אלס ער האט זיך מיט דעם טויט בעגעגענט — האב איך געזאגט.

— דוא ביזט א העלד, ליעבער יאָזעפּוס! — האט דער דאקטאר ענטציקט אויסגערופען — יעצט זעה איך, וויא געטרייא און ערגעבען דוא ביזט מיר. קום איך וועל דיין וואונד בעטראכטען.

ער האט מיך אריינגענומען צו זיך אין צימער און, בעטראכטענדיג גוט מיין וואונד, האט ער ערפרייעט אויסגערופען:

— צום גליק איז דיא וואונד ניט טיעף און ניט געפעהרליך. אין איין טאג וועט זיא זיך פערהיילען.

ער האט מיר דיא וואונד פערבונדען און האט מיך געשיקט מעלדען דער פאליציייא פון אלעס וואס דא איז געשעהן.

## לז.

## א וועג צום גליק.

דיא לעצטע עראיגניסע מיט דער גניבה האט אויף דעם אלטען דאקטאר זא שלעכט געווירקט, דאס ער איז קראנק געווארען און איז פון טאג צו טאג שוואכער געווארען.

ער האט אנגעפאנגען צו פיהלען, אז זיינע טעג זיינען געציילטע, דארום האט ער געשריעבען צו זיין איינציגען זאהן יוסט, וועלכער האט געוואהנט פופציג מיילען וויט פון פעטערסבורג, ער זאל אם שנעלסטען צו איהם קומען.

מיין הערץ האט אין מיר געקלאגט, זעהענדיג וויא דיעזער אלטער וואהל־טהעטער געהט צום טויט און, ווען עס זאל געווען מעגליך זיין, וואלט איך, אהנע לאנג צו דענקען, מיין לעבען פאר איהם אויפגעאָפּפערט.

אלס איך בין איין מאל נעבען זיין בעט געזעסען און האב מיט טרויעריגע אויגען בעטראכט זיין בלאסעס געזיכט, האט ער מיך פלוצלינג א פרעגע געטאהן:

— וואו האלט יעצט דיא אוהר?

— האלב נאך דרייא — האב איך געענטפערט.

— איז נאך פון מיין זאהן יוסט קיין נאכריכט געווען?

— ניין, גנעדיגער הערר.

ער האט א זיפטץ געטאהן און האט געשטאממעלט:

— איך פירכטע, אז ער וועט קומען צו שפעט.

— וואצו זאלכע געדאנקען, ליעבער הערר? — האב איך געזאגט און טרע־רען האבען זיך אין מיינע אויגען געוויעזען — אייער זאהן וועט געוויס קומען און וועט אייך טרעפען געזונד און פריש.

— אָ, ניין, מיין ליעבער יאזעפוס, דאס איז א פאלשע האפנונג. איך קען שוין מעהר ניט לעבען.... יא — האט ער ווייטער זיפצענד גערעדט — מיין לעצ־טע שטונדע האט געשלאָגען. מיין ניט, מיין זאהן, אז מיר איז שווער דאס שיי־דען זיך פון דער וועלט. איך פיהל, אז מיינע פפליכטע האב איך פינקטליך ער־פיעלט, איך ווייס אויך, אז מיין ליעבער איינציגער זאהן וועט נעהן אין מיין וועג, איך שטארב מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אז פיעלע, זעהר פיעלע מענשען וועלען מיך צו׳גוטען דערמאָנען, אויך דוא יאָזעפוס זאלסט מיך צו גוטען דער־נען, דען איך האב דיך פאר מיין טויט אויך אין זינען געהאט.... איך האב גע־זאָרגט דאפיר, דוא זאלסט ניט ארם בלייבען.

— גנעדיגער, גוטער הערר! — האב איך מיך אנגערופען — איך פער־לאנג פון אייך קיין געלד, דען מיין געלד וואס איך האב ביי אייך פערדיענט, האט איהר מיר בעצאהלט מיט פראָצענט. ווען עס איז מעגליך, וועל איך ביי אייך אנ׳אנדער נעפעלינקייט בעטען.

— זאג, מיין קינד, וואס פערלאנגסט דוא?

— איך וועל אייך דאס גלייך זאגען. איך מוז אייך אבער פריהער בעטען, אז איהר זאלט מיך ניט צווינגען איך זאל ערקלערען דיא אורזאכע פון מיין ביטע, אבוואהל זיא וועט רעטזעלהאפט קלינגען אין אייערע אויערן.

— איך וועל דאס דיר צוליעב טאהן און וועל קיין זאך פרעגען.

— פריהער אבער מוז איך איין זאך וויסען: הייסט דיא גרעפין סאלטיקאָוו רעגינא?

— יא.

— איז זיא דיא טאָכטער פון דעם גראף מאווריקי קאָנטוזאָוו?

— יא.

— אויב אזוי, ווינש איך צו איהר אין דיענסט אנצוקומען. איך וויל איה־רער א בעדיענטער זיין.

— וויא פאלסט דוא אויס, מיך וועגען דעם צו בעטען?

— ווייל איך בין דאך געשטאנען דאביי, אלס איהר האט יענעם אומגליק־

ליבען דאקטאר געגעבען א שטעלע ביי דעם גראף סאלטיקאָו, דאס איז א בע־וויז, אז איהר קאנט זיך מיט דיעזער פאמיליע זעהר גוט, און איך גלויב דארום, דאס דורך אייער פראָטעקציאָן קען איך ביי זיי אין הויז א שטעלע בעקומען.

— ליבטער פון דעם קען גאר ניט זיין, אבער זאג מיר, יאָזעפוס, קאָן דיך דיא גרעפין רעגינא?

— ניין. זיא קאָן מיך ניט.

— דוא ביזט איהר א פריינד?

— מיט לייב אונד זעעלע.

— זעהר גוט. יעצט איז איינע פון מיינע ווינשע ערפיעלט געווארען, דען דיעזע יונגע גרעפין דארף נאטהווענדיג האבען אזא בעדיענטען, ער זאל זיא שיט־צען פון אונגליק.

— פון אונגליק? שוועבט דען איבער איהר אנ׳אונגליק?

— יא, א שרעקליכעס אונגליק, דען איינער פון דיא גרעסטע טיראנען, אנ׳אלמעכטיגער גראף, האט איהר ראכע געשווארען, דערפאר וואס זיא האט איהם ענטזאגט אלס ער האט איהר האנד געבעטען.

— וויא הייסט דיעזער שרעקליכער גראף?

— פעטער יאבלאָנסקי.

דאס הערץ האט מיר געזאגט, אז איך וועל הערען דעם נאמען פון דעם טיראן יאבלאָנסקי. איך האב אבער פאר דעם דאקטאר געמאכט אזא מינע, וויא איך הער דעם נאמען יאבלאָנסקי דאס ערשטע מאל און האב געפרעגט:

— איז דיעזער יאבלאָנסקי א געפעהרליכער מענש?

— ער איז איינער פון דיא געפעהרליבסטע מענשען אין דער וועלט. איך וויים פון א זיכערער קוועלע, אז ער וועגדעט אן אלע קרעפטע, אום פון דער אָרדענטליכער רעגינא ראכע צו נעהמען און אזא אונמענש איז פעהיג צו דיא ניעדערטרעכטיגסטע שאנדטהאטען, דארום מוז רעגינא האבען א געטרייען מענ־שען נעבען זיך, ער זאל זיא פון אונגליק פערהיטען.

— נוא, און איהר מאן?

— פון איהם איז גאר ניטא וואס צו ריידען, ער איז פון יענע גראפען, וואס קענען קיין פאמיליענגליק ניט געפינען. ער פערשטעהט ניט דעם ווערטה פון זיין ליעבער פרוא, און דארום קיממערט ער זיך וועניג וועגען איהר.

— מוז דאך רעגינא זיך יעצט זעהר אונגליקליך פיהלען?

— צו זיא פיהלט זיך אונגליקליך ? זיא פערשטעהט זעהר גוט, אין וואס פאר א זומפף זיא שטעקט, אבער זיא קען דאצו גאר נישט העלפען.

— אלזא וואס דארף איך טאהן, ווען איך וועל זיין דער גרעפינ'ס בע־דיענטער ?

— דוא דארפסט אימּמער זיין אויף דער וואך. דוא זאלסט מיט אָפענע אויגען בעטראכטען יעדעז מענשען, וואס וועט אריינקומען צו דער גרעפין אין הויז. אויף יעדען איינציגען זאלסט דוא קוקען מיט פערדעכטיגע בליקען. דוא זאלסט ניט טרויען זאגאר דעם מענשען, וואס וועט אין דיינע אויגען וויא אנ'ענ־געל ערשיינען, דען דוא קאנסט נאך מיין קינד ניט היינטיגע וועלט. מיר בעגעג־נען זעהר אָפט רויבגיעריגע חיות אין מענשענגעשטאלט.

— איך וועל טאהן וויא איהר הייסט מיר, גנעדיגער העהר. ווען, דענקט איהר, וועל איך קענען ביי דער גרעפין דיא שטעלע בעטרעטען ?

— איך וועל באלד אנשרייבען א בריעף צו מיין זאהן און ער וועט זיך שוין מיט דער גרעפין זעהן און אלעס וועט זיין נאך דיין וואונש.

— קאן אייער גנעדיגער זאהן דער גרעפין ?

— יא, ער איז מיט איהר זעהר גוט בעפריינדעט. איך אליין, וויא דוא זעהסט, קען פון מיין בעט ניט אראָפּנעהן, דארום קען איך מיך מיט דער פירס־טין ניט זעהן.

— איז רעגינא יעצט היער ?

— יא, זיא איז דיא וואך אהער געקומען מיט איהר מאן.

דיא טיהר האט זיך פלוצלינג אויפגעעפענט און א בילדשעהנער יונגער מאן, געקליידעט אלס קאפּיטאן, איז אריינגעלאָפען.

— יוכט ! מיין זאהן ! — האט דער קראנקער דאקטאר אויסער זיך פאר איבעראשונג אויסגערופען.

— פאטער, מיין טהייערער פאטער ! — האט אויך דער יונגער מאן א געשרייא געטאהן, פאלענד דעם פאטער אים דעם האלז, און האט זיך פאנאנ־דערגעוויינט. — אך, וויא מיין הערץ איז צעררריסען. וואס איך טרעף דיך, ליע־בער פאטער אין אזא לאגע ! — האט ער וויינענד געזאגט.

— נור ניט געוויינט ! -- האט דער אלטער געזאגט — מיר מענשען דאר־פען אימּמער זיין פאָרבערייטעט צו געהן אין דעם וועג, וואהין אללע מענשען מו־זען געהן.

— אָ, פאטער, רייד דאך ניט זאלכע ווערטען, דוא מוזט נאך לאנג לעבען צו גונסטען דער מענשהייט.

— לאנג צו קורץ, אלץ איינס קען מען זיך פון דעם טויט ניט אויסקויפען, האט דער אלטער ספּאַטיש געזאגט — דאס גליק איז, וואס מען שטאַרבט נור איין מאל, און דאס איז שוין א רעגעל פון דער נאטור, אז דיא אלטע מוזען מאַכען פּלאַטץ פאר דיא יונגע. איך מוז דיר זאגען, מיין זאהן, אז איך שטאַרב גאַנץ רוהיג. איך געה אוועק מיט דער געוויסהייט, אז איך האב געלעבט ניט בלויס פאר זיך. איך האב אין מיין לעבען מיליאָנען פערדיענט און לאז ניט איבער פיעל געלד, ווייל איך האב אלע מיינע פערדיענסטע אבגעגעבען ארמע, פעהיגע מענשען, אום זיי זאלען קענען זייער ציעל ערדרייכען. איך שטאַרב אויך מיט דער פעסטער איבערציינונג, אז דוא, מיין קינד, וועסט געהן אין מיין וועג און וועסט דיא ארמע ניטצליך זיין. דוא ווייסט זעהר גוט דעם רעגעל, אז קיינער האט דאס רעכט צו פערשווענדען איבעריגע געלד, אין דער צייט ווען עס זיינען פאראן פיעלע מענשען וואס הונגערען און ליידען קעלט.

— איך וועל געוויס געהן אין דיינע וועגען, ליעבער פאטער. דוא קענסט זיכער זיין, אז דיין זאהן אין אין אלע פאכען געראטען אין דיר.

— יאָזעפוס. געה אויף עטליכע מינוטען ארויס פון דאנען — האט דער אלוזער צו מיר געזאגט — איך דארף דא עטוואס נאטהווענדיגעם ריירען מיט מיין זאהן.

איך בין ארויסגעגאנגען און א גאנצע שטונדע האט דער אלטער אונטער פיער אויגען פערבראַכט מיט זיין זאהן. ענדליך האט זיך דיא טיהר האסטיג געעפענט, יוסט איז ארייסגעלאָפען און האט צו מיר א געשרייא געטאהן:

— געשווינד, ברייננ אהער איינינע ערצטע!

איך בין אוועקגעלאָפען און האב געבראַכט צווייא ערצטע, וועלכע האבען געוואהנט אין אונזער נאכבארשאַפט, אבער זיי האבען שוין געטראָפען דעם אלטען זיך ראַנגלענד מיט דעם טויט און האבען אלע האָפנונגען אויפגעגעבען, איהם געזונד צו מאַכען.

אין איינינע מינוטען ארום איז דער זעלטענער מענש געשטארבען.

קיינמאל האב איך אזוי פיעל געוויינט, וויא אין יענעם טאג, און איך וויים, אז דיעזער טערקווירדיגער מאַן האב פערדיענט דיא טרערען, וואס איך און נאך אונצאָהלע מענשען האבען נאך זיין טויט פערגאסען.

## לח.

## ערדייכט דעם ציעל.

אין דיא טרויערטעג האב איך מיך צוזאממענגערעדט מיט דעם קאפּיטאַן יוסט און האב אייסגעפונען, אז ער איז ווירקליך אזא וויכטיגער מאַן, וויא וזיא זיין נאַטזעלינער פאטער איז געווען. ער האט מיך ערפּרייעט מיט דער נאַכריכט, דאס זיין פאטער האט איהם פאר זיין טויט געהייסען, אז ער זאל אלעס וואס איז זיין קרעפטע איז, אנווענדען, אום מיך אלס קאמענדינער צו דער פּירסטין סאלטיקאָוו אנצושטעלען.

— און איהר ועט זא פריינדליך זיין, מיר דיא שטעלע צו פערשאפען ? — האב איך געפרעגט.

— געווים — האט ער געענטפערט — איך ווער מיין פאטערס בעפעהל פּינקטליך ערפילען.

— ערלויבט מיר נאך איין פראגע, גנעדיגער הערר — האב איך געזאגט — איהר האט אייער פאטער געשריעבען פון א שוללעהרער מיט דעם נאמען סימאָן. איז דאס ניט דער זעלבער, וואס וואר פיעלע יאהר לעהרער אין א דארף, ניט וויט פון פּינסק ?

— יא, דאס איז דער זעלבער.

— דאס איז מיין סימאָן ! — האב איך ערפרייעט אויסגערופען.

— דוא קאנסט איהם ?

— יא, איך האב מיך ביי איהם ערצויגען.

— ווירקליך ? אויב אזוי, בין איך איבערצייגט אז דוא ביזט איינער פון דיא עהרליכסטע, בראַפסטע מענשען, און איך בין זעהר צופריעדען דאמיט, וואס איך בין אים שטאנדע דער גרעפין סאלטיקאָוו אזא עהרליכען קאמערדינער צו געבען.

— וואו געפינט זיך יעצט סימאָן ?

— פופציג מייל וויט פון דאנען, אין איינעם פון דיא דערפער, וואס געהערען צו דעם גראף סאלטיקאָוו.

— וויא הייסט דער דארף ?

— סנאַרגוריין.

— וועט איהר מיר ערלויבען אהין אויף א פאר וואכען צו פאהרען ?

— ווארום ניט ? דוא קענסט פאהרען און אונטער דער צייט וועל איך פאר דיר אויסארבייטען דיא שטעלע ביי דער גרעפין סאלטיקאָוו.

מיט דער גרעסטער פריידע בין איך אוועק נעפאהרען נאך דעם דאָרף סנאדגורין און האב מיך באלד דערפרענט צו דעם דארפסלעהרער. מען קאן זיך לייכט פארשטעלען אונזער ביידעס איבעראשונג, אלס איך מיט סימאנען האבען זיך דערזעהען, מיר זיינען אלאנגע צייט געוועזען איינער אין דעם צווייטענס אָרעמס, ביידע האבען מיר געוויינט און אונזערע קיססע האבען קיין ע׳ד געוואלט נעהמען.

אלס דיא ערשטע איבערראשונג איז פעראיבערגעגאנגען האבען מיר אנגע-הייבען איינער פאר דעם צווייטען צו ערצעהלען אלעס וואס מיט אונז האט פאס-סירט, אין דער גאנצער צייט וואס מיר האבען זיך ניט געזעהן, סימאן האט זיך שטארק ערפרייעט אלס ער האט גיהערט וויא ארדענטליך איך האב זיך אונטער דער גאנצער צייט אויפגעפיהרט און מיך קיססענד האט ער אויסגערופען, איך זעה אז דיא זאממען וואס איך האב פערזייעט האבען גוטע פריכטע געטראגען. איך בין מיט דיר צופריעדען מיין ליבער יאָזעפוס.

אלס איך האב איהם ערצעהלט פון יענער נאכט אין וועלכער קוראפאטניק מיט דעם הינקעדיגען בעטלער האבען בעגנבעט דעם דאקטאר און וויא קוראפאטניק האט מיר ערצעהלט אז ער האט א קינד פון יענער וואהרזאגער. איז סימאן פון זיין אָרט אויפגעשפרונגען און האט אנגעשרייא געטאהן: אזוי? האט ער דאס קינד געגנבעט ?

— איהר ווייסט דען פון דעם קינד ?

— צו איך וויים ? דא האנדעלט זיך וועגען יענער איר־זינינער וועלכע איך האב אזוי אבגעהיט, דער טייפעל האט איין מאל אנגעטראגען א פרעמדען מענשען וועלכער האט זיא ענטעהרט און זיא האט א טאָכטער געבארען, איך האב דאס קינד צוגענוממען, אין עס אבגעגעבען צו אנ׳ארדענטליכער דארפספרויא, זיא זאל עס ערציהען, א גאנץ יאהר איז דאס קינד בייא איהר געוועזען און האט געבליהט וויא א פריישע בלומע, פלוצלינג איז דאס קליינע מעדכען פערשוואונדען געווארען און ביז דיעזער מינוט האב איך ניט געוואוסט וואו זיא איז.

איך פערשטעה אבער גאר ניט, וויא אזוי האבען דיא וועכטער פון דעם אירענהויז דערלאזט, עס זיא קומען צו אזא סקאנדאל.

דאס איז שוין אנ׳אלט געשרייא. עס איז זעהער שווער צו געפינען אנ׳אנ־שטאלט וואו ד׳א וועכטער זאלען זיין טרייא זייער אמט, דער שורקע קוראפאטניק

האט דער איזיניגער דערטאפּט אין גארטען. וואו זיא האט זיך געשפּיעלט מיט א קעסטעלע וועלכע איז בייא איהר זא טהייער געוועזען, דאס זיא האט זיך פון דעם ניט געוואלט שיידען, דער אונמענש האט געמיינט אז אין דעם קעסטעלע איז פאראן געלד, דארום האט ער דאס אויך צו גענומען און א לאנגע צייט האט דיא אונגליקליכע געשריען מיא זאל איהר דאס קעסטעלע אבגעבען. יעצט מוז מאן זעהען דאס קינד פון דעם גנב׳ס הענד ארויסרייסען, דען מיא קאן זיך לייכט פארשטעלען וואס פאר אנ׳ערציהונג זיא קאן האבען ביי אזוי א מענשען.

— יא, דאס מוזען מיר אומבעדינגט טאהן — האב איך געענטווערט—דאס קינד מיזען מיר פון איהם אבנעהמען, עס מאג זיין וואס עס וויל, איך וועל אייך העלפען זיא פון זיינע הענד ארויסצורייסען. נור, גענוג דאפאן יעצט צו ריידען, ערצעהלט דאך מיר ליעבער סיימאן וואס מאכט איהר וויא געהט עס אייך.

מיר איז הייטע זעהער גוט. דוא ווייסט דאך אז איך פערלאנג קיין איבריגס. איך בין צופריעדען ווען איך האב גענוג בראָדט צו עססען און א פּלאטץ וואו צו שלאפען, נור יעצט ווער איך בעגליקט מיט אנ׳אנדער זאך.

— מיט וואס ?

— איך וועל דיא צייטען הייראטען. גאטט האט מיר צוגעשיקט אזא כלה וואס אין שטאנד איז דאס לעבען האניג זיס צו מאכען.

זאָ ? — האב איך פערגעניגט געזאגט — דאס פרייעט מיך זעהער, דארף איך פרעגען ווער אייער כלה איז ?

— זיא איז פון דיעזען דאָרף, איהר פאטער איז אנ׳איינפאכער פוהרמאן, אבער זעהער אנ׳עהרליכער מאן, דאס מעדכען איז איינס פון דיא אנטיקען, זיא פעראייניגט אין זיך שענהייט מיט אלע טהייערסטע מעלות וואס א פרויא דארף בעזיטצען.

— איך ווינש אייך פון טיעפסטען הערצען גליק בעסטער פריינד — האב איך מיט הערצליכער פריידע געזאגט — דען איהר האט פערדיענט אזא פרויא וויא איהר האט ערשט אבגעמאלט.

איך האב ערצעהלט סימאנען פון דעם וואס איך וועל באלד ארייגטרעטען אין דינסט צו דער גרעפין רעגינא סאלטיקאוו. ער איז דאמיט זעהער צופריעדען געוועזען. ער האט מיר ערצעהלט אז איהם איז זעהער גוט בעקאנט דאס לעבען פון רעגינאן ער וויים אלעס וואס מיט איהר האט פּאסירט פריהער און וואס מיט איהר איז יעצט.

פון איהם האב איך ערפאהרען אז רעגינא האט זיך א גאנץ קורצע צייט

גליקליך געפיהלט מיט איהר מאן, ניט מעהר וויא דרייא מאנאטען זיינען פער־גאנגען איז צווישען איהר מיט איהר מאן א קריעג ענטשטאנדען און זייא זיינען איינער צום צווייטען זעהער קאלט געווארען, אנפאנגס איז רעגינא אויסער זיך גיוועזן פון גראססע שמערצען, זיא איז געפעהרליך קראנק געווארען און דער דאק־טאר קלעמענס איז וועגען איהר שטארק אונרוהיג גיוועזן, ענדליך אבער איז זיא געזונד געווארען און האט גענעבט צוריקגעצאָגען פון דער גאנצער וועלט, זיא האט מיט קיינעם גירעדט און איז אין קיין געזעלשאפט געקוממען, נור אין רער לעצטער צייט איז זיא אין גאנצען אנדערש געווארען. זיא איז צוריק געווארען מונטער און פרעהליך, זיא האט אנגעהייבען צו קומען אין געזעלשאפט און זיא איז בעדייטענד שענער געווארען אלס פריהער. דיא וועלט רעדט אז דיעזע פערענדערונג האט א גרויסער בעדייטונג. אז דוא מוז זיין א געוויססע אורזאכע, אבער אין וואס איי־גענטליך דיא אורזאכע בעשטעהט ווייס קיינער.

— אבי זיא איז געזונד און מונטער, בין איך צופריעדען — האב איך גע־זאגט.

— וויא איך זעה, ליעבסט דוא זיא נאך הייטע אויך — האט סימאן גע־לאכט.

— רופט דאס וויא איהר ווילט: ליעבע, פריינדשאפט אדער פעררעקט־הייט, אבער איך ווייס אז פאר מיר גיעבט עס קיין זאך אין דער וועלט, וואס איז ביי מיר זא הייליג און טהייער וויא רעגינא. פון איהרטוועגען בין איך יעדע מינוט פערטיג מיין לעבען אויפצואָפפערען.

— איך וויל דיך דאפיר ניט טאדלען — האט סימאן געזאגט — אויגענט־ליך איז דאס א גרויסע זינדע, צו ליעבען א פערהייראטע פרוי, אבער וויא איך קאָן דיך, ווייס איך, אז דוא דענקסט, בעהיטע גאט, קיין שלעכטעס מיט דיין ליעבע, דאך איין זאך מוז איך דיר זאגען, אז דיעזע ליעבע קען דיך אין טיעפען אבגרונד שטירצען.... דוא זאלסט דאס ניט פערגעסען.

— איך האב אייך שוין פריהער געזאגט, אז דער גראב איז פאר מיר ניט שרעקליך, ווען איך וועל נור וויסען, אז צוליעב איהר האב איך אין איהם געזונ־קען. איך שעטץ מיך יעצט גליקליך מיט דעם געדאנק, אז איך וועל רעגינאן קע־נען מיט עטוואס נוטצליך זיין. אך, וויא האלט איך שוין דאבייא, איך זאל שוין זיין אין איהר הויז און זאל הייסען איהר דיענער!

— דוא ווערסט דאס גיעך דערלעבען — האט סימאן לאכענד געענטפערט,

דען וויא באלד יוסט האט זיך אונטערגענומען דיר דיא שטעלע צו געבען, איז דאס אזוי וויא ביי־דיר אין דער טאשע.

איך בין ביי סימאנען אבגעזעסען איבער צווייא וואכען. ענדליך האב איך זיך מיט גוואלד פון איהם אויסגעריסען און בין אוועקגעפאהרען צוריק נאך פע־טערסבורג און, מען קען זיך פארשטעלען מיין פריידע, אלס ארייגקומענדיג צו יוסטען אין הויז, האט ער מיר געזאגט:

— איך האב שוין מיט דער פירסטין רעגינא וועגען דיר גערעדט, זיא איז ווילינג דיך אין איהר הויז צו נעהמען. נא דיר א בריעף און געה שוין צו איהר אריבער, דוא וועסט שוין דארט פערבלייבען.

איך האב מיר דיא גרעסטע מיהע געגעבען, ניט ארויסצווייזען וויא דיעזע נאכריכט האט מיך ערפרייעט. איך האב נעהאפט דעם בריעף און בין אוועק־געלאפען צו דער גרעפין רעגינא סאלטיקאָוו.

## לט.

## וויא א פיש אין וואסער.

קומענדיג צו רעגינאס הויז האב איך אנגעקלונגען. א בעדיענטער האט דיא טיהר געעפענט און, אלס איך האב איהם געזאגט, אז איך בין דער נייער קאמערדיענער, וואס דיא גנעדיגע גרעפין האט בעשטעלט, האט ער פריינדליך געענטפערט:

— איך ווייס פון דעם, דיא גרעפין האט שוין איינינע מאל געפרעגט, וואס איז דיא אורזאכע, וואס איהר זייט נאך ניט געקומען?

— קען איך יעצט פאר דער פירסטין פארגעשטעלט ווערען?

— יא, זיא איז יעצט אליין אין איהר צימטער, קומט, איך וועל אייך צו איהר ארייגפיהרען.

ער האט מיך געפיהרט דורך פיעלע רייך מעבלירטע צימטער און האט מיך ענדליך צוגעפיהרט צו א טיהר, וועלכע ער האט לאנגזאם געעפענט און, אריינ־שטעקענד אהין דעם קאפף, האט ער געזאגט:

— גנעדיגע גרעפין, דער נייער קאמערדיענער איז עקומען.

— גוט, זאל ער אריינקומען — האט זיך ערהערט רעגינאס קלינגענדע שטיממע.

דער בעדיענטער האט מיר א ווינק געטאהן, איך זאל אריינגעהן.

איך בין ארײנגענאנגען אין צימער װעלכער האט אויסגעזעהן װיא א גן עדן, אין איהם זײנען געשטאנען בלומען אין פערשיעדענע טהײערע כלים, װעלכע האבען פערברײטעט זײערע זיססען דופט איבער דעם גאנצען צימער, דאס מעבעל און דיא קארפּעט װאס איך האב דא גיזעהן װארען פון דיא טהײערסטע סאָרטע װאס איך האב װען געזעהען.

בײא א שרײב טיש נעבען א פענסטער איז געזעססען רעגינא און האט געשריעבען. זיא האט זיך צו מיר ניט אומגעקעהרט, ביז זיא האט דעם בריעף גענענדיגט. ערשט נאכדעם, אלס זיא האט דעם בריעף פערזיגעלט, האט זיא זיך צו מיר געװענדעט און האט געזאגט:

— איז אײער נאמען יאָזעפּוס?

— יא, גנעדיגע גרעפין — האב איך געענטפערט.

— דער הערר יוסט האט מיר פון אײך זעהר פיעל גוטעס ערצעהלט און דארום פרײעט מיך זעהר, װאס איך קען אײך אלס מײן קאמערדיענער אין מײן הויז ארײננעהמען.

— איך װעל מיך מיט אלע קרעפטע בעמיהען, דער גנעדיגער גרעפין אין אלע הינזיכטען צופריעדען צו שטעלען — האב איך געענטפערט.

— איך מוז אײך יעצט זאגען, אויף װעלכע קאנדיציאָנען איך נעהם אײך יעצט צו. אײער געהאלט װעט זײן 600 רובעל א יאהר, אויסער עסען, װאָהנונג און קלײדונג. זײט איהר צופריעדען?

— יא, גרעפין.

— אײער ארבײט װעט בעשטעהן אין דעם: איהר זאלט האלטען רײן דאס צימער, דיא בלומען זאלען יעדען טאג בעגאסען װערען, דיא געשיער, אין װעלכע זײ שטעהען, װעלען מוזען גערײניגט און געפּוצט װערען, דער קארפּעט װיא אויך דאס מעבעל מוז יעדען טאג געלופטערט װערען.

— איך הער, גנעדיגע פירסטין.

— יעצט װעל איך דורך אײך דיעזען בריעף אבשיקען — האט רעגינא נאך א קורצע פּויזע געזאגט — װײסט איהר, װאו אוספּענסקאיא אוליצא איז?

— יא, איך װײס.

— דארט װעט איהר אויסגעפינען דעם נומער 172, אין דעם הויז װאהנט דער באנקיר דע־קרים, זאלט איהר דיעזען בריעף איבערגעבען זײנער פרוי אמאליא דע־קרים.

— זאל איך ווארטען אויף אנ׳אנטוואָרט?

— אויב דיא מאדאם דע־קרים וועט זיין צו הויזע, זאלט איהר ווארטען אויף איהר אנטווארט, נור ווען איהר וועט זיא פיעלייכט ניט טרעפען, זאלט איהר דעם בריעף אזוי איבערלאָזען.

— גוט, גנעדיגע גרעפין. האט איהר מיר מעהר גאר נישט צו בעפעהלען?

— ניין.

איך האב שוין געוואלט ארויסגעהן, נור דיא גרעפין האט מיך אבגעשטעלט און האט געזאגט:

— נאך עטוואס וויל איך אייך בעאויפטראגען.

— בעפעהלט, גרעפין.

— ווייסט איהר, וואו דער טויטער פערעאולאָק איז?

— ניין, איך ווייס ניט, אבער איך וועל איהם אויסגעפינען.

— אין דיעזען פערעאולאָק, אין דעם נומ. 26 וואהנט אנ׳ארמע וויטווע, וועלכע ליעגט שוין זייט דרייא וואָכען קראנק. דאס געלד וואס איך גיעב אייך, זאלט איהר איהר איבערגעבען און זאלט איהר זאָגען, אז מארגען אום עלף אוהר פאר מיטטאג וועל איך צו איהר קומען.

— איהר, גנעדיגע גרעפין, וועט אליין צו איהר קומען?

— יא, דעז זיא האט מיר אנגעזאגט דורך איהר טאכטער, א קינד פון דרייצעהן יאהר, אז זיא האט מיט מיר זעהר וויכטיגעס צו שפרעכען און, וויל אליין קען זיא צו מיר ניט קומען און דורך אנ׳אנדערען קען זיא דאס ניט איבער־געבען, איז זיא געצוואונגען מיך צו בעטען, איך זאל צו איהר אליין קומען.

— ערלויבט מיר, גנעדיגע גרעפין, אייך אויפמערקזאם צו מאכען, פיעלייכט האט יענע וויטווע עטוואס שלעכטעס אין זינען..

— שלעכטעס וועגען מיר? — האט רעגינא מיט א זאנפטען שמייכעל גע־זאגט — וואס פאלט אייך איין? דיעזע פרוי קאָן מיך גאר ניט אין, לויט איהר קינד האט מיר ערצעהלט, איז זיא זעהר אונגליקליך. אזא קינד קען דאך געוויס קיינע ליגען זאגען.

איך האב אין הערצען געלאכט פון רעגינאס איינפעלטיגקייט ווער ווייס נאך וויא איך, אז עס זיינען פאראן יונגע קינדער, וואס זיינען אויף דער העכסטער שטופע פערדאָרבען? אבער איך האב דער גרעפין ניט געגעבען צו פיהלען אז איך דענק עטוואס, און האב געענטפערט:

— גוט, איך וועל ביי דיעזער פרוי זיין און וועל איהר דאס געלד, אויך אייערע ווערטען איבערגעבען.

— בעפאר איהר געהט דיא גאנגען וואס איך שיק אייך, קענט איהר אריינ־געהן אין דעם עססצימער פון דיא איבעריגע בעדיענטע און מיט זיי צוזאממען אבעסען דינער.

איך האב מיך דעמיטהיג פערנייגט און בין אריינגעגאנגען אין דעם עסס־ציממער, וואו עס זיינען געזעסען פיער מענליכע בעדיענטע און צוויא מעדכענס, וועלכע ווארען דיא קאמערמעדכענס פון דער גרעפין.

דיא אלע בעדיענטע האבען מיך זעהר פריינדליך עמפפאנגען און איך האב מיט זייא צוזאמען געגעסען.

איך האב אויף זיי אלעמען זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט, בעזאנדערס אויף איינער פון דיא קאמערדינערינס, וועלכע האט געהייסען הליא. זיא וואר א מעדכען פון א יאר צוואנציג, א שעהנע, געזונטע מויד, מיט צוויא לאנגע צעפ און מיט פייערינע שווארצע אויגען. זיא האט מיך באלד איינגעלאדען צו זיך אויף דעם געבורטסטאג, וואס זיא פייערט הייטע אבענדס, און איך האב דיא איינלאדונג אנגענומען.

אלס איך האב ערצעהלט מיינע נייע קאמעראדען, אז איך טראג יעצט א בריעף צו דער מאדאם דע־קרים, האט יוליא ערפרייעט אויסגערופען:

— זעהר גוט. ווען איהר וועט דארט זיין, זאלט איהר בעטען דער מאדאם דע־קרים׳ס קאמערמעדכען גלאפירא, זיא זאל אויך הייטע אבענדס קומען צו מיר געבורטסטאג. זיא וועט געוויס קומען, דען זיא איז מיין בעסטע פריינדין.

— זעהר גוט, איך וועל דאס איהר זאגען — האב איך פערשפראכען.

באלד נאך דעם עססען, בין איך אוועקגעלאפען מיט דעם בריעף צו דער מאדאם דע־קרים.

איך בין ניט אין שטאנדע אויסצודריקען דיא געדאנקען, וואס האבען דא־מאלס מיין קאפף אנגעפיעלט. איך האב עררייכט מיין ציעל און בין אין שטאנ־דע רעגינאן צו בעדיענען, זיא צו בעוואכען און פיעלייכט פערהיטען פון אונגליק! דאס וואר פאר מיר אזא גליק, וואס מיט ווארטען בין איך ניט אים שטאנדע דאס אויסצושפרעכען.

דער איינדרוק, וואס רעגינא האט אויף מיר יעצט געמאכט, וואר א זעלט־זאמער. איך בין ליידער קיין פאעט און קען דאס פאר קיין פאל מיט אייפאכע ווארטען אויסשרייבען, ביז אהער האב איך זיא בעטראכט וויא א היילינגטהום,

וואס קיינער דארף וואגען נאהענט צו איהר צו צוטרעטען, און יעצט האט עס מיך היגנעריסען צו איהר. איך בין פערטיג געווען צו שטערבען בלויס פאר איין דריק פון איהר האנד.

פאר מיינע אויגען האט אלעס געטאנצט און געשפרונגען. עפעס האט זיך מיר געוואָלט פליהען. מיין גייסט האט זיך וויא געריסען פון מיין קערפער. מיר איז קיין מאל זא פרעהליך געווען, וויא יעצט.

איך האב דער מאדאם דע־קרים צו הויז ניט געטראָפען און האב דעם בריעף געמוחט איבערלאָזען ביי איהר קאָמערדיענער.

איך האב מיך דערמאָנט אן דעם, וואס יוליא האט מיך געבעטען, איך זאל איינלאדען דער מאדאם דע־קרים'ס קאמערדינערין צו איהר געבורטסטאג, דארום האב איך געבעטען, מען זאל מיך צו איהר פיהרען.

מען האט מיר אנגעוויעזען גלאפיראס צימער און איך בין אהין אריינגע־גאנגען.

דאס וואר א מעדכען פון איבער צוואנציג יאהר, אויך איינע שטארקע, געזונדע מויד און מיט דעם ערשטען בליק אויף איהר, האט מען געקענט ערקאָ־נען, אז זיא געהערט צו דער קלאססע דיענסטען, וואס האבען ליעב גוט צו עסען און צו טרינקען.

— זייט איהר פריילין גלאפירא? — האב איך זיא געפרעגט.

— יא, דאס בין איך — האט זיא זעהר שטאָלץ געענטפערט — און האט מיך פערוואונדערט בעטראכט — ווער זייט איהר?

— איך בין א קאמערדיענער ביי דער גרעפין סאלטיקאוו, איך האב פון דער גרעפין געבראכט א בריעף צו אייער הערין. אייער פריינדין יוליא האט מיך געבעטען, איך זאל אייך אין איהר נאמען איינלאדען צו איהר געבורטסטאג, וואס זיא פייערט הייטע אבענד.

— זעהר שעהן — האט זיא פריינדליך געענטפערט — זיטצט. וויא באלד איהר האט מיר פון מיין פריינדין יוליא אזא גרוס געבראכט, זייט איהר ביי מיר א גוטער גאסט.

איך האב מיך געזעטצט. מיר האט זיך זעהר געוואלט מאכען א געשפרעך מיט דיעזער מעדכען, אום פון איהר צו ערפאהרען דיא פערהעלטניססע צווישען רעגינאן מיט דער מאדאם דע־קרים.

— זייט איהר שוין לאנג בעקאנט מיט יוליאן? — האב איך איהר גע־פרעגט.

— ניין, ניט לאנג, זייט מיין הערדין איז בעקאנט געווארען מיט איהרער—האט זיא געענטפערט.

— איז דיא גרעפין סאלטיקאָוו שוין לאנג בעקאנט מיט אייער הערדין?

— ניין, ניט לאנג.

— וויא איך פערשטעה, זיינען זיי שטארקע פריינדינס?

— א קליינינקייט, צו זיינען זיי פריינדינס, דיא גרעפין מעג מיין ווירטהין אנ׳עווינע פריינדין זיין, דען ווען ניט דיא מאדאם דע־קרים, ווער ווייסט וואס פון איהר וואלט געווארען.

— אייער הערדין האט, וויא איך פערשטעה, זעהר פיעל גוטעס געטאהן מיט דער גרעפין?

— מיא קען זאגען, אז זיא האט דער גרעפין פון טויט געראטעוועט.

— פון טויט געראטעוועט?

— יא, דען דיא גרעפין סאלטיקאָוו איז פלוצלינג געווארען זאָ מעלאנכאָליש, דאס זיא האט פון קיין אנדער זאך געדענקט, וויא פון דעם טויט און קוים איז זיא מיט דער מאדאם דע־קרים בעקאנט געווארען, איז זיא געווארען מונטער און פרעהליך, זיא האט שוין יעצט דעם טויט אין זינען ניט, אין געגענטהייל, זיא וויל לעבען און זיא לעבט אין אלע פערגעניגען. זיא געהט צוזאמען מיט מיין ווירטהין אויף בעלער און אמוזירט זיך זעהר גוט, אויך הייטע אבענדס געהען זיי אויף א באל.

— לויט איך הער פון אייך, איז אייער ווירטהין א זעלטענע פרוי, זיא קען איינפאך פון טויט לעבענדיג מאכען.

— וואס פאר א מיטעל זיא האט אנגעווענדעט צו דער גרעפינס מעלאנכאָליע, דאס ווייס איך ניט, אבער אז נור זיא האט אויף איהר געווירקט, דאס איז געוויס.

איך האב געזעהן, אז מעהר וועל איך פון דער קאמערמעדכען ניט קענען אויספאָרשען, דארום בין איך אויפגעשטאנען פון מיין ארט און האב געפרעגט:

— ווערט איהר הייטע קומען צו יוליאַן?

— געוויס וועל איך קומען, דען הייטע אבענדס ווערט מיין ווירטהין זיין אויף א באל, וועל איך קענען פון דער היים אוועקגעהן. ווערט איהר אויך אויף דער שמחה זיין?

— געוויס וועל איך זיין — האב איך געענטפערט.

— זעהר גוט — האט זיא מונטער געזאגט — וועלען מיר זיך היטע אַבּענד אבערמאלס זעהן.

איך בין פון איהר אוועקגעגאנגען נאך דעם הויז פון יענער אָרמע פרויא, וועלכע האט דורך איהר קינד געבעטען דער פירסטין, זיא זאל זיא בעזוכען.

איך האב מיך דערפרעגט צו דער טויטען פּרעאָבּראזשענסקי פּערעאולאָק און בין ענדליך אהין געקומען.

— דאס וואר א קליין שמאָלע געסעלע, וואו קיין איזוואָשציק האט געקענט דורכפאהרען. דאס געסעל וואר ניט ברוקירט און דארום איז אין איהר געווען זעהר פיעל בלאָטע. איך האב אויסגעזוכט דעם נומער פון דעם הויז, וואו יענע ארמע, קראנקע פרויא האט בעדארפט וואהנען און האב אנגעקלאפט אין דער ערשטער טיהר, אבער קיינער האט מיר געענטפערט, איך בין דארום ארויפגע־גאנגען צום צווייטען שטאָק און האב דא אנגעקלאפּט אין אלע טיהרען וואס איך האב דא געזעהן, אבער אויך דא האט מיר קיינער געענטפערט. איך האב בע־מערקט, אז דיא הויז איז אונבעוואהנט און קיין לעבענדיגער מענש געפינט זיך דאָ, דאך האב איך מיך געפּרובט ארויפצוגעהן צום דריטען שטאָק. דא האב איך בלויז איין טיהר דערזעהן און האב אין איהר שטארק אנגעהויבען צו קלאָ־פּען און, אלס איך האב אויך דא קיין אנטווארט ערהאלטען, האב איך געוואלט אוועקגעהן, אבער פּלוצלינג האט זיך דיא טיהר געעפענט, א קליינעס מעדכען פון אונגעפעהר צוועלף יאהר, מיט זעהר א סימפּאטישעס געזיכט און זעהר ארם געקליידעט. מיט א רחמנות פנים האט זיא מיך אנגעקוקט און האט געפרעגט, וועמען איך זוך.

— וואָהנט דא דיא פרויא קראַסנאָווסקי? — האב איך געפרעגט.

— וואצו ברויכט איהר זיא?

— איך בין געשיקט פון דער גרעפין רעגינא סאלטיקאָוו.

— אזוי? איהר זייט געשיקט פון דער גרעפין סאלטיקאָוו? — האט דאָס מעדכען ערפרייעט אויסגערופען — אך, וויא וועט זיך דיא מאמא ערפרייען! קומט אריין, גוטער מענש.

— וואו איז דיין מאמא? — האב איך געפרעגט, אריינקומענדיג אין זעהר א וויסטען אָרמען צימער.

— זיא ליעגט דארט אין צימער.

זיא האט מיר ביי דיא ווארטען אנגעצייגט אויף א טיהר.

— קען איך אהין אריינגעהן?

— איך וועל נעהן פרענגן דער מאמא.
— נוא געה פרעג זיא.
דאס מערכען איז אריינגעלאפען אין יענעם צימער און איז באלד ארוסגע־קומען צוריק מיט דיא ווערטער:
— קומט אריין, גוטער מענש, דיא מאמא וויל אייך זעהן.
איך בין אריינגעגאנגען אין דעם צווייטען צימער, וועלכער וואר זא ארם וויא דער ערשטער. דארט אין אנ'אלטער בעט איז געלעגען א יונגע פרוי, וועל־כע האט אויסגעזעהן זעהר קראנק. מיט א שוואכער שטימע האט זיא געפרעגט, צו איך בין ווירקליך געשיקט געווארען פון דער גרעפין סאלטיקאוו און, אלס איך האב איהר געגעבען דאס געלד, וואס דיא גרעפין האט איהר צוגעשיקט, און האב איהר געזאגט, אז מארגען וועט דיא גרעפין אליין ביי איהר זיין, האט זיא זיך אויס פריידע פאנאנדערגעוויינט.
דיא פרוי האט מיך ביז צו טרערען גערירט און איך האב איהר פער־שפראכען פארצושטעלען פאר דער גרעפין איהר ביטערע לאגע, אום זיא זאל איהר העלפען פון דער פאלער האנד.
זיא האט מיר הערצליך בעדאנקט און איך בין אוועקגעגאנגען מיט זעהר א גוטער מיינונג וועגען דיעזער פרוי. מיר איז גאר נים איינגעפאלען דיא פראגע, וואָרום וואהנט דיעזע פרויא אין אזא הויז, וואו קיין מענשען געפינען זיך? מיר איז אויך ניט איינגעפאלען נאכצופרעגען זיך בייא דיא נאכבארס פון דיעזע הויז וועגען דער פרוי.
איך בין געלאפען צוריק אהיים, איבערגעבען דער גרעפין דעם רעזולטאט פון מיינע גענגע, אבער איך האב זיא צו הויזע נים געטראפען.
דער הויזמייסטער האט מיר געגעבען דיא קליידער, וואס ווארען שוין אנ־געגרייט פאר מיר. דאס ווארען קליידער פון א גרעפישען קאמערדינער און זיי זיינען געמאכט געווארען פון סאמעט און פון זייד. איך האב זיי אנגעצויגען און, אלס איך האב אויך זיך אקוק געטאהן אין שפיעגעל, האב איך זיך אליין נים דערקענט. איך בין יעצט צופריעדען געווען מיט זיך אליין און מיט דער גאנצער וועלט.
אלס איך בין פערטיג געווארען מיט דעם טואלעט, בין איך אריינגעגאנגען אין דעם צימער וואו דיא גרעפין איז פריהער געזעסען, צו זעהן אויב אלעס איז דארט אין ארדנונג, און וויא ערשראקען איך בין געווארען, אלס קומענדיג אהין האב איך דערזעהן א מאן, זיצענדיג ביי דער גרעפינס שרייב טיש און דערזעהנ־

דינ מיך, האט ער זיך א חאפ געטאהן פון זיין ארט און האט אוים חאפעניט ארונטערגעוואָרפען איינינע נענענשטענדע פון דעם טיש.

— איך האב א קוק געטאהן אויף דעם מאן און האב גלייך ערקאַנט יע־נעם יונגען מאן, וועלכער האט זיך זא אנגעשיכורט אין דעם וויינהויז אין דער סאבאקאָווסקאיא אוליצא. איך האב פערשטאנען, אז דאס איז דער פירסט, רעגינאס מאן, און האב מיך דארום זעהר העפליך גענען איהם פערנייגט.

— ווער ביזט דוא ? — האט ער מיך שטרענג געפרענט.

— איך בין דער נייער קאמערדינער פון דער גנעדינער פירסטין.

— זא ? — האט ער מיט א ספאטישען טאן א מורמעל געטאהן און איז פון דעם צימער ארויסגעגאנגען.

מיר איז אין דער ערשטער מינוט גאר ניט איינגעפאלען דער געדאנק, אז דער גראף האט זיך ערשראָקען ביי מיין אריינקומען, אבער באלד האב איך מיך דערמאנט, וויא ער האט זיך א חאפ געטאהן פון דעם טישעל און דאס איז אין מיינע אויגען זעהר פערדעכטיג פאָרגעקומען. איך האב אנגעהויבען צו פירכטען, פיעלייכט וועט דיא גרעפין, דערזעהענדיג דעם אונאָרדנונג וואס דא איז געוואָ־רען, מיינען, אז איך האב דאס געמאכט, דארום האב איך געשווינד אלעס אין אָרדנונג געבראכט, זא דאס עס וואר אונמעגליך צו ערקאנען, אז דא איז יעמאנד געוועזן.

עס האט לאָנג ניט געווערט, איז ד״א גרעפין געקומען. איהר ערשטע פרא־גע, אלס זיא האט מיך דערזעהן, וואר: צו האב איך איהר בריעף איבערגעגע־בען דער מאדאם דע־קרים ?

— ניין — האב איך געענטפערט — איך האב זיא צו הויזע ניט געטרא־פען, דארום האב איך דעם בריעף דארט איבערגעלאָזט, מען זאל עס איהר אי־בערגעבען.

— גוט — האט זיא געזאגט — זיא וועט שוין דעם בריעף ערהאלטען און איך צווייפעל ניט, אז באלד וועל איך פון איהר אנ׳אנטווארט האבען. נוא, און ביי דער ארמער פרוי זייט איהר געוועזן ?

— יא.

— איז זיא ווירקליך זא אונגליקליך ?

— זעהר אונגליקליך.

איך האב איהר ערצעהלט, וואס פאר א טיעפען איינדרוק דיא ארמע פרוי האט אויף מיר געמאכט.

— ארמע אונגליקליכע! — האט רעגינא זיפצענד אויסגערופען — איך מוז איהר העלפען, וויא וויים איך וועל קענען. מארגען וועל איך אונבעדינגט בייא איהר זיין.

זיא האט זיך א ווארף געטאהן אויף א שטוהל וויא ערמידעט און האט מיט איהר טאשענטוך זיך געפאכעט. ענדליך האט זיא זיך צו מיר געווענדעט און האט געוואלט עפעס זאגען, אבער אין דער מינוט האט זיך דיא טיהר געעפענט און דער פירסט איז אריינגעקומען.

איך האב פערשטאנען, אז איך דארף דא יעצט ניט זיין, דארום בין איך ארויסגעגאנגען פון דעם ציממער אין דעם אנדערען און האב זיך גענומען איהם אויפראמען.

אנפאנגס האבען זייביידע גערעדט זא שטיל, דאס איך האב איין ווארט ניט געקענט הערען, ענדליך אבער האבען זיי אנגעפאנגען צו ריידען זא הויך, דאס איך האב יעדעס ווארט געהערט.

— נעהסט דוא הייטע אויף דעם באל? — האט דער גראף מיט א ספאַ־טישען טאָן געפרעגט.

— יא — האב איך געהערט רעגינאס שטימע.

— וועט דארט געוויס דער הערר יוסט אויך זיין? — האט ער מיט דעם זעלבען ספאטישען טאן געפרעגט.

— ער וועט געוויס זיין, דען ער האט דאס מיר אליין געזאגט.

— זאָ? ער אליין האט עס דיר געזאגט? איך בין זעהר צופריעדען דא־מיט, דאס אזא פיינער, אָרדענטליכער מאן וויא ער, איז אים שטאנדע אזא פאר־נעהמע דאמע וויא דוא ביזט, פיעל פערגעניגען צו פערשאפען.

— איך האב ווירקליך פיעל פערגעניגען, ווען איך רייד מיט איהם — האט דיא פירסטין געענטפערט — ער איז זעהר א געבילדעטער, עדלער, גוטהערציגער יונגער מאן.

— יא, איך גלויב עס. איך גלויב אויך, אז דיין פריינדין, דיא מאדאם דע־קרים אכטעט און שעטצט איהם אזוי וויא דוא.

— געוויס האט ער פערדיענט, יעדער מענש זאל איהם אכטען און שעטצען.

— נעהסט דוא, לויט איך פערשטעה, אויפ׳ן באל צוליעב דעם עדלען גוטהערציגען יונגען מאן? — האט דער גראף געזאגט מיט אזא גיפטיגען טאן, דאס מיר האט עס וויא א שטאך געטאהן אין הערצען.

— ניט נראדע צוליעב איהם, אבער מיך פרייעט זעהר, וואס ער וועט דארט אויך זיין. וועסט דוא פיעלייכט אויך מיט מיר געהן אויף דיעזען באל?

— וואצו זאל איך געהן? דוא האסט אזא שעהנעם, נאָבלען קאוואליער, וועלכער וועט מיט פערגעניגען מיין שטעללע פערטרעטען.... אדיע, איך ווינש דיר, מיין לעבען, פיעלע פערגעניגען.

ער האט געעפענט דיא טיהר און איז האסטיג ארויסגעלאָפען. ער איז געוועזן זא פערווירט, דאס ער איז מיר פערביינגעלאָפען, אהנע מיך צו בעמערקען.

באלד האט מען פאר דער גרעפין א בריעף אריינגעטראגען. איך האב דערזעהן אויף דער אדרעססע. דעם נאמען דע־קרים און האב פערשטאנען, אז דאס איז יענע פרוי, צו וועלכער איך האב רעגינאס בריעף אוועקגעטראָגען.

איך האב דעם בריעף דער גרעפין איבערגעגעבען. זיא האט איהם דורכגעלעזן און האט זעהר ערפרייעט געזאגט:

— זיא וועט באלד קומען, יאָזעפוס! ווען דיא מאדאם דע-קרים וועט קומען, זאלסט דוא זיא צו מיר גלייך אריינפיהרען.

דיא גרעפין האט אריינגערופען איהרעביידע קאמערדינעררינס און זיי האבען זיא אנגעהויבען צו פערפוטצען לכבוד דעם באל.

דיא ווערטער וואס דער גראף האט איהר געזאגט וועגען דעם הערר יוסט, זיינען מיר גוט אינם קאפ אריין. איך האב מיך דערמאנט, אז מיין שטעלע האט יוסט פאר מיר אויסגעווירקט, דארום איז מיר איינגעפאלען אין קאפף דער געדאנק, פיעלייכט ליעבט ווירקליך דיא פירסטין דעם שעהנעם, יונגען קאפיטאן, און פון זיין זייט דארף דאך קיין רעדע זיין, דען וויא איז דאס מעגליך, מען זאל געליעבט ווערען פון אזא שעהנער פרוי, און מען זאל איהר מיט דער זעלבער ליעבע נים בעצאהלען. אלזאָ ראָמאנסירען זיי? און דער געדאנק האט מיך זעהר געקריינקט. איך בין אויפערזיכטיג געווארען אויף דעם עדלען הערר יוסט.

איך האב פון זיך אליין געלאכט ביי דעם געדאנק, וואס איך, רעגינאס קאמערדינער, בין אויפערזיכטיג אויף דעם מאן, וואס זיא האט ליעב. קען איך זיך דען פערגלייכען צו איהם? האב איך דען דאס רעכט צו טראָגען אזעלכע געדאנקען? וויא קום איך צו איהר? האב איך דען דיא קלענסטע האפנונג, פון איהר אמאל געליעבט צו ווערען? און דאך האט מיך דיעזער געדאנק נים געלאָזט רוהען און איך האב אנגעהויבען אויף יוסטען א האס צו טראָגען.

פעדטיעפט אין אזעלכע געדאנקען, בין איך געזעסען, ביז מען האט געמעל-דעט, אז דיא מאדאם דע־קרים איז געקומען. איך בין געלאָפען איהר ענטגעגען און האב זיא זעהר העפליך איינגעלאדען צו דער גרעפין אין צימער.

איך בין איבעראשט געווארען פון איהר שעהנהייט. דיא מאדאם דע־סרים וואר אין דעם זעלבען עקטער וואס דיא גרעפין רעגינא איז געווען. זיא וואר זאָ שטראהלענד און שעהן, דאס ווען מען האט אויף איהר א קוק געטאהן, האט מען געמוזט אויסער זיך ווערען פון ערשטוינען.

דיאביידע שעהנהייטען האבען א היבשע צייט אונטער פיער אויגען פער-בראכט, נאכהער זיינען זיי ביידע ארויסגעגאנגען. דיא גרעפין רעגינא וואר פער-פוטצט וויא איינע קעניגין און האט אין איהר באל־קלייד אויסגעוויזען זאָ מאַ-יעסטעטיש, דאס נאָך מיינער מיינונג, האבען אלע מענשען נאר אהן אויסנאהמע בעדארפט פאר איהר קניען. זיא האט אויסגעזעהן זא הייטער, וויא דאס גליק אליין.

— יאזעפוס — האט זיא צו מיר געזאגט — איהר זאלט ניערגענד אוועק-געהן און זאלט מיך דא ערווארטען.

— גוט, גנעדיגע פירסטין — האב איך געענטפערט.

זיא איז מיט דער מאדאם דע־קרים ארויסגעגאנגען פון פאלאסט. ביידע האבען זיך אריינגעזעטצט אין דעם עקיפאזש וואס האט זיי ערווארטעט און זיינען אוועקגעפאהרען.

איך בין איינינע מינוטען אליין געבליעבען; זיטצען אויף מיין ארט. מיר איז א זעלטענער פראגע אין קאָפּף אריינגעפאלען: צו איז דיא מאדאם דע־קרים ווירקליך א הייסע פריינדין צו רעגינאן, אדער איהר פריינדשאפט איז נור א מאס-קע און פיעלייכט איז זיא נאר איינע פון דעם גראף יאבלאָנסקים שפּיאָנען, וועל-כע וויכען רעגינאן אין אונגליק שטירצען?

דעם אלטען דאקטארס ווערטער, איך זאל מיט אפענע אויגען בעטראכ-טען אלע פערזאָנען וואס קומען אריין צו דער גרעפין און זאל מיינעם קיין צוטרויען שענקען, דיעזע ווערטער האבען מיך צו דעם געדאנק געבראכט. איך האב מיט פערדעכטיגע בליקען געקוקט אויף יעדען מענשען און איך האב יעדען איינגעהער פון דיעזען הויז בעטראכט פאר רעגינאס בלוטיגסטען פיינד.

פיעלייכט געפינט זיך צווישען דיא בעדיענטע אזעלכע, וואס זיינען בעפאל-מעכטיגט פון דעם גראף יאבלאָנסקי רעגינאן אין אבגרונד צו שטירצען? — האב איך זיך געקלערט, און האב מיך בעשלאסען, מיט פאָרשענדע בליקען צו בע-

טראכטען אלע בעדיענטע און ניט רוהען, ביז איך וועל ריכטיג זיין איבערציינט אין זייער טרייהייט צו דער גרעפין.

איך האב מיך דארום געפרייעט אויף דעם, וואס באלד וועל איך זיין ביי יוליאן אין ציממער מיט אלע בעדיענטע פונ'ם הויז, דארט איהר נעבורטסטאג צו פייערען, דען ביי דיעזער געלעגענהייט וועל איך פיעלייכט קענען ערקאָנען אללע בעדיענטע און וועל ערפאהרען, אויב ביי זיי אין דיא הערצער איז ניט פערבאָרגען עטוואס שלעכטעס צו רעגינאַן.

אויף דיעזען אונטערהאלטונג האב איך לאנג ניט בעדארפט ווארטען; דען אין א האלבער שטונדע ארום איז יוליא געקומען צולויפען און האט מיר פאָר־ווירפע געמאכט דאפיר, וואס איך לאָז מיך לאנג בעטען צו דעם אונטערהאלט. אללע געסטע זיינען שוין דא, נור איהר איינער פעהלט — האט זיא בייז געזאגט.

— איך געה שוין — האב איך געענטפערט און בין גלייך מיט איהר אוועק־געגאנגען.

איך האב אין איהר צימער געטראפען אלע בעדיענטע פון דעם גראף סאלטיקאָוו וויא אויך אייניגע פרעמדע געסטע.

יוליא האט דיעזע פרעמדע געסטע פאר מיר פאָרגעשטעלט און, וויא ער־שטוינט בין איך געווארען, אלס זיא האט מיר איינע פון דיא געסטע פארגע־שטעלט מיט דיא ווערטער:

— פריילין קאָמארינסקאיא, הויזהעלטערין פון דעם גראף יאבלאָנסקי.

דעם גראף יאבלאָנסקים א דינסט אין דיעזען הויז, אין דעם הויז פון זיין ערגסטער פיינדין? — האב איך זיך געקלערט — וויא קומט זיא אהער? אבער דאלד האב איך דיעזע פראגע פערענטפערט מיט דעם געוועהנליכען אנטוואָרט, אז דאס וואס דיא הערען זיינען צוקריעגט, געהט נאר ניט אן דיא בעדיענטע, אין געגענטהייל, אזא פיינדשאפט פערגרעססערט נאך דיא ליעבע פון דיא בע־דיענטע, זיי האבען דאדורך דיא געלעגענהייט אויסצוגיעסען דיא גאנצע גאל אויף זייערע הערשאפטען.

עס האט זיך ענטוויקעלט א געשפרעך וועגען דיא גראפען און פירסטען, ביי וועלכע דיא אללע האבען געדיענט, און פריילין קאָמארינסקאיא האט פאָר־געשטעלט דעם גראף יאבלאָנסקי אין דיא שווארצעסטע פארבען.

זיא האט ענדליך ערצעהלט, דאס אלס זיא האט ביי איהם חיטע געבע־טען ערלויבנים אוועקצוגעהן, האט ער פאר קיין פאל איהר ניט געוואלט טאהן דיא געפעלינקייט און האט מיט כעס געענטפערט:

— אזא דיענסט וויא דוא ביזט, דארף קיין פערגניגען זוכען.

נור שפעטער מיט אפּאָר שטונדען — האט דיא קעכין ווייטער ערצעהלט — אלס ער האט זיך מיט מיר אויף דיא טרעפּ בעגעגענט, איז ער געוועזן זעהר פרעהליך און האט צו מיר געזאגט:

— דוא האסט, דוכט זיך, געוואלט הייטע געהן׳ צו אנ׳ אונטערהאלט? דוא קענסט געהן, דען איך האב הייטע פיעל פערגעניגען, וויל איך, אז מיינע בעדיענטע זאלען אויך פערגניגען האבען.

— ווארום איז ער געוועזן אזוי פערגעניגט? — האט יוליא געפרעגט.

— דאס בין אויך נייגיעריג געוועזן צו וויסען, דארום בין איך אריינגעלאָפען צו דעם גראפס קאמערדיענער און האב איהם וועגען דעם געפרעגט. ער האט מיר געענטפערט, אז ער וויים ניט מעהר וויא דאס, אז מען האט געבראכט פאר דעם גראף א בריעף, וועלכער וואר איינגעהילט אין א פערשמוטצטען קאנווערט און, אלס יאבלאָנסקי האט איהם דורכגעלעזען, איז ער שטאדק ערפרייעט גע־ווארען און האט אויסגערופען:

— בראוואָ! יעצט בין איך צופריעדען.

דאביי האט ער דעם בריעף אריינגעווארפען אין פייער און האט איהם פער־ברענט.

— און פון וועמען איז דער בריעף געוועזן? — האט יוליא ווייטער געפרעגט.

— דאס ווייסען מיר ניט, אבער איך פערשטעה, אז דא האנדעלט זיך וועגען א קבר פאר זיינעם א פיינד, דען איך קאן איהם שוין זייט איינינע יאהר און איך וויים, אז יעדעס מאָל ווען ער בעגראָבט א פיינד, איז ער זעהר פרעה־ליך און גליקליך.

דיעזע ווערטער האבען מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט צו זיך געצויגען, איך האב אנגעהויבען צו קלערען, פיעלייכט האנדעלט זיך דא אום א קבר פאר רע־נינאן, דען איך חיים דאך, אז דער גראף יאבלאָנסקי געהט שוין ארום לאנג מיט דעם געדאנק, דער פירסטין און אונגליק צו שטירצען. עס קען דאך זעהר זיין, אז איינער פון דיא פלענער וואס ער האט וועגען איהר געמאכט, האט איהם גע־לונגען און עס האלט דאביי, רעגינא זאל אין זיין נעטץ אריינפאלען. אבער וויא אזוי זאל איך ערפאהרען וואס דא טוהט זיך און וועגען וואס דא האנדעלט זיך?

און פיעלייכט איז דאס אין גאנצען אנ׳אויסגעקלערטע געשיכטע — האב איך ווייטער געטראכט — עס קען זעהר זיין, אז דיעזע פריילין איז בעאויפטראגט געווארען פון דעם גראף יאבלאָנסקי צו ריידען אויף איהם שלעכטעס פאר רעגי־

נאס בעדיענטע, אום זיא זאל דורך דעם פון זיי עטוואס ערפאהרען, וואס ער דארף נאטהווענדיג וויסען.

אין אזעלכע געדאנקען בין איך געווען פערזונקען ביז דיא געטטע זיינען פאַנאנדערגעגאנגען. דאן בין איך אריינגעגאנגען אין דעם ציממער, אין וועלכען איך האב בעדארפט ערווארטען רעגינאן און האב מיך פערטראכט וועגען אלעם דעם וואס איך האב געהערט.

איך בין אזוי געזעסען, ביז דער זיינער האט געשלאָגען איינס, דאן האב איך ערהערט, וויא אנ'עקיפּאזש איז צוגעפאהרען צו אונזער הויז. איך האב פערשטאנען, אז דאס איז רעגינאס עקיפּאזש, און בין דארום ארויסגעלאָפען עמפּפאנגען מיין ווירטהין.

דאס איז ווירקליך זיא געווען. זיא איז אין הויז אריינגעקומען און, אלס איך האב איהר געזיכט דערזעהן, בין איך ערשראָקען געווארען. זיא האט אויסגעזעהן זעהר בלאס און ניעדערגעשלאָגען.

— וואס זאל דאס בעדייטען? האב איך זיך זעלבסט געפרעגט — האט איהר עטוואס אונאנגענעהמעס פאססירט אויף דעם באל? אדער דיא פריהערדיגע פריידע, וואס זיא האט בעוויעזען אין דער געגענווארט פון דער מאדאם דעקרים, איז געווען א געקינסעלטע, און יעצט, ווען זיא איז אליין, צייגט זיא ארויס איהר נאטירליכע לוינע?

איך האב פון איהר געשווינד דעם מאנטעל ארונטערגענומען און האב איהר געפרעגט, וואס זיא פערלאנגט.

— גאר נישט — האט זיא געענטפערט — איך האָב אייך, יאָזעפוס, נור איין זאך צו זאגען, אז מארגען גאנץ פריה זאלט איהר געהן צו מיין פאטער און זאלט זיך ערקונדיגען וועגען זיין געזונד.

— גוט, גרעפין, איך וועל אזוי טאהן — האב איך געענטפערט און האב געוואלט ארויסגעהן.

— נאך איין זאך — האט זיא געזאגט — מארגען אום ניין אוהר זאלט איהר בעשטעלען פאר מיר א איזוואזטשיק.

— דאס ווילט איהר געווים פאהרען צו יענער ארמער פרוי אין דעם טויטען פערעאולאָק? — האב איך געפרעגט.

זיא האט ביי דיעזער פראגע ערשטוינט זיך אומגעווענדעט צו מיר און האט אויף מיר זא בייז א קוק געטאהן, דאס איך בין ערציטטערט געווארען. איך האב

באלד פערשטאנען, אז איך האב א גרויסע נארישקייט געטאהן דאמיט, וואס איך האב מיך ערלויבט אן איהר אזא פראגע צו שטעלען און האב דאזים פער־שעהמט דיא אוינען אראפּנעלאזט.

— מיט איבעריגע ווארטען זאלט איהר מיך ניט בעלעסטיגען — האט זיא צו מיר זעהר שטרענג געזאגט — איהר קענט געהן שלאפען.

איך בין ארייננעגאנגען אין מיין צימער און האב מיך געלייגט שלאפען, אבער דער שלאף האט מיך ניט געוואלט פערוויענען אין זיינע הענד. דער גע־דאנק וועגען דעם געפאהר וואס עס שוועבט איבער דער פירסטין, האט מיך ניט געלאזט רוהען.

## מ.

## ביים טינער אין דיא ציין.

גאנץ פריה בין איך אויפגעשטאנען און בין אוועקגעגאנגען צו דעם גראף מאווריקי קאָנטוזאָוו, זיך צו ערקונדיגען וועגען זיין געזונד.

איך האב נעפירכטעט, פיעלייכט וועט מיך דער מולאטע, וועלכער שטעהט אימער אין קארידאָר, ערקאנען. אבער איך האב מיך אומזאנסט געשראָקען, ער האט מיך ניט ערקאָנט און האט מיך זעהר שטרענג געפרעגט, וועמען איך בעדארף.

— איך בין א קאמערדינער ביי דער פירסטין סאלטיקאוו — האב איך גע־ענטפערט — דיא גנעדיגע פירסטין האט מיך געשיקט אהער פרעגען, וויא בע־פינדעט זיך איהר פאטער.

— ער איז אין דער זעלבער לאגע וויא געוועזען — האט דער מולאטע גע־ענטפערט — אלט און שוואך.

איך האב געווארט, פיעלייכט וועט ער מיר נאך עטוואס זאגען, אבער ער האט מיר גאר נישט געזאגט.

— זאל איך דער פירסטין דיעזע ווארטען איבערגעבען? — האב איך איהם געפרעגט.

— יא — האט ער בייז געענטפערט.

איך האב שוין געוואלט אוועקגעהן, אלס דיא טיהר האט זיך געעפענט און דער פירסט אליין איז ארויסגעקומען, געשטיטצט אויף א שטעקען.

— געהט געשווינד אוועק פון דאנען — האט דער מולאטע צארניג צו מיר געזאגט.

איך האב מיך אבער ניט געהיילט, דען איך האב געוואָלט מיט דעם פירסט אלייז ריידען וועגען רעגינאן.

ער האט מיך באַלד בעמערקט און האט געפרעגט:

— וואס וויל דיעזער מאן?

— אייער מאכטער, דיא גנעדיגע פירסטין סאלטיקאָוו, האט מיך געשיקט זיך ערקונדיגען וועגען אייער געזונד — האב איך שנעל געענטפערט.

— זאָ? — האט דער אַלטער מיט א צופריעדענער מינע געענטפערט — וואס מאכט זיא?

— זיא איז ניט ביים בעסטען געזונד — האב איך געענטפערט.

— וואס? — האט ער ערשראָקען אויסגערופען — מיין טאכטער איז קראנק? קיינער האט מיר וועגען דעם ניט איין ווארט געזאגט. וואס פעהלט איהר? ליעגט זיא צום בעט?

— בערוהיגט אייך, גנעדינער פירסט — האט זיך דער מולאטע מיט אַ שמייכעל אנגערופען — אייער טאכטער איז געזונד און פריש. זיא איז ערשט געסטערן אויף א באל געוועזען.

— אזוי? זיא איז געסטערן געוועזען אויף א באל? — האט ער מיך גע־פרעגט.

— יא, גנעדיגער פירסט — האב איך געענטפערט.

— פאר וואס זשע זאגסט דוא אז זיא איז קראנק?

— זיא איז געקומען פון באל זעהר ערמיעדעט.

— דאס איז קיין וואונדער — האט ער ספאטיש געענטפערט — זיא האט צופיעל געטאנצט. פיהר מיך, מעלכיאָר, אין מיין צימער.

דער מולאַטע האט איהם גענומען אונטער דער האנד און האט איהם אוועקגעפיהרט, ווערפענד אויף מיר א טריאומפירענדען בליק.

איך האב פערשטאנען, אז דיעזער מולאטע האט רעגינאן פיינד און ער ווינשט איהר קיין גוטעס.

איך בין פון דעם פאלאסט אוועקגעגאנגען שטארק צופריעדען דאמיט, וואס איך וועל קענען רעגינאן זאגען אז איך האב מיט איהר פאטער גערעדט וועגען איהר און דאס ער האט זיך שטארק ערשראקען, ווען איך האב איהם גע־זאגט אז זיא פיהלט זיך אונוואהל, דען איך האב פערשטאנען, אז צווישען דעם פאטער מיט דער טאָכטער איז ניט אזא הארמאָניע, וויא עס דארף צו זיין.

מיר איז אויסגעקומען פערבייגעהן דאס הויז פון דעם גראף יאבלאנסקי

און איינינע קווארטאלען ווייט פון דעם הויז האב איך בענעגענט זיין קיכען, פריי־לין קאמארינסקי, וועלכע איז זעהר פערסאפעט געלאפען.

זיא האט מיך אנפאנגס ניט ערקאנט און איז פערביי מיר שנעל פערביי־געלאפען, נור אלס איך האב זיא אבגעשטעלט מיט מיין נומ מארגען, האט זיא אויסגערופען:

— דאס זייט איהר, הערר יאזעפוס? וואהין אזוי פריה?

— איך האב בעדארפט האבען אין דיעזער שטראססע. נור וואהין לויפט איהר דאס אזוי, פריילין קאמארינסקי?

— איך זוך א איזוואזטשיק פאר דעם גראף.

— זא פריה פאהרט דער גראף אויס?

— יא, ער ברויכט זעהר נאטהווענדיג אויסצופאהרען. ער האט פאסט אלע זיינע בעדיענטע געשיקט זוכען פאר איהם א איזוואזטשיק, אבער צום אונ־גליק איז היינט א רעגענדיגער טאג און אלע איזוואזטשיקעס [זיינען] וויא פער־שוואונדען געווארען.

— פאהרט דער גראף אלע פריהמארגען אויס?

— ניין, ער שלאפט אימטער ביז צוועלף אוהר, נור הייטע האט מען איהם אבערמאלס געבראכט א בריעף אזוי וויא געסטערן, זעהר אין א שמוטציגען קאנ־ווערט. דער גראף האט נאך געפטערן אבענדס אנגעזאגט, אז ווען מען וועט צו איהם א בריעף ברייגנען, זאל מען איהם גלייך אויפוועקען, דארום האט מען איהם אויפגעוועקט און אלס ער האט דעם בריעף דורכגעלעזען, האט ער זיך שנעל אנגעקליידעט און האט אונז אלעמען געשיקט, מען זאל פאר איהם וואס שנעלער ברייגנען א איזוואזטשיק.

דיעזע נייעס האט וויא מיט א צויבערשלאג אבערמאלס ערוועקט אין מיר דעם פערדאכט וואס איך האב געהאט געסטערן אבענד, צו האנדעלט זיך דא ניט אום רעגינאס אונגליק. איך האב אבער קיין צייט געהאט לאנג צו טראכ־טען און האב געזאגט צו דער קעכין:

— איך קען אייך דאס מאל דיענען. איך וועל אייך באלד ברייגנען א איזוואזטשיק.

— ווירקליך? איהר ווילט זא פריינדליך זיין? — האט זיא ערפרייעט געזאגט.

— יא, איך ברייגג אייך דיא מינוט א איזוואזטשיק, דען אין דער צווייטער גאס האב איך געזעהן איינעם שטעהן.

— איך וועל אייך דאפיר זעהר דאנקבאר זיין.

איך בין אוועקגעלאָפען.

אין מיין קאפף האבען זיך געטומעלט פערשיעדענע געדאנקען און פון דיעזע אלע געדאנקען בין איך צו איין רעזולטאט געקומען, אז דא האנדעלט זיך יעצט וועגען רעגינאס אונגליק און מערקווירדיגער ווייזע האב איך מיך עראינערט אן יענער ארמער פרוי אין דעם טויטען פערעאולאָק און דאס הערץ האט מיר גע־זאגט, אז אין יענעם הויז האט מען פאר דער גרעפין צוגעגרייט א קבר. דעם בעוויין האב איך געהאט פון דעם, וואס גראדע אין דער צייט וואס רעגינא האט בעדארפט פאהרען צו יענער פרוי, וויל דער גראף יאבלאָנסקי אויך אירגענד וואו פאהרען, און ניט אין זיין אייגענעם עקיפאזש, זאנדערן אויף א געדונגענעם איזוואזטשיק.

אבער וואס זאל איך יעצט טאהן?

דיעזע פראגע האט מיך יעצט שטארק בעשעפטיגט. אָנפאנגס האב איך אליין געוואלט פליהען אהין, צו יענער ארמער פרוי און זעהן וואס דארט טוהט זיך, איך האב מיך אבער בערעכענט, אז דאס איז קיין פלאן ניט, דען וויא עס זאל דארט ניט זיין, וועל איך צוליעב דעם מוזען מיין שטעלע פערליערען, אויב עס וועט זיך ארויסצייגען אז איך האב אנ׳אירטהום און דארט איז קיין געפאהר־פערהאנדען, וועט דאך דיא גרעפין העכסט צארניג זיין דערפאר וואס איך געה איהר נאך, און אויב איך האב געטראפען און מיר וועט געלינגען רעגינאן פון אונ־גליק צו רעטען, וועל איך שוין אויך ביי איהר קיין קאמערדינער קענען זיין, דען זיא וועט מיך בעטראכטען אלס איהר לעבענסרעטטער און וועט זיך ניט קענען מיט מיר שאפען אזוי וויא פריהער.

— איך מוז מיך דא אום הילפע צו אנ׳אנדערען ווענדען — האב איך זיך געטראכט.

אבער ווער זאל דיעזער אנדערער זיין? איהר מאן, דער גראף סאלטיקאוו, איז נאך פאר טאג אוועקגעפאהרען אויף דער יאגד, איהר פאטער איז אנ׳אלטער קראנקער מאן. צו וועמען זשע קען איך מיך מיט אזא וויכטיגע זאך ווענדען?

— הא? — האב איך פלוצלינג אויסגערופען — דאס איז א פראכטפאָ־לער פלאן. איך וועל מיך ווענדען צו יוסטען, ער איז דאך איהרער א פריינד און ער וועט זיך געוויס ניט ענטזאגען, איהר צו רעטטען פון א געוויסען אונגליק.

איך בין צוגעלאָפען צום איזוואָזטשיק וואס איז אין דער צווייטער גאס נע־

שטאנען, ההב מיך ארײנגעזעטצט אין זיין עקיפאזש און האב איהם געהייסען וואס גיכער פליהען צו יוסטס הויז.

פאהרענדיג, האב איך פון טאש ארויסגענומען א בליישטיפט מיט א שטי־קעל פאפיער און האב אנגעשריעבען פאלגענדע ווארטען:

„הערר יוסט!

א שרעקליך אונגליק ערוואַרטעט יעצט דער גרעפין רעגינא סאלטיקאוו. אין דעם טויטען פערעאולאק, אין דעם נומ. 26 האט מען פאר איהר א נעטץ אויסגעשפרייט. אין דער מינוט, וואס איהר וועט דיעזען בריעף ערהאלטען, זאלט איהר זיך ארײנזעטצען אין דעם עקיפאזש וואס שטעהט פאר אייער טיהר או זאלט נאך יענעם הויז פאהרען. נעהמט מיט זיך א רעוואָלווער. אין דעם גאנ־צען הויז וועט איהר קיין מענש געפינען, אויסער אויפ׳ן דריטען שטאָק וואהנט אנ׳ארמע פרוי. אין דער וואהנונג פון דיעזער פרוי וועט זיך דאס אבשפיעלען דיא טראגעדיע. עס קען זיין, אז דיא פרוי וועט אייך דיא גאנצע געשיכטע פער־לייקענען, זאלט איהר נעברויכען גוואלד, אום זיא זאל אייך ערצעהלען וואס דארט טוהט זיך. איך בעט אייך, איהר זאלט סיינעם ערצעהלען, אז דאס האט אייך געמעלדעט אייער געוועזענער דיענער

יאזעפוס".

אלס מיר זיינען צוגעפאהרען צו יוסטס הויז, האב איך איבערגעגעבען דעם איזוואָזטשיק דאס קוויטעלע און האב איהם געהייסען, ער זאל דאס איבערגעבען יוסטען.

— און וויא וועט זיין אז ער וועט צו הויזע נימ זיין? — האט מיך דער איזוואזטשיק געפרעגט.

— דאן וועל איך אליין מיט דיר פאהרען.

דער איזוואזטשיק איז ארײנגעלאָפען אין הויז און איך האב מיך פער־שטעקט אונטערן טויער, אום צו זעהן, צו וועט יוסט ארויסקומען.

איך האב לאנג ניט בעדארפט ווארטען, דען אין איינינע מינוטען ארום איז יוסט צוזאמען מיט דעם איזוואָזטשיק ארויסגעקומען. ער האט זיך ארײנגע־זעטצט אין דעם עקיפאזש און האט א געשרייא געטאָהן:

— פאָהר וואס שנעלער, דוא בעקומסט פינף רובעל.

דער איזוואָזטשיק האט א שמיטץ געטאהן דיא פערד און זיי זיינען געפלויי־גע וויא א פייל פון בויגען. איך האב מיך ארויפגעהאפט פון הינטען, אויף

דעם פלאַטץ וואס איז געמאַכט געווארען פאר דיא לאַקייעס, און בין אויך מיט־געפאהרען.

איך האב א קוק געטאהן אויף מיין זייגער, עס וואר שוין נאך ניין. איך האב פאר דער פירסטין בעשטעלט א איזוואָזטשיק אויף האלב נאך אכט, האט זיא דאך שוין געמוזט אהין אוועקפאָהרען און עס קען זיין, אז דער גראף יאַב־לאָנסקי איז שוין אויך דארטען און דיא טראַגעדיע האט זיך שוין פיעלייכט אָב־געשפיעלט.

איך בין איינפאך פון דער הויט געשפרונגען. יעדע מינוט האט זיך אין מיינע אויגען וויא אַן׳עווינקייט אויסגעצויגען.

ענדליך זיינען מיר אנגעקומען אין דעם טויטען פערעאולאָק און דער איז־וואָזטשיק איז שטעהן געבליעבען ביי דער טיהר פון יענעם הויז.

יוסט איז פון דעם עקיפּאַזש ארויסגעשפרונגען און איז אין דעם הויז אריינ־געלאָפען.

איך האב געבען דעם הויז דערזעהן נאך א איזוואזטשיק און בין דארום צו איהם צוגעלאָפען און האב איהם געפרעגט:

— איז מיט דיר ניט געקומען א מאן פון ניעווסקי פּראָספּעקט?

— יא — האט ער געענטפערט.

— ער איז א הויכער, דיקער מאן מיט באקענבארדען?

— יא.

— דאס איז דער גראף יאבלאָנסקי — האב איך זיך געקלערט — אלזאָ איז ער שוין דאָ.

— איז אהער ניט צוגעפאהרען נאך אַן׳עקיפּאַזש מיט א דאמע? — האב איך דעם זעלבען איזוואָזטשיק ווייטער געפרעגט.

— אלס איך בין אהער צוגעפאהרען, האב איך דא געטראפען איין איז־וואָזטשיק, נור ווער מיט איז געקומען ווייס איך ניט.

— זיא איז אויך דא! — האב איך ערציטטערט געשטאממעלט. ווער ווייסט, צו יוסט וועט שוין האבען וועמען צו רעטטען.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און בין אויך דיא טרעפּ ארויפ־געלאָפען.

אלס איך בין געקומען צו דער וואהנונג פון יענער ארמער פרוי, האב איך געטראָפען דיא טיהר האלב אָפען און האב דערהערט יוסט׳ס שטימע, וויא ער שרייט:

— זאג מיר, דוא פערפלוכטע פרוי, וואו איז דיא דאמע וואס איז מיט איינינע מינוטען צוריק אהער געקומען?

— דא איז קיין דאמע געוועזען — האט א פרויענשטימע געענטפערט — איך אליין וואהן דא מיט מיין קליינער טאכטער.

— דוא ביזט א ניעדערטרעכטיגע ליגנערין! — האט יוסט געדאנערט — זאג מיר וואו יענע דאמע איז, זאנסט ערשטיק איך דיך דאָ!

— אָ, האט רחמנות! — האט זיך דיא פרוי געבעטען — איך ווייס פון קיין זאך. זאָל איך בענראָבען מיין איינציגעס קינד, אויב איך ווייס פון יענער דאמע פון וועלכער איהר רעדט.

פלוצלינג האט זיך ערהערט א דומפּפע פרויענשטיממע:

— רעטטעט, רעטעט! הילפע, הילפע!

איך האב געהערט וויא א טיהר האט זיך מיט א קראך געעפענט און יוסט האט א געשריי געטאהן:

— איך בין דאָ, גרעפין! איך וועל אייך רעטטען.

אין דעם זעלבען מאָמענט איז דורך דער טיהר, נעבען וועלכער איך בין געשטאנען, ארויסגעלאָפען יענע ארמע פרוי וואס איך האב גטסטערען דא געזעהן אין בעט, האלטענדיג ביים האנד דאס קליינע מעדכען, וועלכע האט מיך געס־טערען דאָ בענענגט.

זיי האבען אוים איילעניש מיך ניט בעמערקט און האבען שוין געוואלט ארונטערלויפען דיא טרעפּ. מיין בלוט האט אין מיר געקאָכט איף דיעזע צווייא מערדערישע בעשעפּפּניסען און איך האב דער פרוי אזא שטויס געגעבען, דאס זיא צוזאמען מיט דאס קליינעס מעדכען האבען זיך ארונטערגעקייקעלט פון אלע טרעפּ און ביי מיר וואר קיין צווייפעל, אז זייערע ביינער האבען זיך צושאָטען פון דעם פאַל. איך האב אבער ניט געוואלט וויססען דעם רעזולטאַט פון דיעזען פאַל, און בין ארייננעלאָפען אין דעם צימער, פון וועלכען זייא זיינען ארוסגע־לאפען.

איך האב דא קיינעם געטראָפען. מיין בליק איז געפאלען אויף א טיהר, וועלכע איז געוועזען וויא פון א גרויסען שראנק און פון דארט האב איך ערהערט יוסטס שטיממע.

איך בין צו דיעזער טיהר צוגעלאָפען און האב געהערט וויא יוסט שרייט: דוא פערפלוכטער מענשענפרעססער איז דיר וועניג וואכ דוא האסט הונדערטער

ארדענטליכע ארמע פרויען אין גרעסטען אונגליק געשטירצט, וואס דוא האסט זיך יעצט גענוממען אויף דיא פיינסטע אריסטאקראטישע פרויען אין אונגליק צו שטירצען, נא! דאָ האסט דוא פון מיר פארלויפיג א קליינע פּאָרציאָן.

און אין דער מינוט האב איך געהערט א קלאנג פון עטליכע פייערינע פעטש.

— איהר מאגט אייך שעמען! — האב איך געהערט יאבלאנסקיס שטימע — איהר שלאגט א געוועהרלאָזען מענשען וועהרענד איהר זייט בעוואפפענט, אייב איהר זייט ווירקליך אזא געפעהרליכער ריטער וויא איהר שטעלט זיך פאר, געהט ארויס מיט מיר אויף אדועל, דאן וועלען מיר זעהען ווער פון אונז עס איז שטארקער.

— גוט! — האט יוסט געענטווערט — איך וועל מיט דיר דועלירען, אבּ־וואהל פאר דיר איז צופיעל עהרע איך זאל מיך מיט דיר שלאָגען, איך טוה דאס אבער דאך אוּם, דיר פערפלוכטער הונד צו צייגען, אז איך פעראכטע דיך מיט דיין קונסט אין דועלירען, זאג אונמענש, ווען זאלען מיר געהען דיעזען בלוטיגען טאנץ?

— מארגען — האט יאבלאנסקי געענטווערט — מארגען שיק איך צו אייך מיינע סעקונדאנטען און זיי וועלען מיט אייך אבריידען אלע קאנדיציאנען וועגען דעם דועל.

— ניין! — האט רעגינא א געשרייא געטאהן — איך בעשווערע אייך הערר יוסט, איהר זאלט דיעזען מערדער, דיעזען באנדיט אזא עהרע ניט בעווייזען. ניט מיט אזא פערפלוכטען סוביעקט דארפט איהר דועלירען, איהם דארפט איהר נור גוט אויספּאטשען און אלע ציין אויסשלאָגען, וויא מיא טוהט אנ׳איינפאכען רויבער.

— דאס אלעם ווייס איך — האט יוסט שפּאָטענד געענטווערט — אבער איך וויל איהם מיט דיעזען דועל צייגען, דאס זאנאר דיא שענדליכסטע פּערזאָ־נען בעהאנדעל איך מענשליך, וועהרענד ער בעהאנדעלט דיא פיינסטע מענשען מיט דער גרעסטער ניעדערטרעכטינקייט, אלזא אזוי בלייבט דאס גראף, מאר־גען דועלירען מיר און איהר גינעדיגע גרעפין קומט מיט מיר איך וועל אייך א היים אוועקפיהרען.

איך האב פערשטאנען, אז זיי וועלען באלד ארויסגעהען, דארום בין איך געשווינד דיא טרעפּ ארונטערגעלאָפען און בין אוועקגעפלויגען א היים.

## מא.

## דער דועל.

עס האט לאנג ניט געווערט איז דיא פירשטין צוריק א היים געקוממען. זיא האט אויפגעזעהן זא בלאס און אויפגערעגט, דאס אלע בעדינטע האבען זיך ערשראָקען און איינער האט דעם צווייטען געפרעגט, וואס קאן דאס בעדייטען.

איך האב פאר איהר געעפענט דיא טיהר און האב שנעל דעם מאנטעל פון איהר ארונטערגענוממען.

— יאזעפוס! — האט זיא מיט א שוואכער שטיממע געזאגט, מיר איז זעהער ניט גוט. דער וואגען, אין וועלכען איך בין געפאהרען האט זא געטרעסעט, דאס מיר איז זיטצענדי׳ג אין איהם ניט גוט געווארען. ברייננ מיר געשווינד א גלאז קאלטע וואססער.

איך האב איהר דערלאנגט א גלאָז וואססער, זיא האט א שטארקען זופּ געטאהן און האט זיך געלייגט אויף איהר זאפפע.

— קיינעם זאלסט דוא יעצט צו מיר אריינלאזען — האט זיא צו מיר גע־זאגט.

— גוט, גנעדיגע פירשטין.

דעם גאנצען טאג איז זיא געלעגען פערשפּארט אין איהר צימער. ערשט ביי נאכט האט זיא געהייסען מיא זאל איהר אריינטראגען עססען, זיא האב אבער ניט פיעל געגעססען און האט זיך אבערמאלס פלרשפּארט אין איהר צימער.

איך האב געהערט וויא זיא איז ביז שפּעט אין דער נאכט ארומגעגאנגען הין אונד צוריק איבער דעם צימער. אך וויא גרויס וואר מיין מיטלייד מיט איהר איך האב גוט געוואוסט וויא ביטטער איהר איז אויפ׳ן הארצען. איך האב פערשטאנען וואס פאר א שרעקליכע ווירקונג דער אין דערפריהענדיגער סקאנ־דאל האט אויף איהר געמאכט.

ערשט פארטאג איז אין איהר צימער שטיל געווארען איך האב פער־שטאנען, אז זיא האט זיך געלייגט שלאפען, דארום האב איך מיך אויך בעגעבען צו רוהע. איך האב זיך ערוואכט אום ניין אוהר און האב מיך שטארק ערשראָ־קען אלם איך האב אקוק געטאהן אויפן זייגער און האב דע־זעהען וויא שפּעט איך בין אויפגעשטאנען. איך האב מיך אבער באלד בערוהינט, אלס איך האב ערפאהרען דאס דיא פירשטין שלאפט נאך אויך און זיא האט מיינע דיענסטע ניט בעדארפט.

זיא איז אויפגעשטאנען ערשט אום צעהן אוהר און באלד וויא זיא האט זיך אנגעצויגען, האט זיא מיך אריינגערופען און האט געזאגט: יאזעפוס! איך ווייס, אז מיא קאן זיך אויף אייך פערלאזען מיט א וויכטיגער זאך, דארום וויל איך איהר זאלט יעצט אייער גאנצען פערשטאנד בענוטצען אום פאר מיר זעהער א וויכטיגע זאך אויסצוגעפינען.

— איהר דארפט נור בעפעהלען, גנעדיגע פירסטין, וועל איך טאהן אלעס וואס עס איז נור אין מיין מעגליכקייט.

— איך האב געסטערען פון א זיכערער קוועלע ערפאהרען, דאס אייער געוועזענער הערר, יוסט, דארף הייטע מיט יעמאנדען דועלי־ען.

— ווירקליך? — האב איך וויא איבערראשט געפרעגט.

— יא, דאס איז געוויס, אז ער דארף הייטע דועלירען מיט א געוויסען גראף יאבלאָנסקי, דארום וויל איך וויסען דעם רעזולטאט פון דיעזען מטרקוויר־דיגען דועל. שטעהט־זשע ניט, און געהט שוין אהין.

איך בין באלד אוועקגעלאָפען צו דעם דארטאר קלעמענס הויז און האב נעבען הויז געטראָפען צוויא עקיפאזשען. איך בין אריינגעלאָפען צו דער אלטער קעכין, מיט וועלכער איך האב צוזאממען געדיענט ביי דעם דאקטאר, און האב איהר געפרעגט, וואס דא הערט זיך.

— איך ווייס אויך ניט וואס דא טוהט זיך — האט דיא קעכין געענט־פערט — פון אין דערפריה אן קאָכט עס זיך דא וויא אין א מיהל. דער הערר יוסט איז נאך פארטאג אויפגעשטאנען און האט געשריעבען. נאכהער האט ער גערופען זיין אדוואקאט אוןביידע האבען זיך א לאנגע צייט אונטער פיער אויגען געסודעט. נאכדעם זיינען געקומען צופאהרען רייכנעקליידעטע מענער און זייא זיטצען יעצט ביי יוסטען אין צייממער און ריידען מיט איהם. זיי ריידען אזוי שטיל, דאס אבוואהל איך האב אונטערגעלייגט מיין אויער צו דער טיהר, אבער איך האב גאר נישט געהערט.

— אין וועלכען צימער זיטצען זיי יעצט? — האב איך געפרעגט.

— אין דעם צימער, וואו דער דאקטאר קלעמענס האט געשלאָפען.

— און דער ביכערצימער, וואס איז נעבען איהם, איז אָפען?

— ניין. זייט דער דאקטאר איז געשטאָרבען, שמעקט קיינער אין יענעם ביכער־צימער אריין. ער איז פערשלאָסען און דער הערר יוסט בעטראכט איהם אלס הייליגטהום.

— אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך אין דעם ציממער אריינגעהן דורך דעם פענסטער, וואס קומט ארויס אין הויף.

— וואס ווילסט דוא דארט טאהן?

— איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס עס טוהט זיך ביי דעם הערן יוסט אין ציממער, און פון דעם ביכערציממער וועל איך אלעס קענען הערען.

— זעהר שעהן, טוה דאס טאקי — האט דיא אלטע געענטפערט — דען דוא קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען, וויא נייגיעריג איך בין צו וויסען וואס דארט קומט פאר. דאס הערץ זאגט מיר, אז דא האנדעלט זיך אום זעהר א וויכטיגער זאך, אבער וואס וועט זיין, ווען יוסט וועט דערזעהן אז דוא קריעכסט דורך דעם פענסטער?

— ער וועט דאס ניט בעמערקען, דען דער פענסטער דורך וועלכען איך וועל אריינקריכען, איז אין דעם הויף, און דער הערר יוסט איז יעצט דאך אין זיין ציממער.

און, ניט ווארטענדיג אויף דער אלטעס אנטווארט, בין איך ארייסגעלאפען אין הויף און בין דורך דעם פענסטער אריינגעשפרונגען אין דעם ביכערציממער, וועלכער האט געהאט א טיהר צו יוסטס ציממער.

דיא טיהר איז געוועזן זא דין, דאס שטעהענדיג פון דער זייט האט מען געקענט הערען יעדעס ווארט, וואס ווערט געשפראָכען פון יענער זייט.

איך האב געהערט וויא יוסט האט געזאגט:

— ליעבער באראָן, איך קען מיט אייך וועגען קאנדיציאָנען פון דועל ניט ריידען, דער גראף יאבלאָנסקי מוז אליין אהער קומען און ריידען מיט מיין אדוואָקאט.

— וואס פאר געשעפטע האט ער מיט אייער אדוואָקאט? — האט א באַ־סענשטיממע געפרעגט.

— זעהר וויכטיגע געשעפטע.

— גוט, איך וועל איהם אהער אריינרופען.

— איז ער דען ניט וויט פון דאנען?

— ער זיטצט אין דער קאפפע „וולאדימיר“, וואס געפינט זיך אין דיעזער שטראססע.

— גוט, געהט און רופט איהם אריין.

— אוך ווייס אבער ניט, אויב ער וועט וועלען געהן!

— אויב ער וועט ניט וועלען געהן, וועט ער דאס שטארק בערייהען.

— בערייהען ?

— יא, זאגט דאס איהם אין מיינען נאממען.

איך האב געהערט וויא א טיהר האט זיך געעפענט און יעמאנד איז ארויס־געגאנגען.

— איך דארף אייך ניט לערנען, וואס איהר זאלט ריידען מיט דעם שענד־ליכען גראף — האט יוסט צו יעמאנדען געזאגט — דיא הויפטזאכע איז, איהר ליעבער פריינד זאלט איהם פערשליעסען דאס מויל, אום ער אל דער גרעפין ניט קאנען בעליידיגען.

— זייט זיכער, אז איך וועל שוין וויססען וואס מיט איהם צו ריידען — האט איינער געענטווערט — ער וועט שטומען וויא א פיש און וועט ניט וואגען אייןווארט וועגען איהר אויסצוריידען.

— איך צווייפלע אבער צו וועט ער זיך פאר אייערע ווערטער ערשרעקען.

— פערלאזט זיך אויף מיר, איך וועל יאויף איהם שוין ווארפען אזא שרעק, דאס ער וועט ניט וואגען געגען מיר א מויל צו עפענען.

— איך געה אוועק פון דאנען — האט יוסט געזאגט אום איהר זאלט מיט איהם קאנען אונגעשטערט ריידען.

און אויך יוסט איז פון דעם ציממער ארויסגעגאנגען.

עס האט לאנג ניט געווערט, האב איך געהערט וויא דיא טיהר האט זיך אבערמאלס געעפענט און יעמאנד איז אריינגעקוממען און איינער האט אויסגערו־פען: איהר האט זיך דאמיט פיעלע שמערצען פערשפארט, גראף יאבלאנסקי.

— וואס פאר שמערצען ? — האט דער גראף יאבלאנסקי געפרעגט מיט א ספאטישען טאן.

— איך וויל אייך פריהער פרעגען צו וויסט איהר וואס עס קומט דעם מאן, וועלכער פערנארט אנ׳ארדענטליכע פרויא אין א הויז, אום זיא צו פערגוואל־טיגען — האט דער אדוואקאט זעהער שטרענג געפרעגט.

— איך בין קיין אדוואקאט און וויים קיינע זאקאנעס — האט דער גראף ספאטיש געענטווערט.

— נוא אייב איהר ווייסט ניט וועל איך דאס אייך ערקלערען, דער מענש וואס טוהט אזא סקאנדאל דער מוז געהן נאך סיביר אויף קאטארגע.

— שרעקט מיך ניט איך בעט אייך מיט אייערע אדוואקאטישע שלויהיי־טען, דען איך בין קיין שרעקעדיג יונגעלע.

— זעהר שעהן, איהר זאלט זיך מאכי ניט שרעקען, דען פאר אזא אל-מעכטיגען גראף וויא איהר זייט, פאסט ניט זיך פאר אזעלכע דומהייטען צו שרע-קען. איך וועל אייך אבער בעווייזען א מערקווירדיגע קונסט, דאס אזא שוואַ-כער מענשעל וויא איך בין, וועל נאך הייטע דעם גרויסען גראף יאבלאָנסקי אין געפענגענים ווארפען און איהם יועט ניט העלפען זיין טיטול און זיין געלד.

— וויא וואגט איהר זא וואס צו זאגען? — האט דער גראף זעהער בייז אויסגערופען.

— איהר זעהט דאך, אז איך האב יא דיא גראססע פרעכהייט אייך דאס צו צייגען, אבער דאס זאגען אליין איז נאר ניכט׳ס, איך וועל אייך בעווייזען, אז איך קאן אויך עטוואס טאהן. באלד וועט דיא פירשטין איהר קלאגע אנגעבען, דער הערר יוסט איז דער בעסטער צייגע און דער גראף יאבלאנסקי וועט נאך הייטע ארעטירט ווערען און קיין זאך וועט איהם פון געפענגענים רעטטען.

— אבער וואס פערלאנגט איהר? — האט שוין יעצט יאבלאנסקי זאנפ-טער געפרעגט.

— איך פערלאנג פון אייך איהר זאלט פאר קיינעם ניט ערצעהלען, דיא אוהזאכע פון דעם דועל. קיינער זאל וויססען, אז דיא גרעפין סאלטיקאוו שפיעלט אין דעם ארָליע.

— ווארום פערלאנגט איהר דאס?

— און איהר פרעגט נאך? פערשטעהט איהר דען ניט, אז ווען מיא וועט וויססען, אז דער דועל איז צוליעב דער גרעפין, וועלען שלעכטע צונגען האבען דיא געלעגענהייט דער ארדענטליכער פירשטין צו בעליידיגען. דען מיא ווייס דאך ניט דיא וואהרהייט, אז איהר האט זיא אריינגענארט דורך ניעדערטרעכטיגע גאנגען אין אלעדיג הויז.

— אזוי? — האט דער גראף ספאָטיש געזאגט — וויא איך פערשטעה, איז דיא פירשטין ביי דעם העררן יוסט זא טהייער, דאס ער וויל אלע קרעפטע אנווענדען איהר הייליגען נאממען צו שיטצען.

— נוא איז דאס אנ׳אונרעכט? — האט דער אדוואקאט געענטווערט — וואס דען איז גוט, מיא זאל אנ׳ארדענטליכע פרויא אריינגנארען אין א פוסט הויז אום זיא צו ענטעהרען? אבער איך וויל מיט אייך קיינע לאנגע דיספוטען האבען, בעשטעהט איהר אויף מיינע פאררערונגען?

— יא — האט דער גראף געענטווערט.

— אבער איהר זאלט ניט מיינען גראף, אז נאך דעם דועל וועט איהר קיין ווארט האלטען, איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אז ווען איהר וועט איי ווארט פונ'ם מונד ארויסלאזען זיים איהר ארעטירט און איהר וועט פּראָצעססירט ווערען.

— אז דער גראף יאבלאנסקי ניט זיין עהרענווארט איז דאס הייליג.

— מיר וועלען זעהען וויא הייליג אייער ווארט וועט זיין. איבערינענס פער־לאנג איך אייער עהרענווארט אויך ניט, איך זאג אייך נור אַן איהר זאלט היטען אייער לעבען און אייער פרייהייט. יעצט וויל איך מיט אייך ריידען וועגען דועל. מיט וועלכע וואפּפען ווילט איהר דועלירען?

— מיט רעוואלווערס.

— דאס וויל איך נים.

— ווארום?

— ווייל נאך דיא רעגעלען פון דועל, דאַרפט איהר דעם ערשטען שוס גע־בען, ווייל איהר זייט דער אנגעגריפענער. איך וויל אבער אזא זאך ניט ערלוי־בען, ווייל דער הערר יוסט האט דא זעהער רעכט געהאנדעלט און ער טוהט אייך א גרויס געפאלען דאמיט, וואס ער האט אייער אויסרוף צום דועל אנגענאממען. אלזא וויל איך איהר זאלט זיך שלאגען מיט שווערדען.

— דאס איז א בעוויז, אז דער הערר יוסט שרעקט זיך פאר מיין רע־וואלווער.

— ער לאכט פון אייך און פון אייער רעוואלוועד. איהר ווייסט זעהער גוט, אז ער קאן בעססער שיסען אלס איהר, איך אבער וויל ניט איהר זאלט דער ערשטער אויף איהם שיסען און דער דועל מוז דורך שווערדען געפיהרט ווערען.

— זאל זיין אזוי — האט דער גראף געענטווערט, אבער וואו זאל דער דועל געפיהרט ווערען?

— דאָ ביי דעם העררן יוסט אין גארטען. דיא שווערדען פאר אייך ביידען זיינען שוין גרייט און דער דועל קאן זיך שוין אנפאנגען.

— איך בין חאטש דיא מינוט בערייט זיך מיט דעם העררן יוסט צו שלאגען.

— אַלזא אין א נוטער שעה. קומט אריין אין גארטען.

— און ביידע זיינען פון דעם צימער ארויסגעגאנגען.

איך בין באלד צוריק פון פענסטער ארויסגעשפּרונגען און בין צוגעלאָפּע

צוזאיינזייט גארטען פון וואנען איך האב געקענט זעהן אלעס וואס אין גארטען קומט פאר.

איך האב געזעהען וויא דיא סעקונדאנטען האבען געשטעלט דיא צווייא קעמפפער איינעם געגען דעם צווייטען און אויף א צייכען פון איינעם האט זיך דער קאמפף אנגעפאנגען.

זיי האבען אנגעהויבען צו פעכטען. דאס איז געווען א שרעקליכע שלעגע־רייא, אין ויעלכערביידע זיינען פערוואנדעלט געווארען אין בלוטגיעריגע חיות. ביידע זיינען געוועזן גוטע פעכטער און האבען מיט גרויס קונסט געקעמפפט. דעם גראף יאבלאנסקי האט איין מאל געלונגען מיט זיין שווערד יוסטען צו פערוואונ־דען אין האנד, אבער יוסט האט זיך פון דער וואונד גאר ניט וויסענדיג געמאכט און האט ענדליך געגעבען דעם גראף אזא שטאך אין דער רעכטער האנד, דאס דער שווערד איז פון דער האנד ארויסגעפאלען און ער האט מעהר ניט געקאנט קעמפפען.

דאס בלוט האט גערונען פון דעם גראף וויא פון א דערשטאכענעם שוויין. עד איז זא אבגעשוואכט געווארען, דאס מען האט איהם גלייך געמוזט אוועק־פיהרען אהיים.

איך בין באלד אוועקגעלאפען צו רעגינאן מיט דער גוטער נאכריכט, דאס יוסט איז אלס זיעגער פון דעם קאמפף ארויסגעקומען און דער גראף איז שרעק־ליך פערוואונדעט.

איך האב בעמערקט, אז דיא פירסטין האט זיך ערוויקט מיט דיעזער נאכ־ריכט, אבוואהל זיא האט זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען קאלטבלוטיג צו פער־בלייבען.

## מב.

## א בעזוך אין דער אלטער חיימאטה.

יוסט, וועלכער איז אויך פערוואונדעט געווארען, האט געמוזט בלייבען א לאנגע צייט אין הויז, אים זיך פון זיין וואונד צו בעפרייען. איך האב בעמערקט אז דיא גרעפין רעגינא איז זעהר אונרוהיג וועגען איהם און זיא וויל זעהר וויסען וואס ער מאכט, אבער מיך צו איהם צו שיקען זיך ערקונדיגען וועגען זיין געזונד, האט זיא ניט געוואגט, אויס פורכט, פיעלייכט וועל איך פערשטעהן אז זיא איג־טערעסירט זיך שטארק וועגען איהם. דארום בין איך איהר צו הילפע געקומען.

איך האב איהר געבעטען, זיא זאל מיר ערלויבען יעדאן טאג געהן צו יוסטען, ער־פאהרען וואס ער מאכט.

זיא איז, וויא איך האב פערשטאנען, פון מיין פערלאנג איבערראשט גע־וואָרען. איהר געזיכט האט אנגעהויבען אויס פריידע צו שטראהלען. זיא האט זיך אבער איינגעהאלטען און, בעמיהענדיג זיך איהר איבערראשונג צו פערבאָר־גען, האט זיא געזאגט:

— דאס איז זעהר שעהן פון אייך, וואס איהר זייט זא געטרייא דעם זאהן פון דעם מאן, וועלכען איהר האט א לאנגע צייט געדיענט. איהר קענט יעדען טאג געהן, זיך ערקונדיגען וועגען זיין געזונד און טהיילט עס מיר אויך מיט, דען אויך איך בין נייגיעריג צו וויסען וואס ער מאכט.

— זעהר שעהן, פירסטין, איך וועל דאס אייך יעדען טאָג מיטטהיילען.

און איך האב אזוי געטאהן. יעדען מארגען בין איך געגאנגען צו יוסטען, זיך ערקונדיגען וועגען זיין געזונד און האב עס גלייך מיטגעטהיילט דער פירסטין, וועלכע האט דיא בעריכטע פון מיר מיט דער גרעסטער שפאנונג אויסגעהערט און יעדעס מאל האט זיא זיך בעמיהעט גלייכגילטיג צו בלייבען.

אין אכט טאג ארום האב איך געבראכט דער פירסטין דעם בעריכט, דאס יוסט איז שוין פאלקאָמען געזונד און מארגען וועט ער שוין אין דער גאס ארויס־פאָהרען.

— האט ער אייך ניט געזאגט, אז ער וועט אהער קומען? — האט זיא מיך געפרעגט.

— ניין ער האט מיך נור געפרעגט וואס איהר מאכט און איך האב איהם געזאגט, אז איהר זייט גאט זיי דאנק געזונד.

אויף מארגען האט מיך דיא פירסטין אריינגערופען און האט מיר אנגע־זאגט, אז הייטע אבענד איז זיא בערייט געסטע צו עמפפאנגען.

דאס איז פאר מיר געוועזען א נייעס, דען פון יענעם אונגליקליכען טאג, וואס דער גראף יאבלאָנסקי האט זיא אריינגענארט אין יענעם הויז, האט זיא קיינע געסטע עמפפאנגען.

זיא איז פון פריהמארגען אן ארומגעגאנגען זעהר צורשטרייעט און ער־וואר־טונגספאָל. מען האט דייטליך געקענט אן איהר עקראנען, אז זיא געפינט פאר זיך קיין פלאטץ און יעדע מינוט ציהט זיך בייא איהר אויס וויא א יאהר.

אלס דיא אוהר האט געוויעזען צווייא נאך האלבען טאג איז נ'עקיפאָזש

צוגעפאהרען צו אונזער פאלאסט, איך בין שנעל צוגעלאפפען צום פענסטער און האב דערזעהן דעם עקיפאזש פון דעם הערען יוסט.

— ער איז ענדליך נעקוממען — האב איך צו זיך אליין געזאגט — אך וויא וועט זיך יעצט דיא פירשטין ערפרייען, איך בין איהם ארויסגעלאפפען ענטגעגען.

— גוטען טאג יאזעפוס! — האט ער צו מיר זעהער פריינדליך געזאגט — איז דיא פירשטין יעצט צו שפרעכען?

— יא, גינעדיגער הערר — האב איך געענטווערט.

— געהט מעלדעט דער פירשטין, אז איך בין דא.

איך בין אריינגעלאפפען צו רעגינאן, האב איהר דאס געמעלדעט, זיא איז ראטה געווארען און האט געשטאממעלט, ער איז מיר ווילקאממען.

איך האב געעפענט דיא טיהר און יוסט איז אריינגעגאנגען צו דער גרעפין אין ציממער.

— איך פרייע מיך אייך ווידער צו זעהען הערר יוסט -- האט זיא זעהער פריינדליך געזאגט איהם דיא האנד רייכענד.

— איך בין מיך מודה, אז אין דער מינוט האט זיך מיין אייפערזיכט וויא א העליש פייער אנגעצונדען. אבער איך האב מיין קאפף ניט פערלארען, איך האב זיך אליין פארווירפע געמאכט דאפיר וואס איך האב זאלכע דומע געדאנקען און בין אוועקגעלאפפען אין אנ'אנדער ציממער, דארט האב איך מיך א ווארף געטאהן אויף א שטוהל און געשטיצט דעם קאפף אויףביידע הענד, האב איך מיך פערזונקען אין זעהער טרויעריגע געדאנקען.

גאנצע צווייא שטונדען איז יוסט געזעססען ביי דער פירשטין אין ציממער, ענדליך איז ער פון דארט ארויסגעגאנגען. איך האב אויף איהם א קוק געטאהן און האב געזעהען דאס זיין געזיכט איז זעהער בעטריבט.

איך בין וויא געוועהנליך מיט רעספעקט פון מיין ארט אויפגעשפרונגען.

— וויא געהט עס דיר יאזעפוס? — האט ער מיך זעהער פריינדליך גע־נעפרעגט.

— זעהער גוט הערר! — האב איך געענטווערט.

— דאס גלויבע איך, דען דיא פירשטין מוז דיך גוט בעהאנדלען.

— זעהער גוט.

— דאס פרייעט מיך. ווייל איך וויל דיר זאל גוט זיין. איממער וועל איך פערטיג זיין פאר דיר עטוואס צו טאהן, ווען דוא וועסט דארפען אנקוממען צו

מיין הילף, זאלסט דוא זיך אהנע צערעמאניען צו מיר ווענדען, איך פאהר הייטע אב צוריק צו מיינע 'סאָלדאטען.

— זאָ ? איהר פאָהרט אוועק פון דאנען ? — האב איך נעפרעגט און האב זיך אין הערצען געפרייעט אויף דעם, וואס איך וועל איהם שוין דא מעהר ניט זעהען.

— יא, איך מוז פאהרען.

— און איהר וועט אזוי גיך אהער צוריק ניט קומען ?

— ניט אזוי גיך. נא, יאָזעפוס, וועסט איבערגעבען דעם גראף מיין קאַר־טע און וועסט איהם זאגען, אז מיר טוהט זעהר לייד, וואס איך האב איהם צו הויזע ניט געטראפען.

ער האט מיר ביי דיעזע ווארטען געגעבען זיין קארטע.

— גוט, איך וועל דאס דעם פירסט איבערגעבען — האב איך געענטפערט, צונעהמענד דיא קארטע.

ער איז אוועקגעגאנגען און, בעפאר ער האט דאס הויז פערלאָזען, האט ער א קוק געטאהן צו רעגינאס פענסטער.

איך בין אבערמאלס געבליעבען זיטצען אויף מיין ארט פערזונקען אין גע־דאנקען. איך האב געווארט, דיא גרעפין זאל מיך אריינרופען, מיר עפּעס בע־פעהלען, דען איך בין זעהר נייגיעריג געוועזן אקוק צו טאהן אויף דער פירסטינס געזיכט און זעהן וויא זיא וויזט אויס נאך יוסטס אוועקגאנג און, אלס איך האב געזעהן, אז איך קען מיך אויף דעם ניט ערווארטען, האב איך מיך בעשלאָססען, אליין אריינצוגעהן מיט אנ'אויסרייד.

צום גליק האט דער בריעפטרעגער געבראכט א בריעף פאר רעגינאן. איך האב איהם גלייך אוועקגעלייגט אויף א זילבערנעם טעצעל און האב איהם אין איהר ציממער אריינגעטראגען.

איך האב זיא געטראפען זיטצענדיג פערוויינט און אלס זיא האט מיך דער־זעהן, האט זיא שנעל איהר געזיכט אבגעווענדעט, איך זאל איהרע טרערען ניט זעהן, און האט זעהר בייז געפרעגט :

— וואס ווילט איהר, יאָזעפוס ?

— א בריעף, גנעדיגע פירסטין, האט מען פאַר אייך געבראכט — האב איך געענטפערט און, אוועקשטעלענד אויפ'ן טיש דעם טעצעלע מיט דעם בריעף, בין איך שנעל ארויסגעגאנגען.

אויף מארגען האט מיך רעגינא איבערראשט מיט דער נאכריכט, דאס זיא וועט דיא טעג פאהרען בעזוכען איהר מוטערס גראב און וועט מיך אויך אהין מיטנעהמען.

דאס איז פאר מיר געוועזן א טהייערער סיורפריז. ערשטענס האב איך שטארק פערגעניגען געהאט פון דעם, וואס איך וועל צוזאמען מיט דער פירסטין אזא לאנגע רייזע מאכען, און צווייטענס האט עס מיר זעהר געפרייעט וואס איך האב דיא געלעגענהייט אבערמאלס צו פאהרען אין דעם דארף, וואו איך האב מיין יונגנד פערבראכט אונטער דעם שוטץ פון דעם גוטען סימאן. דאס דארף איז מיר זא ליעב געוועזן, דאס איך האב שוין לאנג זיך געוואונשען איהם נאך א מאל צו זעהן און חאטש נאך איין מאל ארומשפאציערען אין דיא ערטער, וואו איך האב אלס קינד פיעל פערגעניגען גענאסען.

איך בין ווירקליך נאך אין יענער וואך מיט דער פירסטין נאך יענעם דארף געפאהרען.

אין וועג פערליערט זאגאר דער שטאלצעסטער מענש זיין גאנצען שטאלץ און איז צו זיינע בעדינטע פריינדליכער ואלס געוועהנליך, אויך רעגינא איז אין וועג פאהרענדיג בלויס מיט מיר און מיט איהר קוטשער, צו מיר פיעל פריינדליכער געוועזן אלס צו הויזע. זיא האט מיט מיר גערעדט זא פריינדליך וויא א שוועסטער רעדט מיט איהר ברודער און דאס האט מיך איבער אלע זיעבען הימעלען אויפגעהייבען.

ענדליך זיינען מיר צו יענעם דארף אנגעקוממען.

קיין פעדער איז אין שטאנד אויסצושרייבען וויא מיר וואר צו מוטה אלס איך האב מיין בעליעבטען דארף דערזעהן, יעדעס הייזעל האט אין מיינע אויגען אויסגעזעהען וויא אן אלטער יוגענדפריינד, מיט וועלכען איך האב זיך שוין לאנג ניט געזעהען.

בעזאנדערס האט אויף מיר אמערקווירדיגען איינדרוק געמאכט דער בית עולם, ווא רעגינאס מוטער וואר בעגראבען. איך האב מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט צו זעהען דעם קבר, ארום וועלכען איך האב אזוי פיעל מיהע געהאט.

אבער וויא האב איך יעצט דעם קבר געטראפען. ער וואר בעוואקסען מיט דערנער און מיט ווילדע גראזען, ווייל קיינער האט זיך אום איהם ניט געקימערט. עס זיינען לאנג פערשוואונדען דיא שעהנע בלומען, מיט וועלכע איך האב איהם אימער בערעקט.

רעגינא איז נעווען אויסער זיך פאר שמערצען, אלס זיא האט דעם גראב אין אזא טרויעריגען צושטאנד געפונען. זיא האט באלד געשיקט רופען דעם דארפס־פריעסטער, וועלכען זיא האט געצאהלט גוט געלד, ער זאל דיעזען קבר אבהיטען.

דער פריעסטער איז געקומען און אויף רעגינאס פראגע, ווארום דער גראב איז זא פערנאכלעסיגט. האט ער געענטפערט, אז דער וועכטער פון דעם בית עולם האט איהם גענארט, ער האט איהם פערשפראָכען דעם גראב וויא דיא אויגען אין קאָפף אבצוהיטען, אבער ער האט זיין ווארט ניט געהאלטען, דערפאר אבער זועט ער אליין (דער פריעסטער) פון היינט אן וייטער אכטונג געבען, דער גראב זאל זיין אימער מיט דיא שעהנסטע בלומען בעוואַרסען, נור מיט דעם בעדינג, אז דיא גרעפין זאל דעם לאָהן, וואס זיא האט דארויף בעשטימט, פער־דאָפפלען צו גונסטען דער קירכע.

רעגינא האט זיך ניט געדונגען און האט איהם געגעבען געלד נאך מעהר, אלס ער האט פערלאנגט און נאכדעם, אז זיא האט וויא אלע מאל איהר מו־טערס גראב מיט איהרע הייסע טרערען בענעצט זיינען מיר צוריק אוועקגעפאהרען.

מג.

## דיא אייפערזוכט.

א גאנץ יאהר איז פערגאנגען פון יענעם טאָג, וואס יוסט איז צו זיין רע־גימענט געפאהרען.

אין דעם יאהר האב איך בעמערקט א שטארקען בריעפוועכסעל צווישע רעגינאן מיט יוסטען און דאס האט בעשטעטיגט מיין מיינונג, אז זיי ליעבען איי־נער דעם צווייטען.

אין דעם יאהר איז א שטארקע פערענדערונג געוואָרען, אין דעם לעבען פונ'ם גראף סאלטיקאוו, דען ער איז זעהער פערענדערט געווארען, דיא פארב פון זיין געזיכט איז פערשוואונדען און א קרענקליכע בלאסקייט האט זיי בעדעקט, ער פלעגט זיטצען אימער פערשפארט אין זיין צימער און יעדען פריהמארגען פלעגט צו איהם קומען א פרעמדער פערדעכטיג אויסזעהענדער מאן און פלעגט ביי איהם אבזיטצען גאנצע צווייא שטונדען, ווער דער מענש איז און וואס ער טוהט ביי דעם גראף האב איך ניט געקאנט ערפאהרען.

מיט דער גרעפין האט ער זיך פאסט ניט בעגעגענט. אללע שטובמענשען

האבען בעמערקט, אז צווישען זיי איז זא עטוואס פארגעקוממען, וואס האט זיי צו שיידט פיעלייכט אויף אימער.

אלס איך בין איין מאל ארייננעגאנגען בעניעסען דיא בלומען אין רעגינאס צימער האב איך דערזעהן אויפ׳ן טיש א בלאט צייטונג, פון וועלכער א גאנצע שטיק איז אויסגעשערט מיט א שער.

איך האב פערשטאנען, אז רעגינא האט דעם אויסשניט געמאכט און בין געווארען נייגיעריג צו וויסען, וואס אין דעם אויסשניט איז געשטאנען, דארום האב איך אקוראט נעטאהן אויף דעם נומער פון דיעזער צייטונג און בין באלד ארויס־נעלאפען אין גאס אוז האב אזא נומער געקויפט.

איך האב געפונען אויף דעם פלאטץ, וואו יענער וואר אויסגעשניטען, פאלגענדע ווארטען:

„אונזערע סאלדאטען האבען אין קאווקאז א גרויסען זיעג עררונגען, דען דער יונגער גענעראל יוסט דער זאהן פון דעם בעריהמטען דאקטאר קלעמענס האט מיט בלויס טויזענד נוססארען צערשמעטערט דעם פיינדליכען לאגער, וואס איז בעשטאנען פון מעהר אלס פינף טויזענד מאן. דיעזער יונגער גענעראל איז איינער פון אונזערע טיכטיגסטע העלדען, וועלכען ערווארטעט א גלענצענדע צו קונפט. רוססלאנד מאג שטאלצירען מיט דיעזען העלד. נאך אין איין מאנהייט וועט ער קומען אהער נאך פעטערסבורג וועגען וויכטיגע אנגעלעגענהייטען, מיר האפען, אז דאס פובליקום וועט וויססען וויא דיעזען גרויסען מאן צו שעטצען, מיר זיינען פערפליכטעט איהם א הערצליכען ווארמען עמפפאנג צו גרייטען.

יעצט איז מיר שוין קלאר געווארען ווארום רעגינא האט דיעזען ארטיקעל אויסגעשניטען, ווייל דא רעדט זיך פון יוסטען.... פון דעם מאן, וועלכען זיא ליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון דער ליעבע.

מיין אויג איז צופעליג אין דעם זעלבען בלאט געפאלען אויף דעם נאמען דיאבאלינא דאס האט מיין אויפמערקזאמקייט געצייגען אויף אנ׳אנדער ארטיקל, וועלכער האט געלויטעט וויא פאלגט:

„דער גלענצענדער דראמאטישער שטערן.“

„א נייער גלענצענדער שטערען האט בעטראטען דעם דראמאטישען הימ־מעל, דאס איז דיא בעריהמטע, בעליעבטע ארטיסטין און זענגערין דיאבאלינא, וועלכע איז מיט צעהן טעג צוריק געקוממען פון איטאליען, וואו זיא האט מיט איהר שפיעלען אונד זינגען אלע קונסטפערשטעהער איבערראשט.

דיעזע געטליכע זינגעריין דארף מען בעטראכטען אלס א מערקווירדיגע נא־טור-ערשיינונג, וואס דיא מענשהייט ניט ארויס איין מאל אין הונדערט יאהר. מיט איהר זינגען און איהר שפיעלען בעצויבערט זיא איינפאך אלע צושויער. יעצט וועט רוססלאנד אויך מיט איהרע דראמאטישע קינסטלער קענען קאנקורי-רען נעגען דיא גרעססטע איידאפייאישע קינסטלער. זאגאר דיא איטאליענישע צייי־טונגען האבען דאס מודה געוועזן און האבען איינשטימיג ערקלערט אונזער דיא-באלינאן אלס קעניגין דער דראמאטישער קונסט.

„דיעזער גלענצענדער שטערן איז מערקווירדיגער ווייזע נור דורך א צופאל ענדעקט געווארען. אבוואהל דיאבאלינא האט נאך מיט א יאהר צוריק בעטראך־טען דיא ברעטער פון אונזערע ביהנען, דאך האט קיינער בעמערקט וואס פאר א געניע דאס איז, ביז דער שריפטשטעלער מארק מאנעראוויטש, וועלכער האט זיך אין דער לעצטער צייט אונשטערבליך געמאכט דורך זיינע פראכטפאלע ווערק, האט דאס פובליקום אויף איהר אויפמערקזאם געמאכט און דיא וועלט האט אנגעהויבען צו פערשטעהן דאס ווערטה פון דיעזער געטליכער דיאבאלינא“.

איך בין ניט אים שטאנדע אויצודריקען, וויא ערפרייעט איך בין געווארען, אלס איך האב דיעזע ווערטער וועגען מיין יונגענד־פריינדין דיאבאלינא דורכגעלע-זען. דיעזעס ארמעס, עלענדעס מעדכען, וועלכע האט פון קיינעם קיין שטיטצע געהאט, האט גאנץ אליין זיך געמאכט א וועג צו אזא הייכער שטופע, וואס נור איינער פון מיליאנען קענען זיא עררייכען.

איך מוז אויסגעפינען איהר אדרעססע און זיא בעזוכען — האב איך זיך געקלערט — איך וועל איהר גראטולירען מיט איהר זיעג און זיא וועט מיר גע־וויס אויך זאגען וואו קוראפאטניק איז יעצט און וואס ער טוהט.

יעצט אבער האט מיך שטארק בעשעפטיגט דער געדאנק וועגען רעגינאס ליעבע צו יוסטען.

איך וואר שוין יעצט איבערצייגט, אז זיא איז פערליעבט אין יוסטען. אך, וויא אייפערזיכטיג איך בין געוועז! מיין גאנץ לעבען וואלט איך אבגעגעבען, ווען דיעזע ליעבע זאל חאטש אויף איין טאג איבערגעהן צו מיר!

איך בין צוריק אהיים געקומען זעהר גיעדערגעשלאגען. אין שטוב זיינען נור געוועזן דיא בעדיענטע. ניט רעגינא און ניט דער גראף סאלטיקאוו ווארען צו הויזע.

איך האב מיך אניעדערגעזעטצט אייף מיין פלאטץ פאר רעגינאס צימער און האב ערווארטעט מיין הערריו.

(S. M., 22).

דער אלטער קאמערדיענער פון דעם גראף סאלטיקאָוו איז צו מיר אריינ־געקומען און האט מיר געזאָגט, אז ער מוז זעהר א נייטיגען גאנג געהן, דארום זאל איך אין דער צייט פון זיין אבוועזענהייט בעדיענען דעם הערען, ווען ער וועט צוריקקומען.

— ליעבער פריינד — האב איך מיך צו איהם אנגערופען — עס קען זיין, אז איהר וועט דאס פון מיין זייט בעטראכטען אלס אונאנשטענדיג, וואס איך וועל מיר ערלויבען אייך איינינע פראגען צו שטעלען. איך פערזיכער אייך אבער, אז דאס איינציגע וואס מיך טרייבט צו אזא זאך, איז נור מיין וואהרע געטריי־הייט צו דער גרעפין. איך ערקאן אז זיא איז זעהר אונגליקליך און איך בין דא־רום זעהר נייגיעריג צו וויסען, אין וואס איהר אונגליק בעשטעהט.

דער אלטער האט געמאכט זעהר א טרויעריגע מינע און, א מאך מאהנדיג מיט דער האנד, האט ער געענטפערט:

— דאס איז אנ'אלטע, טרויעריגע געשיכטע, ריכטינער געזאגט, דאס איז אזא קריינק, צו וועלכע קיין רפואה איז פערהאנדען.

— איהר מאכט מיך נאך נייגיעריגער. ווארום זאל דיא פירסטין זיך זא אונגליקליך פיהלען. זיא איז זא רייך און זא שעהן, או האט אזא פיינען מאן, וויא דער גראף סאלטיקאָוו איז.

— איהר זייט נאך יונג און אונפראקטיש, ליעבער יאָזעפוס — האט דער אלטער געענטפערט — איהר מוזט מיינען, אז דאס גליק געשטעהט נור אין רייכ־טהום? פרעגט מיך, וועל איך אייך זאגען, אז ביי דיא רייבע געפינט איהר פיעל מעהר אונגליקען, אלס ביי דיא ארמע. אָט, צום ביישפיעל, אונזער פּאָר, דער גראף סאלטיסאָוו און זיין פרוי רעגינא, זיי וואלטען דאך געקענט דיא גליקליכסטע אין דער וועלט זיין, און דאך זיינען זיי, נאך מיינער מיינונג, דיא אונגליקליכסטע.

— אבער אין וואס בעשטעהט זייער אונגליק?

— זייער אונגליק בעשטעהט אין פאָלגענדעס: דער גראף איז פון זיין פריהערסטער יוגענד אן געוואהנט געווארען צו לעבען וויא א וויסטלינג. דיא אלע פערגעניגען, וואס א מענש קען זיך נור פערשאפען, האט ער נאך אין זיין קינדהייט געגאָסען, דארום האט ער אנגעהויבען צו זוכען זאלכע פערגעניגענס, וואס עס איז א שאנדע זיי אויסצורעכענען, וויא צום ביישפיעל, ארומגעהן דורך דיא געסען איבער פראסטע שענקען און זיך אנשיכור'ן מיט פראָסטען שנאפּס, אדער בעזוכען דיא ניעדעריגסטע, פעררופענע הייזער און פערברייננען מיט דיא שמוציגסטע פרויען. אלע האבען געמיינט, אז ווען ער וועט הייראטהען דער

שעהנער רעגינאַן, חעט צו זיין שענדליכען ארט לעבען אַן'ענדע נעהמען און ער וועט זיך אויפפיהרען אנשטענדיג, וויא עס פּאַסט פאר אזא מאַן וויא ער איז. דאס וואַר אבער אַנ'איהרטהום, ער האט בלויז דאס ערשטע האלבע יאָהר זיך אנשטענדיג אויפגעפיהרט, נאכהער האט ער גאר אויף דאס נייע אנגעהויבען צו פיהרען א שמוציגעס לעבען. דיא פירסטין האט דאפון ערפאַהרען, זיא האט זיך ביי איהם געבעטען ער זאל אוועקוואַרפען זיין שענדליכע אויפפיהרונג, אבער איהרע רייד האבען ניט געווירקט, און דאדורך איז צווישען זיי א קריעג ענטשטאַנען. דיא אונגליקליכע רעגילא וואלט שוין לאנג צוריקגענאַנגען צו איהר פאטער, אבער....

— אבער זיא שעהמט זיך פאר לייטען? — האב איך זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— ניין, ניט דאס, דא שטעקט ווידער אַנ'אנדער געהיימניס....

— דאַרף איך פרעגען, אין וואס דיעזע געהיימניס בעשטעהט?

דער אלטער האט א ווײַלע געטראכט און האט געזאגט:

— איך וועל דאס אייך אויך ערצעהלען, אבער איהר זאלט דאס בעהיטע גאט, פאר קיינעם אויסריידען.

— איך שווער אייך ביי גאט, אז קיינער וועט פון מיר קיין זאַך ערפאַהרען, פון דעם וואס איהר וועט מיר ערצעהלען.

— דא איז אזא געשיכטע — האט דער אלטער דיענער נאך א קורצעס נאַכדענקען געזאגט — דער גראף קאַנטוזאָוו, רעגינאס פאטער, האט זיין טאָכטער ניט ליעב, ווייל ער צווייפעלט אויב זיא איז זיין קינד.

— איז דאס מעגליך? — האב איך ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, מיין פריינד, דאס איז אזוי וויא איך זאג דיר. רעגינאס מוטער האט זעהר א גרויסע זינדע בעגאנגען, דורך דיעזע זינדע האט זיא פערלאָרען דאס צוטרויען פון איהר מאַן און ער נעהט אימער ארום מיט דעם פערדאַכט, דאס רעגינא איז ניט זיין טאָכטער.

— און רעגינא וויים פון דעם?

— יא, זיא וויים, דער פאטער האט דאס איהר אימער געגעבען צו פיהלען. זיא האט פון דעם דיא גרעסטע שמערצען געהאט און זיא טראַגט אויף דעם אלטען א שרעקליכען האס דערפאר, וואס ער האט איהר מוטער פון זיך פערשטויסען, דען אבוואהל זיא האט איהר מוטער זעהר וועניג געקענט, אבער זיא איז פעסט איבערצייגט אין איהר אונשולד.

— קען איך ניט וויססען אין וואס אייגענטליך דיא זינדע פון רעגינאס מו־טער איז בעשטאנען, וואס צוליעב דעם האט זיא איהר מאן פון זיך פעריאַגט?

— לויט איך האב געהערט, איז דיא געשיכטע אזוי געווען: איהר אייגע־נער ברודער, וועלכער וואר א גרויסער פערשווענדער, און איז געווען אויף איהר שטארק אין כעס דערפאר וואס זיא האט איהם צום הונדערטען מאל קיין געלד געוואלט גְעבען, דיעזער ברודער האט פערטרויעט איהר מאן דאס געהיימניס, אז פאסט יעדע נאכט מאכט א יונגער מאן זיין ווייב א וויזיט און ער קומט צו איהר אריין דורך דעם פענסטער און דורך דעם זעלבען וועג געהט ער פון דארט ארויס. דער גראף קאָנטוזאָוו האט אנגעהויבען זיין ווייב צו שפּיאָנירען. ער האט ווירק־ליך דערזעהן שפּעט נאך האלבע נאכט, וויא איינער א מאן איז פון איהר פענסטער ארויסגעשפרונגען און, אלס ער האט זיא צו רעדע געשטעלט און האט פערלאנגט, זיא זאל איהם זאגען ווער עס איז פון איהר פענסטער ארויסגעשפרונ־גען, האט זיא פאר קיין פאל דאס ניט געוואלט זאגען און דורך דעם האט זיא פערשטארקט אין איהר מאן דעם פערדאכט, אז זיא ראָמאנסירט מיט אנ׳אנ־דערען. דער רעזולטאט וואר, אז ער האט זיא פון איהר הויז פעריאגט. זיא האט זיך אוים שאנדע בעזעטצט אין א דארף, וואו זיא האט א היבשע צייט גע־סריינקט און איז געשטארבען. מען זאגט, אז זיא האט פאר איהר טויט געשיקט צו איהר מאן, איהם בעטען, ער זאל אוהר ערלויבען פאקטיש צו בעווייזען, אז זיא איז אונשולדיג, אבער ער האט דערפון ניט געוואלט הערען.

איך האב מיך יעצט דערמאנט אן דיא בריעף, וואס דער הינקעדיגער בעט־לער האט ארניסגענומען פון דער אינגליקליכערס קבר, דיא בריעף וועלכע געפי־נען זיך יעצט ביי מיר, אין וועלכע דיעזע פרוי האט געווים אויסגעשריעבען אלעס וואס עס בעלאנגט צו איהר פערטהיידיגונג.

ביז אהער האב איך דיא בריעף נאך ניט געלעזען, ווייל איך האב איינפאך אן זיי פערגעסען. יעצט אבער האב איך זיך בעשלאָסען זיי דורכצולעזען, פיע־לייכט וועל איך דורך דיעזע בריעף קענען רעגינאס מוטער גערעכט מאכען אין איהר מאנ׳ס אויגען און דאדורך וועט אויך פון רעגינאן א גרויסער פלעק ארונ־טערפאלען.

איך האב יעצט בענוטצט דיא געלעגענהייט אויסצופארשען פון דעם גראפס קאמערדינער אלעס וואס אנבעלאנגט צו רעגינאן און צו איהר מאן, און האב צו איהם דארום געזאגט:

— איך בעוואונדער דעם גראף, וואס ער קען אזוי גלייכגילטיג בלייבען צו

אזא ווייב וויא ער האט. זיא איז דאך אנ'ענגעל, און דער ערנסטער מענש אין דער וועלט דארף זיך גליקליך פיהלען מיט אזא שאטץ.

— יא — האט דער אלטער מיט א ספאטישען טאָן געענטפערט — דער גראף ווייזט זיך ווירקליך קאלט און גלייכגילטיג אין איהר געגענוואַרט, אבער אין דער ווירקליכקייט וויים איך וואס ביי איהם אין הערצען טוהט זיך.

— וואס ווייסט איהר?

— איך וויים, אז ער ליעבט זיא יעצט הייסער אלס אלע מאל. ער וואלט א האלב לעבען אבגעגעבען דאפיר, רענינא זאל איהם אויך זא ליעבען און זאל איהם געטרייא זיין, אבער ער וויל זיך ניט ערניעדריגען, זיא אום פערצייהונג צו בעטען. אָ, דער שטאָלץ פון דיעזע גראפען! ער מאכט זיי מאנכעס מאל זא אונגליקליך, דאס זיי דארפען בענײדען דעם ארמסטען מענשען.

— און וויא מיינט איהר. ווען ער זאל רענינאן איבערבעטען, וואלט זיא צו איהם גוט געווארען?

— איך וויים ניט, ווייל איך בעדיען נור דעם גראף, און וואס מיט איהר טוהט זיך איז מיר אונבעקאנט. עס קען זעהר זיין, אז זיא וואלט מיט איהם מיטלייד געהאט און וואלט צו איהם גוט געווארען, דען דאס ווייסען מיר דאך, אז זיא איז זעהר א גוטע און דיא ערדעלסטע פרוי אין דער וועלט. אבער איך האב מיך דא צו לאַנג פערערדט און האב נאר פערגעסען, אז איך מוז א נעטהיגען גאנג געהן. געדענקט, ליעבער יאזעפוס, איהר זאלט בעהיטע נאט קיינעם ערצעהלען פון אלעם דעם, וואס איהר האט יעצט פון מיר געהערט און ווען דער גראף וועט קומען און וועט עפעס בעדארפען, זאלט איהר מיין שטעלע בעטרעטען און זאלט איהם בעדיענען.

— גוט איך וועל אזוי טאהן — האב איך געענטפערט.

## מד.

## א קאַמפף מיט זיך אליין.

שפעט ביי נאכט, ווען אלע האבען ביי אונז אין שטוב געשלאָפען, האב איך מיך פערשפארט אין מיין צימער, האב ארויסגענומען דיא בריעף פון רע־נינאס מוטער און האב זיי אנגעהויבען צו לעזען.

דאס זיינען געווען פערשיעדענע בריעף, וואס זיא האט געשריעבען צו פער־וואנדטע און פריינדע. אין דיעזע בריעף האט זיא זיך בעקלאָגט אויף איהר אונ־

גליק און האט זיי געבעטען, זיי זאלען נאך איהר טויט אכטונג געבען אויף איהר קליינער טאכטער, וועלכע בלייבט אהן א מוטער.

נור איין בריעף וואר זעהר וויכטיג. ער וואר געשריעבען צו איהר מאן, דעם גראף קאָנטוזאָוו, און אין איהם האב איך געלעזען פאָלגענדעס:

„מיין ליעבער מאווריקי!

„אבוואהל דוא האסט ניט פערדיענט דעם אויסדריק „מיין ליעבער", דען דוא האסט מיך זעהר טיראניש בעהאנדעלט און צוליעב דיא שמערצען וואס דוא האסט מיר פערשאפט, געה איך זא יונג אין גראב, פון דעסטוועגען רוף איך דיך פאָרט „מיין ליעבער", ווייל איך האב דיך נאך יעצט אויך ליעב, דען איך ווייס, אז דוא ביזט ניט שולדיג אין דעם, וואס דוא האסט מיך פער־האסט און האסט מיך פאר דער גאנצער וועלט אלס זינדיגע פרוי ערקלערט. איך ווייס, אז שולדיג אין דעם איז נור מיין ברודער. איך האב דאס ערשט שפעטער ערפאהרען. דיעזער אונמענש, דיעזער קארטענשפיעלער, וואס איז זא פערדאָרבען געווארען, דאס ער איז פערטיג זיינע געטרייעסטע און ליעבסטע פער־זאָנען אין טיעפצען אבגרונד צו שטירצען צוליעב איין קליינעם קאפריז, ער האט אויף מיר דאס אונגליק געבראכט דערפאר, וואס איך האב איהם ניט געוואלט מעהר געלד געבען אויף זיינע שענדליכע פערגעניגונגען. ער האט מיר אזוי פער־בלענדעט דיא אויגען, דאס איך האב ניט געזעהן וואס פאר א נעטץ ער האט פאר מיר אויסגעשפרייט.

„אין יענער פערהענגניססמאָלע נאכט, אין וועלכער דוא האסט מיך בע־שולדיגט אז איך בין דיר אונגעטרייא געווארען, איז ער צו מיר ארייננעלאָפען און האט מיר ערצעהלט, אז ער האט זיך מיט דיר זא צוקריעגט, דאס דוא ווילסט איהם שיסען, דארום האט ער מיך געבעטען, איך זאל איהם אין זיין צימער בע־האלטען, ביז דוא וועסט זיך לייגען שלאָפען און ער וועט קענען אנטלויפען. איך האב איהם געגלויבט און חאב דיא טיהר פון מיין צייממער פערשפארט, אום דוא זאלסט ניט אריינלויפען און מאכען א סקאַנדאל. נור פלוצלינג האט מען געגע־בען א קלאַפ אין דער טיהר. מיינענדיג, אז דאס ביזט דוא, מיין ליעבער מאוו־ריקי, בין איך זעהר ערציטטערט געווארען און האב זיך קיין ראטה געקענט גע־בען וואס צו טאהן. מיין ברודער האט מיך געבעטען, איך זאל איהם דורך דעם פענסטער ארויסלאָזען, ער זאל קענען אנטלויפען. איך האב קיין שלעכטס ניט געמיינט און חאב איהם ווירקליך דורך דעם פענסטער ארויסגעלאָזט, דאבייא

האב איך איהם פערשפראָכען, איך זאל דיר ניט זאגען, אז ער האט זיך ביי מיר אין ציממער בעהאלטען, אום דוא זאלסט איהם ניט נאכיאָגען.

„באלד וויא ער איז פון דעם פענסטער ארויסגעשפרונגען האב איך דיא טיהר געעפענט און האב דערזעהן מיין קאמערדינער, וועלכער האט מיר א בריעף געבראכט פון מיין ברודערס ווייב און אין דער זעלבער מינוט ביזט דוא אויך ארייגעלאָפען און האסט פון מיר שטרענג געפאָדערט, איך זאל דיר זאגען, ווער איז דער מאן וואס איז דורך דעם פענסטער פון מיין צימער ארויסגעשפרונגען. נאטירליך האב איך דאס דיר ניט געוואלט זאגען און דוא האסט אויסגערופען, אז דוא ביזט יעצט צו דער איבערצייגונג געקומען, אז דאס וואס מען האט דיר ערצעהלט אז איך בין דיר אנגעטרייא, איז וואהר.

און פון דאמאלס אן איז דיין ליעבע צו מיר פערלאשען געווארען. דוא האסט מיר זאפיעל שמערצען פערשאפט, דאס איך האב שוין מעהר אין דיין פאַלאסט ניט געקענט אייגזיטצען און בין נאך אנ'איינזאמען דארף אוועקגעפאהרען, וואו איך האב מיינע טעג און נעכט אין וויינען און יאמערן פערבראכט. דוא ביזט געווען אזוי הארטהערציג געגען מיר, דאס אויך דאן ווען איך האב דיך אין א בריעף געבעטען, דוא זאלסט צו מיר קומען און איך וועל דיר איבערצייגען אז דוא האסט מיך אומזאָנסט בעשולדיגט, האסט דוא אויך דאן ניט געוואלט קומען.

שפעטער האב איך ערפאהרען דיא גאנצע אינטריגע וואס מיין ברודער האט געמאכט, דען מיין בעדיענטער האט מיר ארייגעשיקט א בריעף, אין וועלכען ער האט מיר בעשריעבען דעם גאנצען פלאן וואס מיין ניעדערטרעכטיגער ברודער האט אויף מיר געמאכט, ערשטענס אום צאָרן דערפאר, וואס איך האב איהם מעהר קיין געלד געוואלט געבען, און צווייטענס דערפאר וואס זיין ווייב, וועלכע איז מיין ערגסטע פיינדין געווען, האט איהם דאצו צוגערעדט. ער, מיין ברועער, האט דאס אבגעמאכט מיט מיין בעדיענטען, אז באלד וויא דיא טיהר וועט זיך הינטער אונז פערשליסען, זאל ער אנקלאפען, אום איך זאל מיינען, אז דאס ביזט דוא, מאווריקי, און זאל איהם דורך דעם פענסטער ארויס־לאזען.

„דעם בעדיענטענס בליעף ועסט דוא, מיין ליעבער מאוו.יקי אויך דא גע־פינען און דוא וועסט זיך איבערצייגען, אז דיין פרוי איז דיר געטרייא געבליעבען ביז דעם לעצטען אויגענבליק פון איהר לעבען.

„ווען דוא האסט מיין פערטהיידיגונג ניט געוואלט הערען פאר מיין טויט,

וועסט דוא זיא לעזען נאך מיין טויט, אויב מען וועט דיר דיעזען בריעף איבער־נעבען.

„איך בעט דיך, דוא זאלסט א געטרייער פאטער בלייבען אונזער טאכ־טער רעגינא, דען זיא איז דאך נטווים אנ׳אונשולדיגעס קינד.

„איך פיהל, אז איך וועל אין גיכען שטארבען, דארום זאג איך דיר דעם עווינען „לעב וואהל“. יא, אז דוא זאלסט לעבען וואהל און גליקליך ווינשט דיר דיין געטרייע פרוי

מאריא“.

— דיעזער בריעף איז דאך א גאנצער שאטץ — האב איך זיך געקלערט — ווען איך זאל איהם איבערגעבען דעם אלטען קאנטוואָוו אין דיא הענד, וועט ער אויף רעגינאן גאר מיט אנדערע אויגען קוקען.

איך מוז דעם בריעף איבערגעבען רעגינאן — האב איך זיך בעשלאָסען — אך, וויא וועט זיא זיך ערפרייען, אלס זיא וועט האבען אין דיא הענד בעווייזע פון איהר מוטערס אונשולד. וויא דאנקבאר זיא וועט מיר דאפיר זיין!

איך האב מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערוואַרטעט דעם מאָרגענדיגען טאג, אום איך זאל שוין קענען זעהן רעגינאן און איהר דער מוטערס בריעף אי־בערגעבען.

דער מאָרגענדיגער טאג איז ענדליך געקומען. איך בין, וויא געוועהנליך, גאנץ פריא אויפגעשטאנען און בין אריינגעגאנגען אין רעגינאס קאבינעט, אום דארט פייער צו מאכען, דען עס וואר א קאלטער ווינטערדיגער פריהמארגען. אלס איך האב געוואלט אין קאמין האלץ אריינלייגען, האב איך דערזעהן צורי־סענע שטיקלעך פאפיער. איך האב פערשטאנען, אז דיא שטיקלעך פאפיר זיי־נען פון רעגינאס א בריעף, וואס זיא האט אנגעשריעבען און צעררריסען, דארום האב איך דיא אלע שטיקלעך פאפיער ארויסגענומען, אום זיי שפעטער צוזאמענ־צושטעלען, דען איך האב געהאָפט פון דיעזען בריעף צו ערפאהרען, וואס מיט רעגינאן טוהט זיך, וואס זיא דענקט און טראכט צו טאהן.

באלד וויא איך האב אין קאמין געמאכט פייער, בין איך צוריק אריינגע־לאָפען אין מיין צימער און האב גענומען דיא שטיקלעך פאפיער צוזאמענשטע־לען. איך האב געהאט גענוג צייט דאצו, ווייל דער זיינער האט ערשט געוויזען האלב נאך זעכס און רעגינא פלעגט פריהער פון צעהן ניט ארויסגעהן פון איהר שלאָפצימער.

דאס צוזאמענשטעלען פון דיא שטיקלעך איז ביי מיר געווען אנ׳ארבייט פון איינינע מינוטען און באלד האב איך פאר זיך געהאט א גאנצען בריעף, אין וועלכען איך האב געלעזען פאלגענדע ווערטער:

„טהייערע פריינדין!

„עס איז שוין נאך דעם קאמפף! איך האב הייטע אפען גערעדט מיט מיין מאן. איך האב איהם אלעס ערצעהלט, איך האב איהם מודה געווען, אז איך ליעבע יוסטען מיט לייב אונד זעעלע, און האב איהם דארום געבעטען, ער זאל מיך בעפרייען, אום איך זאל קענען געהערען צו מיין ליעבען יוסט. צו מיין גרויסען ערשטוינען, איז מיין מאן פון מיין מיטטהיילונג ניט איבערראשט געוואָרען און האט קאלט געענטפערט, אז ער איז צופריעדען מיך פרייצולאזען און ער וועט מיר אין וועג ניט שטעהן.

„איך מוז דיר זאגען, ליעבע פריינדין, דאס אבוואהל ער האט מיט מיר גערעדט זעהר קאלט און האט זיך דיא מיהע געגעבען, זיך פאר מיר רוהיג צו צייגען, דאך האב איך פערשטאנען אז ער האט גראסע שמערצען, און איך האב מיט איהם שטארק מיטלייד געהאט.. איך קען זיך יעצט קיין ראטה געבען, וואס צו טאהן: יוסט׳ן ליעב איך הערצליך, איך בין צו איהם צוגעבונדען מיט דער גאנצער קראפט פון דער ליעבע, און אין דער זעלבער צייט האב איך גרויס מיטלייד מיט מיין מאן.

„אך, וויא געליעבט איך האב מיין מאן באלד וויא מיר האבען געהייראטעט! וואס פאר א גליקליכע צוקונפט מיר האט זיך פארגעשטעלט, אלס איך בין מיט איהם צום אלטאר געגאנגען! העטע איך דאן געגלויבט, אז דיעזער געליעבטער מאן וועט אזוי פערביטערען מיין לעבען, אז איך זאל וועלען פון איהם אנטלויפען?

„יא, דאס איז געשעהן! מעהר קען איך מיט דיעזען מאן אין איין הויז ניט זיין. מיינע טעג פערגעהען אהן פערגעניגען און אהן אינטערעסע. איך מוז געהן צו יוסטען ... זיינע, נור זיינע מוז איך זיין....“

דיעזער קליינער בריעף האט מיר דייטליך ערקלערט וואס ביי דער גרעפין אין הערצען איז פערבארגען, און ביי דעם געדאנק, אז איך אליין וואר דיא אורזאכע, וואס איהר ליעבע צו יוסט׳ן האט אזא שטופפע ערררייכט, דען ווען איך זאל איהם ניט געווען אונטערשיקען, ער זאל זיא רעטען פון יאבלאנסקיס הענד, וואלט זיך פיעלייכט איהר ליעבע צו איהם ניט אזוי צופלאמט, דיעזער געדאנק האט מיך וויטהענד געמאכט.

ווארום האב איך דאס זעלבסט ניט געטאהן? — האב איך מיט כעס זיך אליין געפרענט — האב איך דען דאמאלס ניט געקענט אליין אריינגעהן אין יע־נעם פוסטען הויז און זיא רעטטען פון יאבלאנסקים הענד? ווען איך זאל דאס געווען טאהן, וואלט זיך פיעלייכט רעגינא אין מיר זא פערליעבט, וויא זיא איז יעצט פערליעבט אין יוסט׳ן, און איך וואלט יעצט דער גליקליכסטער מענש אונ־טער דעם הימעל געוועןֹ.

יעצט בין איך דער זעלבער קאמערדינער וויא פריהער. איך ערקוויק מיך, ווען רעגינא רעדט צו מיר אויס א פריינדליך ווארט, און וויא רעדט זיא דאס ווארט אויס? ניט וויא צו איהרס א גלייכען, זאנדערן וויא א שטאַלצע העררין, וואס איז צופריעדען מיט דער ארבייט פון איהר בעדיענטען ... דומקאפף! — האב איך געשטאמעלט — וואו איז געווען דיין פערשטאנד, דיין רעכנונג? דוא האסט אנ׳אנדערען געוויעזען דעם וועג צו דיין גליק!

איך האב אין דער מינוט קיין מענשען אזוי ניט געהאסט, וויא יוסטען. א בלוטינער פיינד בין איך איהם געווארען אויס נייד און האב איהם דאס גרעסטע אונגליק געוואונשען.

ווען פיעלייכט רעגינא יעצט עטוואס ליעבע אנהויבען צו מיר פיהלען, ווען איך וועל איהר איבערגעבען איהר מוטערס בריעף און זיא וועט דאדורך קענען איהר עהרע רעטטען און קויפען דיא ליעבע פון איהר פאטער — האב איך זיך געקלערט.

נור ניין, קוים איז זיא אזוי פערליעבט אין יוסטען, וועט מיר שוין קיין זאך העלפען. איך אליין האב דאס פייער אין איהר ברוסט אנגעצונדען, און דיעזע פלאמען צו פערלעשען איז שוין אונמעגליך.

איך וועל איהר דיא בריעף נאך ניט איבערגעבען — האב איך בעשלאָסען — איך וועל נאך א קורצע צייט אבווארטען, פיעלייכט וועט זיך מאַכען אזא גע־לעגענהייט, וואס איך וועל דורך דיעזע בריעף קענען מעהר פראָפּעטירען....

מיר איז אין דיעזער מינוט נאר אנ׳אנדער געדאנק איינגעפאלען אין קאָפּף. וויא באלד אז דער גראף סאלטיקאָוו האט זיין פרוי נאך ליעב און זיא האט מיט איהם מיטלייד, איז דאך פיעלייכט צ פלאן מען זאל מאכען צווישען זיי א שלום? עס איז דאך פיעל גלייכער אז רעגינא זאל בלייבען ביי איהר מאן, אלס ביי איינעם אנדערען, דען דאדורך וואס זיא וועט זיך פון סאלטיקאָוו׳ן שיידען און וועט אומקפאהרען מיט יוסטען, וועט איהר נאמען זעהר פיעל ליידען, און מען וויים נאך ניט דיא גליקען וואס זיא וועט האבען פאר יוסטען. ער אליין וועט

איהר פיעלייכט שפעטער פערזוכטען דערפאר וואס צוליעב איהם האט זיא זיך פון איהר מאן געשיידעט.

דיא פראגע איז אבער, וויא אזוי מאכט מען צווישען זיי א שלום? ווען איך זאל דוכט זיך קענען מיט דעם גראף ריידען וויא מיט מיינס א גלייכען, וואלט איך שוין געוואוסט וויא מיט איהם צו ריידען, אבער איך בין דאך דא ניט מעהר וויא א בעדיענטער און איך דארף ניט וואגען צו איהם נאהענט צוגעהן, און דורך אנ'אנדערען קען איך דאס געוויס ניט אויספיהרען.

הא? דאס איז פיעלייכט ניט קיין קרומער פלאן?

איך האב מיך דערמאנט, וואס זיין אלטער קאמערדיענער האט מיר גע־זאגט, אז אויך יעצט דרעהט זיך סאלטיקאָוו ארום אין אלע שענדליכע הייזער. איז דען ניט מעגליך, איך זאל איהם אין איינע פון אזעלכע הייזלעך טרעפען און דארט זיי'ען מיר דאך גלייכע מענשען, דארט וועל איך מיט איהם קאנען ריידען וואס איך וויל.

נור ניין, דאס איז א משוגענער פלאן. ווען דער גראף וועט זיך מיט מיר בעגעגנען אין איינע פון דיעזע הייזער, וועט ער זיך פאר מיר פערשעהמען און מעהר וועל איך אין זיין הויז ניט טאהרען זיין. מען דארף בעסער אויסגעפינען אזא מיטעל, אז איך זאל מיט איהם ריידען, און ער זאל ניט וויסען אז דאס בין איך געוועזן.

אזא זאך קען פאסירען בלויז אויף א מאסקען־באל, און איך האב פערשטאַ־נען, אז מיר קען זיך לייכט מאכען אזא געלעגענהייט, זיך מיט איהם אויף א מאסקענבאל צו בעגעגנען, דען אזא סוביעקט וויא ער איז, מוז זיך געוויס אויך אויף אונאנשטענדיגע מאסקען־בעללר געפינען. איך דארף ניר ערפאהרען אויף וועלכען פון זיי וועט דער גראף זיין, און דאן וועל איך שוין וויסען וואס איך האב צו טאהן.

איך האב געוואוסט, אז זיין אלטער קאמערדינער איז בעקאנט מיט דיא אלע ערטער וואוהין דער גראף געהט, דארום איז ביי מיר געבליעבען, איך זאל פון איהם אויספארשען, ווען וועט סאלטיקאָוו געהן אויף א מאסקען־באל.

נאך אין דעם זעלבען טאג, נאכדעם וויא דער גראף סאלטיקאוו האט אב־געגעסען מיטטאג און האט זיך געלייגט שלאפען און רענינא איז אוועקגעפאהרען בעזוכען איהר פריינדין, דער מאדאם דע־קרים, בין איך אריינגעגאנגען צו דעם אלטען קאמערדינער אין צימער און האב מיט איהם אנגעפאנגען צו שפרעכען,

פריהער װעגען גאנץ אנדערע זאכען, ביז מיר זײנען ארויפגעקומען אויף א גע-שפרעך װעגען מאסקאראדען־בעלער אין אלגעמײן, דאן האב איך געזאגט:

— איך האב געהערט, אז אויך אונזער גנעדיגער הערר בעזוכט מאסקא־ראדען־בעלער.

— פון װעמען האט איהר דאס געהערט? — האט מיך דער אלטער בײז געפרעגט.

— מען רעדט פון דעם איבעראל.

— אזוי? — האט דער אלטעל זיפצענד אויסגערופען — מען װײס דאס שוין איבעראל?

— אזוי װײזט דאס אויס.

— איך האב אבער דעם גראף געזאגט, אז מיט דער צײט װעט מען פון דעם איבעראל װיסען, און ער זאל דארום אויפהערען זאלכע ערטער צו בעזוכען, ער האט אבער אויף מיר נור אנגעשריען און האט מיר אנגעזאגט, איך זאל זיך אין זײנע זאכען ניט מישען.

— דאס איז פון איהם ניט קלוג — האב איך געזאגט — איך גלויב אבער, אז אין דער לעצטער צײט האט ער אלײן אויפגעהערט זיך זא לעכערליך צו מא־כען, ער געהט שוין געװיס ניט מעהר אויף זאלכע בעלער.

— ער געהט ניט? — האט דער אלטער זעהר בעזארגט ערװידערט — איך װײס, אז ער האט שוין פאר זיך בעשטעלט א קאסטיום פון א יאפאנעזער, אום אין איהם צו ערשײנען אויף דעם מאסקאראד, װאס װעט שטאטפינדען דיע־זען דיענסטאג אין אײנעם פון דיא שמוציגסטע ערטער אין פעטערסבורג.

— װירקליך? — האט איך אויסגערופען.

— יא, מען קען איהם פון זאלכע זאכען ניט אברײסען.

— װאו דארף דאס יענער מאסקאראד זײן?

— דאס דארף איך ניט זאגען.

— איהר פירכטעט מיר צו זאגען?

— זאגאר מײן אײגענעם זאהן װעל איך אזא זאך ניט אנפערטרויען.

— נוא, װען איהר װילט פון דעם מאכען א געהײמניס, װעל איך אײך שוין מעהר װעגען דעם ניט פרעגען.

און איך האב װירקליך איהם װעגען דער ניט מעהר געפרעגט, אבער איך האב זיך בעשלאסען דיענסטאג דעם גאנצען טאג צו שפיאָנירען דעם גראף און זעהן װאהין ער װעט געהן.

צו דיעזען צוועק האב איך פאר זיך בעשטעלט א קאסטיום פון א אינדיא־
נער און האב דיענסטאג פאר נאכט געבעטען ביי דער גרעפין ערלויבנים מיינע
פריינדע צו בעזוכען און, אלס זיא האט מיר דיעזע ערלויבנים געגעבען, חאב איך
גענומען מיין צוגעגרייטען קאסטיום אונטערן ארם און האב מיך פערשטעקט אונ־
טער דעם מֹויער פון דעם הויז, אום איך זאל קענען זעהן, ווען דער גראף סאל־
קאוו וועט פון זיין הויז ארויסגעהן און וועט פאהרען צו דעם מאסקאראד.

## מה.

## אויף דעם מאַסקען-באַל.

אלס עס איז שוין שטארק דונקעל געווארען, האב איך דערזעהן וויא א
יאפאנעזער איז ארויסגעגאנגען דורך דער זייטענטיהר וואס וואר אין גארטען און
האט זיך געזעטצט אויף דעם איזוואזטשיק וואס איז שוין דא געשטאנען בערייט
און איז אוועקגעפאהרען.

איך האב פערשטאנען אז דאס איז דער גראף סאלטיקאָוו, דארום האב
איך מיך ארויפגעחאפט אויף דעם ערשטען איזוואזטשיק וואס איך האב בעגע־
גענט און האב איהם געהייסען נאכפאהרען יענעם איזוואָזטשיק און אבשטע־
לען זיך דארט וואו יענער וועט בלייבען שטעהן.

איך האב מיין איזוואזטשיק פערשפראָכען גוט צו בעלאָהנען און ער איז
געפלוינען וויא א פפייל אוים'ן באָגען נאך דעם יאפאנעזער.

א גאנצע שטונדע בין איך געפאהרען, ביז דעם גראפס איזוואָזטשיק איז
ענדליך אריינגעפאהרען אין איינע פון דיא שמוציגע גאסען, וואס זיינען בעוואהנט
פון דער ניעדעריגסטע קלאססע מענשען. נעבען א גרוֹיסֶ הויז איז ער שטעהן
געבליעבען. דער גראף איז ארוסגעקראָכען פון עקיפאזש, האט בעצאהלט דעם
איזוואזטשיק און איז אריינגעגאנגען אין א קארידאָר.

איך האב געהייסען מיין איזוואָזטשיק ווארטען און בין אויך אין דעם זעל־
בען קארדידאָר אריינגעגאנגען. איך האב בעשטיגען דיא שמוציגע טרעפ, וואס
האבען געפיהרט אין טאנץ־זאל.

איך האב מיך דערפרעגט צו דעם צימער וואו מען קליידעט זיך איבער.
איך האב פערלאנגט פארב און פודער און האב זיך אזוי אויסגעשמירט, דאס
דאס איך אליין האב זיך ניט געקענט ערקאנען. נאכהער האב איך אנגעטאהן
מיין אינדיאנישען קאָסטיום, האב אנגעטאהן א לאנגע פעריקע, וועלכע האט מיין

געזיכט א ווילדען אויסדרוק צוגעגעבען און אזוי בין איך אריינגעגאנגען אין דעם טאנצזאאל.

איך האב געפונען דעם זאל פערפאקט מיט אונצעהליגע פערמאסקירטע מענשען. אן זייערע געשרייען און בעוועגונגען האט מען זעהר לייכט געקענט ער־קענען, אז דאס זיינען פערזאנען פון דער שמוטציגסטער, ניעדעריגסטער פעטער־בורגער קלאססע. איך האב אנגעהויבען צו זוכען דעם גראף סאלטיקאוו, וועל־כער וואר אלס יאפאנעזער געקליידעט און האב איהם ענדליך געפונען, זיטצענ־דיג אן א זייט נעבען א טישעל.

ער איז געזעססען, אנגעשפארט דעם קאפף אויף דער רעכטער האנד און האט צוגעקוקט דעם טאנץ פון דיא ווילדע מענשען.

איך האב מיך אויך נעבען דעם זעלבען טישעל געזעטצט און האב אויך גע־קוקט אויף דיא טענצענדע.

אלס דער ערשטער טאנץ האט זיך געענדיגט, האט דער גראף געפאר־דערט. מען זאל איהם דערלאנגען א פלאש שטארקע שנאפס מיט עפעס פער־בייסען.

מען האט איהם גלייך דערלאנגט א פלאש שנאפס מיט א גלאז און עט־ליכע לעקעכלאך.

ער האט אנגעגאסען א גלאז שנאפס און האט זיא מיט איין מאל אויס־געטרונקען.

— וועסט דוא, פריינד יאפאנעזער, מיך מכבד זיין מיט אביסעל שנאפס ? האב איך געפרעגט.

ער האט אויף מיר מיסטרואיש א קוק געטאהן.

— דוא קוקסט אויף מיר זא פערוואונדערט — האב איך צו איהם גע־זאגט — דוא מוזט געוויס מיינען, אז מיר, אינדיאנער, טרינקען קיין שנאפס ? זאג איך דיר, אז זייט דיא אייראפעער זיינען אנגעקומען צו אונז, האבען זיי אונז אלע גוטע זאכען אויסגעלערענט. מיר קענען שיכורן, רויבען, מארדען, ריכטיג וויא אלע ציוויליזירטע מענשען.

דער גראף האט א שמייכעל געטאהן און האט געענטפערט :

— נוא, ווען דיא ביזט אזא ציוויליזירטער אינדיאנער, ביזט דוא ווערט א גלאז שנאפס. הייס דערלאנגען נאך א גלאז.

איך האב פערלאנגט א גלאז און מען האט עס מיר באלד געבראכט. איך

האב אנגענאָסען א פולע גלאָז, האב פון איהר א זופּ געטאהן און האב זיא אוועק־געשטעלט צוריק אויפ'ן טיש.

— נוא, ווארום טרינקסט דוא ניט, אינדיאַנער? — האט סאַלטיקאָוו מיך געפרעגט.

— איך בין נאך ניט געוואהנט מיט אייערע רוססישע שנאַפּס. ביי אונז אין אמעריקא איז דיא שנאַפּס פיעל בעססער. אבער דוא קענסט זיכער זיין, אז איך וועל דיעזע גלאָז אויסלעדיגען און וועל ביי דיר בעטען נאך א גלאָז שנאַפּס, דען מיר געקוססט זיך הייטע שטארק אנשיכורן.

— ווארום?

— ווייל איך האב זאלכע שמערצען, דאס איך קען פון זיי אנדערש ניט בעפרייעט ווערען נור דאן, ווען איך וועל זיי ערטרינקען אין דעם שטארקען בראַנדוויין.

— דיינע שמערצען בעשטעהען געוויס אין דעם, וואס דיא אייראָפּייער האַבען דיין פאָלק פערניכטעט? — האט דער גראף מיט א ספּאָטישען טאָן צו מיר געזאָגט.

— ניין, איך האב גאר שטוביגע, היימישע שמערצען.

— היימישע שמערצען?

— יא — האב איך זיפצענד געענטפערט — און דיעזע שמערצען זיינען זא ערנסט, דאס ביי זיי קען מען ניט שפּאַסען.

— אין וואס בעשטעהען דיינע שמערצען?

— איך וועל דאס דיר ערצעהלען, ברודער יאַפּאַנעזער. איך האט א ווייב, וועלכע איז איינע פון דיא זעלטענסטע פרויען אין דער וועלט. זיא איז שעהן, קלוג געבילדעט און האט דאס בעסטע הערץ אין דער וועלט. איך האב זיא גע־ליעבט מעהר וויא זיך זעלבסט און זיא האט מיר מיט דער זעלבער ליעבע בע־צאהלט. ליידער אבער מוז איך געשטעהן, דאס איך האב מיך געגען איהר שטארק פערזינדיגט, דען איך האב זיא פערנאכלעסיגט און פלעג בעזוכען דיא שענדליכסטע הייזער. דורך דעם איז צווישען אונז א קריעג ענטשטאנען און מיין פרוי האט מיך אנגעהויבען צו האססען און פעראכטען, דאנעגען אבער האט זיא זיך פערליעבט אין אַנ'אנדערען און עס איז געקומען דאצו, דאס זיא האט זיך פאר מיר מודה געווען, אז זיא וויל מיך פערלאססען צוליעב איהר געליעב־טען און איך האב אויס שטאָלץ איהר פערשפּראָכען, אז איך וועל זיא פריילאָ־זען, אום זיא זאל קענען מיט איהר געליעבטען וואהנען וואו זיא וויל.

דער גראף האט ביי מיינע ווארטען, וועלכע איך האב זעהר ערנסט גע־רעדט, אויף מיר אזא דורכדרינגליכען בליק געווארפען, דאס איך האב פערשטא־נען אז ער וויל אויסגעפינען צו בין איך ניט איינער פון דיא פערזאנען וואס ווייסען זיין טרויעריגע געשיכטע און האב עס מיט פליים איהם ערצעהלט. ער האט אבער גאר נישט געקענט אויסגעפינען און, נאך א קורצער פויזע, האט ער גע־פרעגט:

— און דוא ביזט ווירקליך בעשלאָסען זא צו טאהן. וויא דוא האסט איהר געזאגט?

— דוא האסט מיט דיעזער פראגע אנגעריהרט זעהר א צארטע סטרונע־אין מיין הערצען — האב איך געענטפערט — איך מוז דיר דיא ווארהייט זאגען, דאס מיר איז שווער וויא דער טויט זיך פון איהר צו שיידען, איך קען זיך אבער קיין ראטה געבען וואס צו טאהן, איך זאל צוריקציהען מיין ווארט איז אונפאס־סענד, זאל איך זיא אבער ווירקליך בעפרייען, פיהל איך אז איך וועל דאס ניט איבערטראָגען, דען אהן איהר קען איך ניט לעבען. קאנסט דוא פיעלייכט, פריינד יאפאנעזער, מיר דא א קלוגען ראטה געבען?

— אבער וויא קומט דאס, וואס דוא האסט פאר מיר דיין הערץ אויסגע־גאָסען? — האט ער מיך פלוצלינג געפרעגט — דוא זעהסט דאך מיך דאס ערשטע מאל און דוא ווייסט גאר ניט ווער איך בין.

— איך וויים יא ווער דוא ביזט.

— דוא ווייסט? — האט דער גראף געלאכט — נוא, זאג מיר אויך ווער איך בין?

— דוא ביזט דער גראף סאלטיקאָוו — האב איך איהם אין אויער א זאג געטאהן.

ער איז ערציטטערט פון זיין ארט אויפגעשפרונגען.

— מענ׳ש! — האט ער זעהר שטרענג געשטאממעלט — וויא קומסט דוא צו אזא פערריקטען געדאנק?

— דאס איז קיין געדאנק, דאס איז דיא ריינע וואהרהייט. ווער וויים נאך אזוי וויא דוא, אז איך האב דיין ריכטיגען נאמען אויסגע־רעדט.

— טייפעל! — האט דער גראף געמורמעלט — זאג דאך מיר ווער ביזט דוא?

— דאס זאלסט דוא מיך ניט פרעגען, דען איך וועל דיר ניט זאגען, נור דאס זאלסט דוא וויסען, אז איך בין אזא גרויסער מענש וויא דוא.

— ביזט דוא א גראף ?

— מעהר וויא דאס וואס איך האב דיר געזאגט, וועסט דוא פון מיר ניט הערען און איך מוז דיר יעצט דיא וואהרהייט זאגען, אז מיט דער געשיכטע וואס איך האב דיר יעצט ערצעהלט וועגען מיין װייב, האב איך ניט געמיינט מיין ווייב, זאנדערען דיינע. האסט דוא דען ניט געהערט פון מיר דיין אייגענע געשיכטע ?

דער גראף האט געביסען זיין טאשענטוך. ער האט אויף מיר געקוקט מיט אזא מינע, וויא ער זאל וועלען מיך אין שטיקער צעררייסען. ענדליך האט ער געזאגט :

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט, וואס דוא האסט געמיינט מיט דעם, וואס דוא האסט מיר אזא געשיכטע ערצעהלט.

— איך האב דיר געוואלט דיא אויגען עפענען, דוא זאלסט זעהן וואו דוא האלסט אין דער וועלט. איך מיין ניט בעהיטע גאט, אויף דיינע וואונדען זאלץ צו שיטען, אין נעגענטהייל, איך וויל דיינע וואונדען היילען.

— ווער פערלאנגט דאס פון דיר ? א ך האב דיך ביז אהער ניט געקאנט און וויל דיך ווייטער ניט קאנען.

— דוא קענסט יא פערלאנגען אדער ניט, מיין שולדיגקייט אבער איז, איך זאל דעם מענשען וואס טרינקט זיך, דערלאנגען מיין האנד, ער זאל זיך קענען רעטען. גראף ! — האב איך שטיל געזאגט, זיך צובייגענד צו איהם — וואצו יעצט דער שטאלץ ? מיר געפינען זיך יעצט אין אזא פלאטץ, וואו מען ברויכט קיין שטאלץ ציינען. איך פערזיכערע אייך, אז איך מיין נור אייער טובה. איך וויים וויא אייך איז שווער זיך פון אייער ווייב צו שיידען, דארום וויל איך מאכען, אז זיא זאל בלייבען עוויג אייערע.

— וויא אזוי דענקט איהר דאס צו טאהן ? — האט ער מיך געפרעגט, שוין עטוואס רוהיגער.

— בעפאר איך וועל אייך זאגען וואס איך דענק צו טאהן, וויל איך, איהר זאלט נעגען מיר אפען זיין, דאס הייסט, איהר זאלט מיר אייער צוטרויען שענקען און זאלט מיך בעטראכטען אלס אייערן א פריינד.

— זאגט זשע מיר, ווער איהר זייט ?

— ביי מיין בעסטען ווילען קען איך אייך דאס ניט זאגען און פאר אייך איז דאס אויך ניט נעטהיג צו וויסען. דארף דען דער מענש וואס טרינקט זיך וויסען, ווער זיין רעטטער איז ? וועט דאס פון איהם ניט זיין דיא גרעסטע דום הייט, ווען ער וועט זיין הילף ניט וועלען אננעהמען בלויס דערפאר, וואס ער

ווייס ניט ווער דיעזער רעטטער איז? ווילט איהר מיך אויסהערען, גראף? איך שווער אייך נאך אמאל ביי גאט און ביי אלע היילינע, אז איך מיין דא נור אייער טובה.

— וואס ווילט איהר וויססען? — האט ער נאך א קורצעס נאכדענקען געפרעגט.

— איך וויל וויססען, צו ווילט איהר צוריק פריעדען שליססען מיט אייער פרוי?

— יא.

— איהר קענט אבער ביי אייער פרוי קיין פערצייהונג בעטען, ווייל אייער שטאָלץ ערלויבט דאס אייך ניט?

— איהר האט האלב געטראָפען.

— ווארום האלב?

— ווייל.... יא, אז איך האלט שוין אין ריידען, וועל איך אייך אין גאנ־צען זאגען, אז איך ווייס בעשטימט, דאס ווען איך וועל מיין פרוי זאגאר בעטען אום פערצייהונג, וועט דאס מיר אויך גאר ניט העלפען, דען זיא איז שוין, וויא איהר ווייסט, פערליעבט אין אנ׳אנדערען.

— און איהר גלויבט ניט, אז זיא זאל יענעם אוועקווארפען צוליעב אייך?

— איך גלויב דאסווירקליך ניט.

— איך מוז אייך אבער זאגען אז איהר האט אנ׳אירטהום. אייער פרוי איז אנ׳ענגעל, זיא איז ניט פעהיג פון זיך צו פערשטויססען איהר מאן צוליעב אנ־אנדערען.

— איהר זעהט דאך אבער, אז זיא טוהט דאס יא.

— דאס איז דערפאר, וואס איהר האט זיא ערשטענס פון געדולד ארויס־געבראכט, צווייטענס איז יעדער עלענדער מענש געצוואונגען א פריינד צו זוכען. איהר האט אייער פרויא זעהר עלענד געמאכט. אבוואהל איהר פעהלט קיין זאך, זיא איז ארומגערינגעלט מיט דעם גראסטען לוקסוס, אבער דיא הויפטזאכע פעהלט איהר. א געטרייען מאן, וואס זאל מיט איהר טהיילען פרייד און לייד, דאס האט זיא ניט. דארום איז קיין וואונדער, וואס זיא האט זיך אויסגעזוכט אזא געטרייען פריינד. איך צווייפעל אבער ניט, דאס ווען איהר מאן וועט איהר געבען איין בעווייז פון זיין ליעבע און טרייהייט צו איהר, וועט זיא פערגעסען אלעס וואס עס איז געוועז און וועט צוריק זיינע געטרייע פרוי ווערען.

— וואס פאר א בעוויז קען איך איהר דען געבען?

— דעם בעוויז וועל איך אייך פערזארגען.

— איהר וועט דאס מיר פערזארגען? איך פערשטעהע אייך גאר נים.

— ווען איהר וועט מיר פערשפרעכען אז איהר וועט מיר נעהארזאם זיין, וועל איך אייך מיין פלאן אויפגעבען.

— ניט עס אויף. ווען איך וועל הערן אז ער איז ווירקליך גוט, פערשפרעכע איך אייך אין אלעם געהארזאם צו זיין.

— איהר זאלט אריינגעהן צו אייער פרויא און זאלט איהר ערקלערען אז איהר זייט צום שכל געקומען און איהר פערשטעהט, אז איהר האט זיא זעהער שלעכט בעהאנדעלט, דארום בערייהעט איהר דאס פון טיעפען הערצען און איהר בעט איהר פערצייהונג. זאגט איהר אויך, אז איהר ציהט נים צוריק דאס ווארט וואס איהר האט איהר געגעבען, אז איהר בעפרייעט זיא, זיא זאל קענען הייראטען יוסטן, אויב זיא פיהלט אז פאר איהם וועט זיא קענען אימער גליקליך לעבען. דאביי זאלט איהר אייער פרוי דיעזען בריעף איבערגעבען.

און איך האב איהם ביי דיא ווארטען געגעבען דעם בריעף פון רעגינאס מוטער.

— וואס איז דאס פאר א פאפיער? — האט ער מיך ערשטוינט געפרעגט.

— געווים זיינען אייך בעקאנט דיא פערהעלטניססע פון אייער פרוי'ס פאטער צו איהר. איהר מוזט וויססען, אז ער קען זיא אופריכטיג נים ליעבען, ווייל ער צווייפעלט אין איהר מוטערס טרייהיים.

— דאס וויסט איהר אויך? — האט דער גראף נאך מעהר פערוואונדערט געזאגט.

— איהר הערט דאך אז איך וויים אלעס.

— נוא, וואס זשע איז דאס פאר א בריעף?

— דיעזער בריעף וועט עפענען דיא אויגען פון דעם גראף קאנטוזאוו. ער וועט זעהן, אז ער האט זיין פרוי אומזאנסט בעשולדיגט. לעזט איהם נור דורך, וועט איהר פערשטעהן וואס פאר א שאטץ ער איז.

סאלטיקאוו האט געעפענט דעם בריעף, האט איהם זעהר אויפמערקזאם דורכגעלעזען און האט ערשטוינט אויסגערופען:

— איז דאס מעגליך, אז דאס האט געשריעבען רעגינאס מוטער?

— יא, דאס איז איהר האנדשריפט.

— וויא קומט אזא בריעף צו אייך?

— דאס איז אנ'איבעריגע פראגע. פאר אייך איז נענוג דאס וואס איהר ווייסט, אז דער בריעף איז קיין פאלשער און ער שטאמט ווירקליך פון רעגינאס מוטערס האנד.

— איך קען אבער דאס ניט גלויבען, אז דאס האט רעגינאס מוטער גע־שריעבען.

— ווען איהר וועט איהם נור א ווייז טאהן רעגינאן, וועט זיא באלד דיא האנדשריפט ערקענען, דען זיא מוז געוויס האבען פיעלע פאפיערען, וואס זיינען בעשריעבען מיט דער זעלבער האנד.

— אויב דיעזער בריעף איז ווירקליך אנ'עכטער, איז ער ביי מיר ווערטה איך זאל פאר איהם א האלב לעבען אבגעבען און איך וועל אייך ניט פערגעסען ביז דעם לעצטען אויגענבליק פון מיין לעבען.

— דאס איז ניט נעטהיג — האט איך געלאכט — וואצו זאלט איהר אין זינען האבען א ווילדען אנגדריאנער?

— א, ניין, איהר מוזט זיין איינער פון דיא גרעסטע מענער, וויא באלד איהר זייט זא עדעל און זא אינטעלעגענט, דאס איהר זייט אונגערופען געקומען מיר צו הילף. זאגט דאך מיר, ליעבער פריינד, ווער זייט איהר?

— איך האב אייך שוין געזאגט, אז דאס וועט איהר פאר קיין פאל וויסען און פאר אייך איז דאס ניט נעטהיג צו וויסען, דען דאס וועט אייך קיינע נוט־צען בריינגען.

— מיר קען זיך דאס גאר ניט גלויבען, אז איהר זאלט דאביי קיין ציעל האבען.

— דער איינציגער ציעל וואס איך האב דאבייא, איז נור דאס, וואס איך וויל, אייער פרוי זאל גליקליך זיין. איך ווייס, אז מיט יוסט'ן קען זיא גליקליך ניט זיין, דען דאס פייער פון איהר יעצטיגער ליעבע צו איהם, וועט גיך פערלא־שען ווערען און זיא וועט דיעזען שריט שפעטער בערייהען און דאדורך וועט זיא זיך נאך אונגליקליכער פיהלען אלס יעצט.

— לאזט מיך אייך אומארמען, גוטער, עדלער מענש! — האט דער גראף ענטציקט אויסגערופען — איך גלויב, אז איהר זייט אנ'ענגעל, און אויב איהר זייט א מענש, זייט איהר דער בעסטער מענש אויף אונזער ערד. אך, וויא גליק־ליך איך וואלט מיך געפיהלט, ווען איך זאל אייך קענען פאר דיעזען וואהלטהאט בעלאהנען, דען איהר האט מיך פון טויט לעבענדיג געמאכט. איך ווייס זעהר גוט, אז רעגינא וועט מיר פאר דיעזען בריעף דאנקבאר זיין און עס איז אויך

מענכיך, אז צוליעב איהם זאל זיא פערגעסען אלעס וואס צווישען אונז איז געוועזען און אין איהר ברוסט וועט זיך פיעלייכט אבערמאלס ערוועקען דיא אלטע ליעבע וואס זיא האט געפיהלט צו מיר, און דאן וועל איך ניט אויפהערען פאר אייך נאט צו בעטען, איך וועל אייך איממער דערמאָנען, וויא מען דערמאנט א הייליגען.

— דאס איז אויך איבעריג — האב איך געענטפערט — איהר זאלט בעסער אין זינען האבען, אייער ווייב גליקליך צו מאכען, און פאר דיא ליידען וואס איהר האט איהר פערשאפט, זאלט איהר זיך בעמיהען פון הייטע אן און ווייטער איהר לעבען צו פערזיססען.

— ווענען דעם זאלט איהר אונבעזארגט זיין, קוים וועל איך פון איהר איין פרעהליכע מינע זעהן, דאן וועל איך מיין גאנצעס לעבען פאר איהר אויפאָפפערן, דען וויא איהר ווייסט שוין, איז זיא מיין לעבענסקוועלע, אהן איהר קען איך ניט לעבען. איך וויעדערהאָלע נענען אייער וויכטען מיינע ווארטען, אז איך וועל ניט אויפהערען פאר אייך נאט צו בעטען און וועל אייך דערמאָנען, וויא מען דערמאָנט א הייליגען. נור איין זאך וויל איך אייך ווענינסטענס בעטען: ווען איך קען דאס גליק ניט האבען, איהר זאלט מיין פערזענליכער פריינד זיין, זאלט איהר מיר אם ווענינסטען שענקען דאס גליק און דאס פערגעניגען, מיט אייך א פריינדליכע קאָרעספאָנדענציאָן צו פיהרען. עס קען זיין, אז איך וועל זיך נעטהיגען אין אייער ראטה, וויל איך דאס גליק האבען פון אייך בריעף צו ערהאלטען, אין וועלכע איהר וועט מיר אייער ראטה געבען אין אלעם דעם, וואס איך וועל אייך פרעגען.

— זעהר גוט, איך בין צופריעדען מיט לייב אונד זעעלע אייך מיט מיין ראטה צו דיענען — האב איך געענטפערט.

— ניט זשע מיר אייער אדרעססע.

— איהר זאלט שרייבען נומ. 5 פאָסט אָפפיס, וועט מיר שוין אייער בריעף בעשטימט אנקומען.

— איך דאנק אייך זעהר — האט דער גראף געזאגט, מיר דיא האנד דריקענד. אך, ווען איך זאל קענען אייך אומארמען און אייך קושען פאך דער פריינדשאפט וואס איהר האט מיר יעצט בעוויעזען! נור איך זעה דאך, אז איהר ווילט מיין דאנקבארקייט ניט אננעהמען, דארום וויל איך אייך דאמיט ניט צודרינגליך זיין.

— נענוג, נענוג דאפאן צו ריידען — האב איך ערוויעדערט — איך האב געטאהן מיין שולדינקייט, יעצט דארפט איהר טאהן אייער שולדינקייט, נענען

אייער ליעבע פרוי און נענען אייך אליין. אדיע, איך מוז נעהן, דען איך האב קיין צייט מיט אייך פיעל צו ריידען.

אך, אהנע צו ווארטען אויף זיין אנטווארט, בין איך אויפגעשטאנען פון מיין ארט און בין שנעל אוועקגעגאנגען.

מו.

## בעסער אלס געוואונשען.

קומענדיג אהיים, האב איך זיך א ווארף געטאהן אויף מיין בעטעל, אום זיך דעם זאנפטען שלאף אין דיא הענד איבערצוגעבען, אבער איך האב ניט געקענט איינשלאפען.

פון פערגעניגען קען מען אמאל ניט שלאפען, זא גוט וויא פון שמערצען. איך האב גרויס פערגעניגען געהאט פון דעם, וואס איך האב אזא וואהלטהאט געטאהן און האב דעם גראף סאלטיקאוו געגעבען אזא וואפפע אין דער האנד, דורך וועלכער ער קען טעדטען דיא ליעבע וואס לעבט אין רעגינאס ברוסט צו יוסט׳ן איך בין שטארק צופריעדען געווען דאמיט וואס איך האב דורך דעם שריט וועלכען איך האב געמאכט, רעגינאס שריטע אבגעווענדעט פון דעם שלעכטען וועג.

ענדליך, נאך א צווייסטונדיגען קאמפף מיט דעם שלאף, האב איך פארט איינגעשלאפען און האב מיך ערוואכט אום ניין אוהר.

רעגינא האט נאך געשלאפען און איך האב מיך בעאיילט אין איהרע צימער אנ׳ארדנונג צו מאכען.

זיא איז, וויא געוועהנליך אום צעהן אוהר אויפגעשטאנען און, אלס זיא איז אריינגעקומען אין איהר עססצימער, האט זיא אויסגעזעהען זעהר בלאס און פערטיעפט אין געדאנקען.

— האסט דוא זיך געסטערן גוט אמוזירט, יאזעפום? — האט זיא מיך פריינדליך געפרעגט.

— זעהר גוט, גנעדיגע גרעפין.

— טראג מיר אריין מיין פריהשטיק און קיינעם זאלסט דוא צו מיר הייטע ניט אריינלאזען, אויסער דעם הערין יוסט.

— גוט, גנעדיגע גרעפין.

איך האב איהר דעם פריהשטיק אריינגעטראגען און האב זיך געזעטצט אין דעם ערשטען ציממער.

קוים האט זיא אבגעגעסען און איך האב דאס געשיער פון איהר טיש צו־גענומען, איז אריינגעקומען דער גראף סאלטיקאוו. ער האט זיך צו מיר ועהר שטרענג געווענדעט און האט געפרעגט:

— איז מיינע פרוי צו הויזע?

— יא, הערר גראף.

— קיינער איז ביי איהר יעצט פאראן?

— קיינער, הערר גראף.

— געה פרעג זיא, צו האט זיא צייט יעצט מיט מיר צו שפרעכען.

איך בין אריינגעגאנגען צו דער גרעפין און האב איהר איבערגעגעבען, אז דער גנעדיגער הערר ווינשט מיט איהר צו שפרעכען.

זיא איז שטארק בלאס געווארען און, נאך א קורצעס נאכדענקען, האט זיא געזאגט:

— בעט איהם אריין אהער.

דער גראף איז צו איהר אריינגעגאנגען.

אך, וויא איך בין געוועזן נייגיעריג צו הערען זייער געשפרעך, דען דא האט זיך דאך געווים געהאנדעלט אום אנ׳אויסוואהל צווישען דעם גראף און יוסטען. איך האב געוואלט צולייגען דעם אויער צו דער טיהר, אום האטש עטוואס צו הערען, ליידער אבער האב איך גאר נישט געקענט הערען.

א גאנצע שטונדע איז ער געזעסען ביי דער גרעפין אין צימער, ענדליך איז ער פון דארט ארויסגעגאנגען. זיין געזיכט האט געשטראהלט אויס פריידע און איך האב פערשטאנען, אז ער האט זיין ציעל ערררייכט.

באלד נאך זיין ארויסגאנג, האט מיך דיא גרעפין אריינגערופען.

— יאזעפוס! — האט זיא צו מיר זעהר אויפגערעגט געזאגט — געשווינד נעהם דיעזען בריעף און טראג איהם אוועק צו מיין פאטער, אבער דוא זאלסט זיך בעמיהען, ער זאל איהם אין דיא הענד קומען.

— איך ווייס אבער ניט, צו דער מולאטע וועט מיך צו אייער פאטער צו־לאזען.

— טוה וויא דוא פערשטעהסט, נור זעה אז דיעזער בריעף זאל צו מיין פאטער אין דיא הענד אריינפאלען.

— איך וועל מיך בעמיהען זא צו טאהן וויא איהר הייסט, גנעדיגע גרע־פין — האב איך איהר פערזיכערט. — מוגדליך האב איך איהם גאר נישט צו זאגען?

— נאר ניכטס.

— זאל איך ערווארטען אנ'אנטווארט פון איהם?

— דאס איז ניט נעטהיג. גיעב איהם נור איבער דעם בריעף.

אלס איך האב שוין געוואלט אוועקגעהן, האט דיא גרעפין מיך אבגע־שטעלט און האט געזאגט:

— יא, דוא זאלסט איהם זאגען, אז איך אליין האב געוואלט צו איהם קומען, אבער איך האב דאס ניט געקענט טאהן, ווייל איך וואר צופיעל אויפ־גערעגט.

— גוט, גנעדיגע גרעפין.

און איך בין מיט דעם בריעף אוועקגעלאפען צו דעם אלטען גראף.

איך האב פערשטאנען, אז איך טראג דאס יעצט צו דעם אלטען גראף דעם בריעף פון רעגינאס מוטער און, ערווארטענד פאר דער גרעפין זעהר א גינ־סטיגען רעזולטאט, בין איך געפלויגען וויא א פפייל פון בויגען צו קאנטוזאוס פאלאסט.

— קומענדיג אהין, האט מיר דער מולאטע, וויא זיין געוואהנהייט וואר, אנגעקוקט מיט גרויסע אויגען און האט מיך זעהר שטרענג געפרעגט, וואס איך פערלאנג.

— איך מוז זעהן דעם אלטען גראף — האב איך געענטפערט.

— דוא מוזט איהם זעהן? — האט ער ספאטיש געענטפערט — נוא זאג איך דיר, אז דוא מוזט שוין געהן צוריק אהיים, ווייל דוא וועסט איהם ניט זעהן.

— און איך זאג אז איך מוז איהם יא זעהן, ווייל זיין טאכטער, דיא גרע־פין סאלטיקאוו, האט מיר בעפאהלען, איך זאל איהם אין האנד איהר בריעף אי־בערגעבען.

— דוא האסט א בריעף פון איהר צום גראף?

— יא.

— נוא, גיעב איהם אהער, איך וועל עס איהם איבערגעבען.

— ניין, איך מוז דעם גראף אליין זעהן.

— ביזט דוא פערריקט?

— פערריקט ביזט דוא, פערפלוכטער מולאטע, אבער ניט איך — האב איך הויך געשריען, אום מיין שטיממע זאל קומען צו קאנטוזאווס אויערן — איך וויעדערהאלע מיינע ווארטען, אז איך מוז דיעזען בריעף דעם גראף קאנטוזאוו אין דיא הענד איבערגעבען.

— שטיל, ווארום שרייסט דוא אזוי ?

— ווייל איך מוז שרייען — האב איך נאך העכער געשריען — איך מוז דעם גראף זעהן.

מיין מעדיצין האט געווירקט, דען באלד נאך דיעזען געש־ייא האט זיך האסטיג געעפענט א טיהר און דער אלטער גראף, אנגעשפארט אויף א דיקען שטעקען, איז ארויסגעקומען און האט געפרעגט :

— ווער שרייט דאס דא אזוי ?

— גנעדיגער גראף ! — האב איך אויסגערופען — ווארום האלט איהר אין אייער הויז אזא אונמענשען, וועלכער בעטראכט איים אלס זיין געפענגנעם און לאזט קיין מענשען צו אייך אריין. אייער גנעדיגע טאכטער האט דורך מיר צו אייך א בריעף געשיקט און האט מיר אנגעזאגט, איך זאל איהם אייך אין דיא הענד איבערגעבען, אבער דיעזער מולאטע האט מיך פאר קיין פאל צו אייך געוואלט אריינלאזען.

— וואס איז דאס פאר א בריעף ? ניעב איהם אהער.

איך האב דעם אלטען איבערגעגעבען דעם בריעף און האב געענטפערט :

— אייער טאכטער האט געזאגט, אז דיעזער בריעף איז זעהר וויכטיג. זיא האט געוואלט אליין צו אייך איהם בריינגען, אבער זיא איז זעהר אויפגערעגט געוועזן און האט דאס ניט געקענט טאהן.

— גוט — האט דער אלטער אונפריינדליך געענטפערט, אריינגעהענדיג מיט דעם בריעף אין זיין צימער.

איך האב געמאכט דעם מולאטע א לאנגע נאז און בין פון דעם גראפס הויז ארויסעגאנגען.

איך בין געקומען אהיים, אום צו ערצעהלען רעגינאן, אז איך האב איהר בעפעהל פינקטליך ערפיעלט, און האב פון איהר קאמערמעדכען ערפאהרען, אז יוסט איז יעצט ביי איהר אין צימער.

יעצט האט מיין נייגיערדע ביז דער לעצטער שטופע געשטיגען. איך האב אונבעדינגט געוואלט וויסען וואס זיי ריידען ביידע און דארום האב איך זיך דאס מאל בעשלאסען א געוואגטען שריט צו מאכען.

ביי מיר איז געבליעבען, איך זאל אריינגעהן אין רעגינאס קאבינעט, איהר מעלדען, אז איך האב דעם בריעף איהר פאטער אבגעגעבען. אויב זיא זיצט מיט יוסטען אין קאבינעט, האב איך גאר ניט וואס צו טאהן, מיר בלייבט דאן

נור איבער פון זייערע געזיכטער צו לעזען וואס צווישען זיי איז פארגעקומען, אויב אבער זיי זיטצען אין אנ'אנדער צימער, זאל איך איינפאך צוליינען דעם אויער צו דער טיהר און זיך איינהערען וואס זיי ריידען.

איך האב אזוי געטאהן און בין אין רעגינאס קאבינעט אריינגעקומען. איך האב זיא ווירקליך דא ניט געטראָפען און האב ערהערט זייערע שטימען פון דעם בילדערצימער. זיי האבען גערעדט אזוי הויך, אז איך האב גאר פעשפּארט מיין אויער צו דער טיהר צו צוליינען, דען איך האב געהערט יעדעס ווארט און דאס וואר דער אינהאלט פון זייער געשפּרעך:

— דאס איז פאר מיר אונפערשטענדליך — האב איך געהערט יוסט'ס שטימע — דוא ביזט ניט דיא זעלבע רעגינא וואס געסטערן.

— יא, ליעבער יוסט, איך בין ווירקליך ניט מעהר דיא זעלבע — האט רעגינא געענטפערט — צו פיין גרעסטען בעדויערן, קען איך ניט מעהר דיר דיא זעלבע ליעבע צייגען, וואס געסטערן.

— ווארום? ביזט דוא אויף מיר פיעלייכט צאָרניג?

— אויף דיר צאָרניג זיין? דוא גלויבסט, יוסט, אז איך בין פעהיג אויף דיר פערדרוס צו האבען? קען איך דען פערגעסען, אז דוא האסט מיין לעבען און מיין עהרע גערעטעט? קען איך פערגעסען, אז דוא האסט וויא א זאנפטער ליכטשטראהל מיין פינסטער לעבען ערלייכטעט? ניין, יוסט, דאפאָן זאלסט דוא ניט דענקען. דוא וועסט עוויג מיינעם הערצען טהייער בלייבען, איך וועל דיך אימער אכטען און ליעבען.... אבער נור וויא איינען ברודער.

— וויא איינען ברודער? האסט דוא מיר ניט געשווארען, אז דוא וועסט מיך עוויג ליעבען מיט דער צערטליכסטער, הייסעסטער ליעבע פון איינער גע-טרייער פרוי?

— איך האב אבער מיינען מאן נאך פריהער אזא שבועה געגעבען און איך האב מיך הייטע עראינערט, אז איך האב דיר זא וואס ניט געהאט דאס רעכט צו שווערען.

— האט דען דיין מאן זיין שבועה וואס ער האט דיר געגעבען, לאנג ניט געבראָכען און דאדורך האט ער דיך אויך פון דיין שבועה בעפרייעט?

— דאס איז וואהר, ער האט אבער זיין האנדלונג בערייהעט און ער האט מיך אום פערצייהונג געבעטען, דאביי האט ער מיך איבערצייגט, אין זיין אויפ-ריכטיגע טרייהייט און ערגעבענהייט צו מיר.

— ווילסט דוא זיך, לויט איך הער, פון מיר גענצליך ענטזאגען ? — האט יוסט מיט א ביטערן טאָן געפרעגט.

— פון אונזער ליעבע, אבער ניט פון אונזער פריינדשאפט. אונזער פריינד־שאפט בלייבט היילינג און שטארק ביז דער ענדע פון מיין לעבען.

— רעגינא ! — האט יוסט אויסגערופען — דוא קענסט זיך נאר ניט פאָר־שטעלען וואס פאר גיפטיגע קונלען דוא האסט יעצט אין מיין ברוסט אריינגע־שאָסען. זייט מיר האבען זיך נענענזייטיג אין ליעבע ערקלערט, לעב איך נור מיט דעם געדאנק, אז דוא וועסט מיינע זיין. איך האב צוליעב דיר מיין שטעלע אויפגעגעבען. איך האב דיא גאנצע וועלט פערגעסען און האב נור פאנטאזירט וועגען דעם גליק וואס אונז ביידען ערווארטעט. דוא קאָנסט מיך זעהר גוט, דוא ווייסט אז איך בין ניט זא פערדאָרבען, איך זאל פעהיג זיין אביידען א פערהיי־ טע פרוי פון איהר מאן, אבער דיך אבצורייסען פון דיין מאן האב איך אלס מיין הייליגסטע פפליכט בעטראכט, דען דיעזער גרעפעל האט זיך שטארק פערזינדיגט געגען גאָטט דאמיט, וואס ער האט אזא בלומע וויא דוא ביזט, זא פערשמעהעט און פעראכטעט. איך האב געזעהן אז דוא וועסט שנעל פערוועלקען, דארום האב איך דיר צו הילפע געאיילט, אום דיך צו רעטטען און זיך מיט דיר פערציערען. יעצט האט זיך דיין הערצלאָזער מאן נאר אויף דאס נייע צו דיר צוגעשאָרט און וויל דיך פון דיין שיטצערס הענד ארויסרייסען. דאס טוהט ער ניט אויס רייהע (חרטה) אויך ניט אויס מיטלייד צו דיר, זאנדערן אויס עגאָאיזמוס און אויס נייד. ער פערגינט מיר ניט מיין גליק, ער פערגינט אויך דיר ניט דיין גליק און ער וויל דורך שלויהייט אונזער הימעל פערדונקעלן. דוא דארפסט אבער זיך ניט לאָ־ זען פערפיהרען, דוא דארפסט גוט זעהן, וואס פאר א נייעם אבגרונד סאלטיקאָוו האט דיר געעפענט, דען פון זיינע שענדליכע זיטטען וועט ער זיך קיינמאל קענען אברייסען: קוים וועסט דוא זיך אין זיינע הענד אבערמאלס איבערגעבען, וועט ער נאר אויף דאס נייע דיין לעבען פערביטטערען, דוא וועסט אבערמאלס וועַ־ לען פון זיינע הענד זיך רעטטען, אבער עס וועט שוין צו שפעט זיין. רעגינא ! האב מיטלייד מיט אונז ביידען, לאמיר ענדיגען דעם פלאן, וואס מיר האבען פריי־ הער געמאכט. לאססען וויר קומען צו דעם גליק, וואס שטעהט יעצט פאר אונז מיט אָפענע הענד, אונז צו עמפפאנגען.

— אָ, רייד ניט זאלכע ווארטען יוסט ! — האט זיך רעגינא וויינענד געבע־ טען. דוא קענסט מיך אבווענדען פון אזא וועג, וועלכע איז פיעלייכט דער איינ־ ציגער וואו איך דארף געהן. דוא דארפסט אין מיין ערגסטער ליעבע צו דיר ניט

צווייפלען. דוא ווייא הייס איך ליעבע דיך, אבער איך דארף ניט פערגעסען, אז ניט אלע מאל מוז מען זיך איבערגעבען דעם גליק וואס מען זעהט פאר זיך, אין דער צייט וועז דאדורך קען דיא עהרע עטוואס ליידען. דאביי מוז איך אין זינען האבען, פיעלייכט איז מיין מאן ווירקליך צום זינען געקומען און ער פערשטעהט דיא זינרע וואס ער האט געגען מיר בעגאנגען און פון יעצט אן און וויטער ועט ער ווירקליך אנ׳ארדענטליכער מענש ווערען. יוסט! בעדענק דאס גוט, בערע־כען עס מיט א קלארען פערשטאנד, פערגעס ניט, אז יעדער פון אונז איז פער־פליכטעט אין דעם צווייטענס לאנע אריינצוטראגען.

— מיין נאסט! — האט יוסט פערצווייפעלט אויסגערופען — צו וואס פאר א שרעקליכער פראבע האסט דוא מיך יעצט געבראכט, אבער.... יא, דוא האסט רעכט, רעגינא! איך געשטעה, דאס איך האב א גרויסע זינרע בעגאנגען, דא־מיט וואס איך האב אין אזא קריטישען מאמענט נור זיך זעלבסט אין זינען געהאט. דוא מוזט זיינע געטרייע פרוי ווערען, וויא באלד ער האט דיך אום פערצייהונג געבעטען און האט דיר פערשפראכען פון הייטע אן און ווייטער דיך גוט צו בע־האנדלען. אבוואהל פאר מיר איז דאס א טאדעס שלאג, אבער איך וועל איהם געדולדינ ערטראגען, אויף דעם בין איך דער זאהן פון דעם בעריהמטען פהילאנ־טראפ קלעמענס. אדיע, רעגינא!

קוים האב איך ערהערט דעם אדיע, האב איך געפירכטעט, פיעלייכט נעהט ער אוועק און ער וועט מיך טרעפען אין דיזען צוממער, דארום בין איך שנעל וויא א בליטץ צוריק ארויסגעפלוינען אין דעם צווייטען צוממער, וואו איך האב בעדארפט זיטצען.

עס איז אבער איבערגעגאנגען נאך א פירטעל שטונדע ביז יוסט האט דער גרעפינס צוממער פערלאססען. וואס עס איז אין דער לעצטער פירטעל שטונדע דארט פארגעקומען, דאס ווייס איך ניט. אבער אלס יוסט איז מיין צימער דורכ־געלאפען און איך האב אויף איהם א קוק געטאהן, בין איך ערציטטערט געווא־רען, דען ער איז געוועזען בלאס וויא דער טויט אליין און איך האב בעמערקט, וויא ער פאלט איינפאך פון דיא פיס.

איך האב אין דער מינוט מיט איהם שטארק מיטלייד געהאט, אבער איך האב קיין חרטה געהאט, וואס צוליעב מיר איז ער פון זיין גליק הערונטערגע־געשליידערט געווארען. איך האב ניט פערגעסען, אז איך האב דאמיט דיא גרע־פין פון שאנדע און שפאט גערעטעט.

קוים האט יוסט אונזער הויז פערלאזען, האב איך ערהערט א גערויש פון

אנ'עקיפאזש געבען דעם באלקאן. עס האט לאנג ניט געווערט, איז דער אל-טער גראף קאנטוזאוו אריינגעלאפען זעהר האסטיג און האט צו מיר שטרענג געזאגט:

— וואו איז מיין טאכטער? גיכער, פיהר מיך צו מיין קינד!

איך בין אריינגעלאפען צו דער גרעפין איהר מעלדען, אז איהר פאטער איז דא און האב זיא געטראפען שטארק פערוויינט.

# מז.

## דער טייפעל ארבייט אין מיר.

רענינאס עהרע איז יעצט אונבעפלעקט געבליעבען. איהר פאטער ויאר יעצט פעסט איבערציינגט, אז זיא איז ווירקליך זיין קינד און ער האט זיין ליעבע צו איהר אין זא א מאסשטאב ארויסגעוויעזען, דאס עס איז ניט פערגאנגען דער טאג, ער זאל ניט קומען זיא בעזוכען און זיך ערקונדיגען וועגען איהר געזונד. ער האט, וויא איך האב ערקאנט, מיט זיין איצטיגער ליעבע צו איהר געוואלט פער-ריכטען דעם פעהלער, וואס ער האט בעגאנגען נעגען איהר מוטער און נעגע איהר אליין.

אבער מיט דעם איז נאך רענינא ניט גליקליך געווארען, זיא האט אוים-געזעהן אונמוטהיג, בעזארגט און פאסט פערצווייפעלט. מיט איהר מאן פלעגט זיא ריידען זעהר פריינדליך, אבער עס וואר לייכט צו ערקאנען, דאס זיא טראגט א פולעס הערץ מיט וואונדען.

יא, נים אזוי לייכט קען מען פון הערצען דיא ליעבעסוואורצלען ארויסרייסען אדער, וויא דער אלטער פאעט האט זיך אויסגעדריקט, „פיעלע וואססער קענען דיא ליעבעספלאממען נים פערלעשען". זיא האט יוסטן געליעבט מיט אלע פייערן פון דער ריינער ליעבע און, אבוואהל זיא האט זיך פעסט בעשלאסע איהם צו פערגעסען און זיך איבערגעבען מיט לייב און זעעלע צו איהר מאן, האבען דאך דיא ליעבעספלאמען אין איהר ברוסט געברענט און זיא האט זיך זעהר אונגליקליך געפיהלט.

דאס האט אין מיר נאך מעהר אייפערזוכט ערוועקט. דער געדאנק, אז זיא ליעבט מיט אזא פייער יוסטן, האט מיך ביז צום טויט געקריינקט.

בין איך דען נים אזא מענש וויא יוסט? — פלעג איך ביי זיך קלערען — ווארום האב איך אזא גליק נים? דאס איז וואהר, אז ער איז געבילדעטער פו

מיר און האט אויך א שעהנערען טאטען פון מיר נעהאט, אבער בעשטעהט דען דיא מענשהייט אין בילדונג אדער אין יחוס? איך האב מעהר רעכט צו שטאָל-צירען מיט דעם נאמען מענש אלס יוסט, דען ווען ער זאל געווען האבען אזא ער־ציהונג וויא איך, צווישען רויבער און גנבים, וואלט ער געוויס נים אזוי עהרליך געווען וויא איך, ער וואלט אויך נים בייגעשטאנען ביי אזא פּראָבע, געבען אנ'אנדערען דיא געלעגענהייט צו רעטען דאס לעבען און דיא עהרע פון דער פרוי, וואס איך ליעב צום שטארבען, נור דערפאר, וואס איך האב מיך געפיהלט נים ווירדיג איהר געליעבטער צו זיין. ער וואלט אויך נים אבגעגעבען איהר מאן אזא וויכטינגען דאָקומענט, וואס דורך איהם אליין קען מען דיא ליעבע פון א פרויא געווינען.

אלזאָ בין איך דאך א וויכטינערער מענש אלס יוסט, פאר וואס זשע האב איך דאס גליק נים געליעבט צו ווערען פון רעגינאן, דיא פרוי, וועלכע איך ליעב פון מיין פריהעסטער יוגענד? דיא פרוי, וואס איז אימטער געווען מיין אידעאל און אלע מיינע האפפנונגען האבען זיך נור צו איהר געציעלט?

נור ווער איז דיר שולדיג. וואס דוא ביזט אזא דומקאָפּף געווען? — האב איך צו זיך אליין געזאגט — ווער האט דיר געהייסען אנ'אנדערען אין דיא הענד דיין גליק איבערגעבען, וועהרענד דוא אליין האסט זיך דאמיט נעקענט בעדיענען? דוא דארפסט אלעם פאר ליעב אננעהמען, ווייל דוא אליין ביזט אין דעם שולדיג. דוא קענסט שוין קיין האָפּפנונג מעהר האבען, אריינצוגעהן אין דעם פּאראדיס, וואס דוא אליין האסט זיינע טיהרען פאר זיך פערשלאָסען.

איך בין אויסער זיך געווען פון כעס אויף מיין אייגענער פּערזאָן.

וואס וועט פון מיר יעצט ווערען? — האב איך זיך געטראַכט — וואס זיטץ איך דא אין דעם הויז און וועמען ווארט איך דאָ? זאל איך דא זיטצען און צוקוקען וויא אנדערע זוכען צו בעזיטצען רעגינאן, וויא זיי האבען ערפאלג אין זייער זוכען. און איך זאל אלץ בלייבען דער זעלבער פערניכטעטער קאמער־דיענער וויא פריהער? אָ, ניין! אזא נאר וועל איך שוין נים מעהר זיין, איך וועל ענטוועדער גאר אין גאנצען דאס הויז פערלאָזען, אדער איך וועל דאָ בלייבען און וועל אלע קרעפטע אנווענדען, רעגינא זאל מיינע זיין.

נור וויא אזוי זאל איך דאס טאהן? ווען איך וועל זיך נור וואגען איהר מיין ליעבע צו ערקלערען, וועט זיא מיך פון איהרען הויז וויא א הונד פּעריאָגען. זיא וועט נים קענען ערטראגען דיא פרעכהייט פון דעם קאָמערדיענער, וואס וואגט אזא גרעפּין וויא זיא איז, אלס זיינס א גלייכען צו בעטראַכטען.

וויא וויטהענט בין איך א היבשע צייט הין און צוריק ארומגעלאפען און איך האב זיך ענדליך בעשלאָסען א שרעקליכען שריט צו מאכען.

שפעט אין דער נאכט, ווען אללע אין פאלאסט וועלען שטארק שלאָפען — זאָ וואר מיין פּלאן — זאל איך שטילערהייט צו רעגינאן אין צימער אריינגעהן. זיא וועט זיך דאך געוויס ערשרעקען און וועט מיך געוויס באלד פרעגען, וואס דארף איך דאָ, דאן זאל איך צו איהר מיט פייער זאגען: — רעגינא! יעצט איז געקומען דיא צייט, איך זאל פאר אייך מיין הערץ עפענען און זאל אייך אָפען ערקלערען, אז אן אייך היינגט אב מיין גאנצעס לעבען. איך בין דאס געווען דער יענינער, וואס האט אייער מוטערס גראב אימער מיט דיא שעהנסטע בלומען פערציערט צוליעב אייך. איך האב פאר אייער טויטער מוטערס עהרע ראכע גענומען פון יענעם פערפלוכטען בעטלער, וועלכער האט איהר גראב געעפענט, אום זיא צו בערויבען. איך האב אונטערגעשיקט יוסטן אין יענעם פוסטען הויז, ער זאל אייך רעטטען פון יאבלאָנסקיס הענד, און נור איך האב איבערגעגעבען אייער מאן אין דיא הענד אייער מוטערס וויכטיגען בריעף, וועלכען איך האב אב-געהיט זאפיעל יאהר. אכזא יעצט איז געקומען דיא רייהע אן אייך, איהר זאלט מיר פאר דיא אלע זאכען בעלאהנען, און קיין אנדער בעלאהנונג גיעבט פאר מיר נים, וויא נור אייער ליעבע.

דיעזע ווארטען וועלען אויף רעגינאן געוויס ווירקען — האב איך זיך גע-קלערט — און זיא וועט פערשטעהן, אז פון אלע איהרע ליעבהאָבער בין איך דער איינציגער, וואס האט ווירקליך פערדיענט זיא זאל מיר איהר הערץ שענקען, ווען אבער דיעזע ווערטער וועלען אויף איהר נים ווירקען, איז דאך דאס א בעוויז, אז זיא איז אנ׳אונדאַנקבארע פרוי, דאן זאל איך זיא בעהאנדלען וויא זיא האט פערדיענט. זיא זאל נענען איהר ווילען מיין ליידענשאפט בעפריעדיגען.... און נאכהער וועל איך זיך אריינשיסען א קוגעל אין קאָפּף און אנ׳ענדע מאכען צו מיין פינסטער לעבען.

אבער דאס איז דאך שענדליך, דאס איז אונערהערט — האט מיין געוויי-סען אין מיר גערעדט — אזא טהאט פאסט פיר דעם געעסטען מערדער, פאר דעם פערדאָרבענסטען מענשען אין דער וועלט. וויא קען איך וואגען אריינ-געהן צו דער הייליגער רעגינא אין שלאָפציממער שפעט ביי נאכט און זיא זאָ בעה-האנדלען? איז זיא דען שולדיג וואס איך ליעב זיא?

דאס איז אבער קיין זינדע — האב איך ווייטער געקלערט — איך וויל דאך מיט איהר אנשטענדיג ריידען, איך וויל פון איהר מיין רעכט פאָרדערען.

איך האב פאָלעס רעכט פון איהר געליעבט צו ווערען, איך האב דאס ביי איהר עהרליך פערדיענט, און ווען זיא וועט זא הארטהערציג זיין און וועט אלכע מיינע מהאַטען ניט וויסען צו שעטצען, דאן האב איך פאָלעס רעכט, מיט איהר צו טאהן וואָס איך וויל.

און איך האב מיך פעסט ענטשלאססען, מיין שרעקליכען פּלאַן אויסצופיהרען.

וואס נעהנטער דיא נאכט איז אנגעקומען, בין איך אלץ מעהר אויפגערעגט געווארען. איך האב מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט דיא צייט, ווען אלע וועלען שלאָפען און איך וועל קענען צו רעגינאן אין ציממער אריינגעהן.

צום אונגליק האט זיא אין דעם טאג אויסגעזעהן טויזענד מאל שעהנער אלס פריהער. מיין ליידענשאפט האט אין מיר וויא א העליש פייער געברענט. מיר איז א וואונדער, וואס רעגינא האט דאס פון מיינע אויגען ניט געלעזען. מיר שיינט, אז אויף מיין געזיכט איז געווען דייטליך אנגעשריעבען, וואס פאר א פערברעכען איך וויל דא בעגעהן.

איך האב, אום ביי מיין מוטה צו פערבלייבען, צוגעגרייט א פלאש שנאפּס, און אלס דער זייגער האט געשלאָגען צוועלף האלבע נאכט, האב איך א גאנצע גלאָז שנאפּס אויסגעטרונקען. איך האב מיך גוט איינגעהערט, צו איז איבעראל שטיל און, אלס איך האב קיין גערויש געהערט, האב איך מיך געלאזט געהן צו רעגינאס ציממער.

איך האב שרעקליך געפיבערט. אלע גליעדער האבען אין מיר וויא אין א שטארקער קעלט געציטטערט. דער שנאפּס האט אין מיין קאָפּף גערייטשט. איך האב געפיהלט, אז דער מארך ברענט אין מיר. אויך אין דיעזען צושטאנד האט מיין געוויססען אין מיר גערעדט און האט מיר פּראָווירפע געמאכט פאר דיעזען אונמענשליכען גאנג. אבער איך האב פון קיין זאך נעוואלט הערען און בין אויף דיא שפּיטצען פינגער געגאנגען, ביז איך בין ציגעגאנגען צו דער טיהר פון רעגינאס שלאפצממער.

איך האב געפּריווט שטיל דיא טיהר עפענען און, צו מיין גרעסטער פריידע, האט זיא זיך גלייך, גאר אהן גערויש, געעפענט.

א קאַלטער שווייס האט מיך בעגאָסען, אלס איך האב אין דעם ציממער אריינגעטראָטען. דא האט געברענט א לאמפּע און פאר איהר שוואכען ליכט האב איך דערזעהן רעגינאני וועלכע איז געלעגען אין איהר בעט און האט זאנפט געשלאָפען.

זיא איז געלעגען אין איהר פּרעכטיגער בעט. איהרע לאַנגע קאַשטאַניען־האאר ווארען אין אלע זייטען צושפּרייט און זיא האט אין זיך געהאט אַזאַ צויבער, דאס איך בין שטעהן געבליעבען פאר איהר בעט אונבעוועגט, אהנע צו קענען איין גליעד ריהרען. דאס גאנצע בלוט האט אנגעפּאַנגען אין מיר צו קאָכען, דיא אויגען זיינען מיר פול געווארען מיט בלוט און איך האב זיך געוואלט צו איהר א ווארף טאהן, זיא מיט מייגע קיססע צו בעדעקען.

אבער בעפאָר איך האב דאס געטאהן, האב איך מיך אין אלע זייטען אומגעקוקט, וויא איך זאל פירכטען, פיעלייכט געפינט זיך יעמאנד דא. מיין בליק איז געפאלען אויף דעם שפּיעגעל, וואס איז געהאנגען נעגען דער בעט. איך האב דערזעהן מיין פּערזאָן און האב מיך פאר זיך אליין דערשראָקען, דען איך האב אויסגעזעהן וויא א ווילדע חיה, וואס וויל א שפּרונג מאהן אויף א שוואכע שעפעלע, אום זיא צו צערדרייסען.

יעצט האב איך מיך פון מיין ווילדהייט ערוואכט און האב דערזעהן, וויא שרעקליך און שענדליך איך בין.

איך האב שוין אויף רענינאן מעהר ניט געקוקט און האב מיך שטיל ארויסגערוסט פון דעם צימער און, אלס איך בין אין מיין חדר אריינגעקומען, האב איך מיך א ווארף געטאהן אויף מיין בעט און האב פון זיך אנגעהויבען דיא האָר צו רייסען.

— אונמענש! — האב איך געשטאמעלט — אום איין האאר וואלסט דוא דוא דער גרעסטער פערברעכער אין דער וועלט געווארען. אבער געלויבט איז גאָט, איך בין דיא שרעקליכע פּראָבע העלדיש אויסגעשטאנען. מעהר וועל איך שוין זאָלכע ניעדערטרעכטינקייטען ניט טאהן, אין געגענטהייל, איך וועל מיך בעמיהען, דיעזע שאנדטהאט, וועלכע איך האב געוואלט טאהן, מיט גוטעס צו פערדעקען.

## מח.

## דער זיעג פון דער ליעבע.

איך האב ניט ערדרייכט דעם ציעל, צו וועלבען איך האב געציעלט. איך האב געוואלט דער גרעפין רענינא פון אונגליק פערהיטען, איך האב געוואלט איהר עהרע רעטען און זיא צו איהר מאן צוריק אומקעהרען, אבער קויט איך האב מיך איבערצייגט, ווער מיין גאנצע מיהע אומזאנסט.

דער גראף סאלטיקאָוו איז ווירקליך אַנ'אַנדער מענש געוואָרען. ער האָט אויפגעהערט צו שיכורן, ער איז שוין מעהר ניט געגאַנגען אין יענע שענדליכע הייזער, אין וועלכע ער האָט פערגעניגען געפונען. ער האָט יעצט אַלע קרעפטע אַנגעווענדעט, אַנ'אָרדענטליכער, אַנשטענדיגער מאַן צו זיין און זיין רעגינאַן צו זיך צו ציהען מיט דעם גאַנצען מאַגניט פון דער עהרליכקייט. אָבער דאָס האָט איהם ניט געלונגען.

זייט יוסט איז פון איהר הויז מיט זיין לעצטען אַדיע אַרויסגעגאַנגען, איז זיא אויס מענש געוואָרען, מען האָט דייטליך געזעהן, אַז זיא געהט אויס ווייא א ליכט. בעזאָנדערס דאַן, ווען זיא האָט ערהערט, אַז יוסט איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען, האָט זיא זיך אין גאַנצען פערלאָרען.

זיא איז אימער געזעססען פערשפאַרט אין איהר צימער און האָט גע־וויינט. זיא האָט קיינעם געוואָלט עמפפאַנגען, אויסער איהר אַלטען פאַטער, אָבער זיא האָט זיך בעמיהעט אין זיין געגענוואַרט מונטער און פרעהליך אויסצו־ווייזען, אום דער פאָטער זאָל ניט מערקען וואָס ביי איהר אין הערצען טוהט זיך, נור קוים פלעגט ער אַרויסגעהן, האָט זיך אָבערמאַלס איהר געזיכט מיט א וואָל־קען פערצויגען און איהרע אויגען האָבען געדרענגט מיט הייסע טרערען.

סאַלטיקאָוו האָט דאָס בעמערקט. ער האָט גוט פערשטאַנען, אַז איהם וועט אונמעגליך זיין צוריק זיין פרוים ליעבע צו קויפען, און ער איז געוועזן שרעק־ליך פערצווייפעלט.

זאָ זיינען איבערגעגאַנגען זעקס מאָנאַטען. איך האָב געזעהן, אַז רעגינאַ בעמיהעט זיך מיט אַלע קרעפטע, צו איהר מאַן פריינדליך צו זיין, איהם צו ליע־בען, אָבער זיא האָט דאָס ניט געקענט. יוסט פלעגט צו איהר מעהר ניט קו־מען. איך האָב ערפאַהרען, אַז באַלד וויא ער איז געזונד געוואָרען, האָט ער זיך בעגעבען צוריק צו זיין מיליטער.

דער גראַף סאַלטיקאָוו האָט צו מיר געשריעבען איינינע בריעף אויף דער אַדרעסע וואָס איך האָב איהם געהייסען. אין דיעזע בריעף האָט ער זיין ביטער הערץ אויסגעגאָסען. ער האָט מיר ערקלערט, אַז איהם איז דער טויט פיעל ליע־בער אַלס דאָס לעבען. זעהן וויא זיין הייס געליעבטע פרוי קוועלט זיך און פיהלט זיך זאָ אונגליקליך, צוליעב דעם, וואָס זיא איז אָבגעריסען געוואָרען פון איהר געליעבטען יוסט, דאָס האָט איהם פערביטטערט דאָס לעבען. אין דיעזען בריעף האָט ער מיך געפרעגט א ראַטה, וואָס ער זאָל טאָהן, און איך האָב איהם אויף

אלע זיינע בריעפע געענטפערט און האב איהם אויף געלערענט וואס ער זאל טאהן, אום זיין פרוי צו בערוהיגען.

איך האב נאך אלץ געהאָפט, אז רעגינא וועט זיך ענדליך דאך בערוהיגען און וועט יוסטן פערגעסען, אום מיט איהר מאן גליקליך צו לעבען. ענדליך אבער, אלס איך בין צו דער איבערצייגונג געקומען, אז קיין זאך אין דער וועלט וועט דער פערליעבטער פרוי ניט בערוהיגען און, ווען עס וועט זיך נאך א שטיקעל צייט אין זאלכע פערהעלטניססע ציהען, קען זיא בעחיטע נאט אדער פערריקט ווערען, אדער אויס בענגונג נאך יוסטען, שטארבען, האב איך דעם גראף געשריבען ער זאל אוועקפאהרען אויף א לאנגע צייט, פיעלייכט וועט אין פערלויף פון דיעזער צייט א פערענדערונג אין רעגינאן קומען. דאבייא האב איך איהם מיין מיינונג געשריעבען, אז ער וועט זעהר קלוג טאהן, ווען פאר זיין אפרייזען וועט ער רעגינאן זאגען, אז ער גיט איהר דיא פרייהייט וואס ער האט איהר לאנג פערשפראכען, און זיא קען טהון וואס זיא וויל.

איך האב דעם גראף צו פערשטעהן געגעבען, אז מיט געוואלד קען מען ביי א פרוי קיין ליעבע ערוועקען, אויך טויג ניט, ווען מען בייגט זיך צופיעל פאר איהרע פיס און מען בעט פון איהר ליעבע אלס גנאדע, דארום איז ראטהזאם, ער זאל איהר איבערלאזען ביי איהר פרייען ווילען און זאל איהר דיא פאָלע פרייהייט שענקען, ערשט דאן איז מעגליך, אז דיא ליעבע צו איהר מאן וועט זיך אין איהר גאנץ אליין ערוועקען און זיא וועט איהם צוריק רופען, ער זאל זיא אין זיין בעזיטץ נעהמען.

מיין בריעף האט געוויקט. דער גראף האט פערשטאנען, אז איך האב רעכט און ער האט מיר געענטפערט, אז ער וועט אזוי טאהן. אין דיעזען בריעף האט ער מיר אויף פאָלגענדע ווארטען געשריעבען:

„איך מוז געשטעהן, אז איהר, געעהרטער פריינד, זייט פיעל קליגער און פראקטישער אלס איך. אייערע ווארטען זיינען זעהר לאָגיש. פון יענער צייט, וואס איך האב אייך געזעהן, פיהל איך אז איך בין ניט דער זעלבער וואס געוועזן. איך שעהם מיך פאר זיך אליין, אז איך עראינערע מיך אן דעם שענדליכען לעבען, וואס איך האב געפיהרט, און איך פרעג זיך אליין, וואס איז דאן מיט מיר געוועזן? וויא האב איך ניט פערשטאנען, אז איך מאך זיך אליין צו שאנדע און צו שפאָט מיט אזעלכע האנדלונגען?

איך האב פון יענער צייט אן אויך אויף מיין פרויא אנדערש אנגעהויבען צו קוקען, דען אנשטאט דעם וואס זיא האט בייא מיר קיין ראַליע געשפיעלט

און איך האב זיא בעטראכט וויא א געגענשטאנד וואס איז לייכט זיך פון איהם צו שיידען און איהם אומוועקסלען אויף אנ׳אנדערן, קוק איך יעצט אויף איהר מיט דער גרעסטער אכטונג און בעטראכט זיא אלס א זאך וואס סיא מוס פער־געטערן און שיטצען מיט דעם איינענעם לעבען.

אלזאָ ליעבער פריינד איך בין פעסט ענטשלאָסען צו טאהן וויא איהר האט מיר געראטהען, נאך מארגען פאהר איך אוועק פון דאנען, איך האב דאס שוין געמעלדעט מיינער פרוי און אום איהר זאל דאס הערץ ניט רייסען אויף דעם, וואס נאכדעם, אז איך האב אָהר עהרע גערעטעט דורך דעם בריעף וואס איהר האט מיר געגעבען, האט זיא מיך שלעכט בעהאנדעלט, האב איך מיך פאר איהר מודה געווען, אז ניט מיר דארף זיא פאר דעם בריעף דאנקען זאָנ־דערן אנ׳אנדערן, אנ׳אונבעקאנטען מענשען, וועלכער האט דעם בריעף בייא זיך געהאט און האט מיר איבערגעגעבען.

איך האב בעמערקט, אז מיט דיזער ענטדעקונג האב איך פון רעגינאס ברוסט א שווערען שטיין אראבגענומען און איך בין דאָמיט זעהער צופריעדען. איך פאהר, וויא איך האב אייך שוין געזאגט, מארגען אב פון דאנען און זאל זיא דא טאהן וואס זיא וויל. אויב זיא וועט זיך פערבינדען מיט יוסטן און וועט מיט איהם גליקליך זיין, וועל איך אויך זיין צופריעדען, דען איך וועל דאס בע־טראכטען אלס א שטראפע פיר דיא זינדע וואס איך בין געגען איהר בעגאנגען. איך האב שוין פון דעם מיטראפאָליט אויסגעווירקט פאר איהר א גט און זיא איז פאלשטענדיג פריי.

דער גראף האט ווארט געהאלטען, ער איז ווירקליך אויף מארגען אוועק געפאהרען.

רעגינא האט דיא ערשטע טעג נאך זיין אוועק פאהרען ביטער געוויינט, איך האב פערשטאנען אז אין איהר הערץ וויטהעט א שרעקליכער קאמפף צווי־שען איהרע פפליכטע צום מאן און איהר אלטע ליעבע צו יוסטן. ענדליך אבער, האב איך בעמערקט, אז זיא האט אנגעהויבען רוהיגער צו ווערען איהר מעלאנכאָליע איז ביסלעך וויים פערשוואונדען און אין א שיינעם פריה טארגען איז אנ־עקיפאזש צו אונזער הויז צוגעפאהרען און פון איהם איז יוסט ארויסגעגאנגען.

איך מאך מיר קיינע פאָרווירפע דאפיר וואס איך האב דיא פערליעבטע צוזאמענגעפיהרט. איך בין מיט דער מיינונג פון דער פראקטישער וועלט: אז איידער צווייא מענשען זאללען לעבען אין ליידען, איז פיעל גלייכער אז פיער זא־לען לעבען איז פריידען. דער גראף סאלטיקאוו איז אליין אין דעם שולדיג וואס

זיין פרוי האט זיך אונטער זיין שוטץ ניט געקענט גליקליך פיהלען און איך בע-טראכט דאס פון זיינער זייטע אלס גראסעס וואהלטהאט וואס ער האט זיין אונגליקליכער דורך א נט בעפרייעט, אום זיא זאל קענען גֶעניעסען דאס פערגניגען פון'ם לעבען.

## מט.

## אנאונגעבעטענער גאסט.

דיא לעזער זאלען ניט פערגעסען, אז דיא לאנגע דענקשריפטען פון יאזע־פוס'ן האט געלעזען דער גראף יאבלאָנסקי, נאכדעם אז יאָזעפוס מיט דעם קראַ־ליקפרעסער אדער סימאן זיינען געפאנגען געוואָרען דורך דעם זשאנדארמסען אפיציר פאוולאוו. דיעזער אפיציער האט אויפמערקזאם געמאכט דעם גראף ער זאל אנ'אונטערזוכונג מאכען אין יאזעפוסעס ציממער, פיעללייכט וועט ער בייא איהם עטוואס פערדעכטיגעס געפינען און דער גראף האט אויפברעכענדיג יאזע־פוס קאסטען געפונען א פאק פאפיערע, וועלכע ער האט צו זיך אין ציממער אריינגעטראגען און אלס ער האט דיא פאפיערען אנגעהויבען צו לעזען און האט געזעהען, אז זייא זיינען געשריעבען צום קייזער. איז ער זעהער פעראינטעררעס-סירט געווארען און האט זייא געלעזען. וואס מעהר ער האט זייא געלעזען האט זיין אינטערעסע מעהר געשטיגען און אזויא איז פערגאנגען א שטונדע נאך א שטונדע ביז דער זייגער האט געוויזען דיא פיערטע שטונדע פאר טאג.

בייא דעם קאפיטעל וואו יאזעפוס האט געענדיגט, דאמיט וואס יוסט איז צוריק געקומען צו רענינאן, איז דער גראף יאבלאנססי זעהער מיעד געווארען, ער האט אוועק געלייגט דיא פאפיערען אויפ'ן טיש, האט פערוואָרפען דעם קאפ אהינטער און צומאכענדיג דיא אויגען, האט ער זיך פערטיעפט אין געדאנקען.

אין דעם וואס ער האט דא געלעזען האט זיין פערזאן א גרויסע ראליע גע־שפיעלט. אז אלעס, וואס דא איז געשריעבען איז וואהר, האט ערקאנט אין דעם וואס פון איהם אליין איז דא דורכאויס דיא ריינע וואהרהייט געשריעבען גע־ווארען.

ער האט בעוואונדערט יאזעפוס עדעלמוטה, זיין זעלבסט אויפאפפערונג. ער האט אויך בעוואונדערט סימאנס מוסטערהאפטעס לעבען. דערוועלבער יאָ־זעפוס וועלכען ער האט ניט לאנג אלס ניעדעריגען שקלאפע און אלס קאמעראד פון א מערדער בעטראכט, איז אין זיינע אויגען יעצט זעהער הויך געשטאנען.

אין דרויסען האט עס שרעקליך געשטורמט. דער הימעל האט זיך נאך

אום עלף אוהר אבענדס מיט שווערע וואלקענס פערצוינגען און האט געדעגענט מיט שרעקליכער געוואלט. דיא דאנערן האבען זא געקראכט, דאס דיא פענסטער פון פאלאסט האבען געציטערט.

ביז אהער האט דאס דער גראף ניט בעמערקט, ווייל ער וואר פערטיעפט אין יאזעפוסעס בריעף, נור יעצט האט ער יעדען קלאפ פון דיא דאנערען דייטליך געהערט און דיזער שטורם האט אויף איהם א זיסען רעמעל געווארפען.

צוליעב דאס קראכען פון דיא דאנערן און דעם געשרייש פון דעם שטארקען רעגען, האט ער ניט געהערט וויא דיא טיהר פון זיין ציטער האט זיך אויפגעעפענט און א מאן איז אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהען אין דער טיהר.

דער מאן האט איינגע מינוטען בעטראכט דעם דרעמלענדען גראף, וועלכער איז נאך אלץ געזעסען אויף דעם וויכען שטוהל, דעם קאפף פערווארפען אהינטער, מיט צוגעמאכטע אויגען. נאכהער איז דער גאסט אויף דיא שפיצען פוספינגער צוגענאנגען צום טיש, האט א קוק געטאהן אויף יאזעפוסעס פאפיערען וואס זיינען אויף איהם געלעגען, האט זיי צוזאמענגענומען און אין זיין טאש אריינגעלייגט. נאכהער האט ער ארויפגעלייגט זיין האנד אויף דעם גראפס רעכטען אקסעל און האט געזאגט:

— דוא שלאפסט, יאבלאנסקי?

דער גראף איז ערציטטערט פון זיין שטוהל אויפגעשפרונגען און, אלס ער האט דערזעהן דעם מאן וואס שטעהט פאר איהם, האט ער, אויסער זיך פאר שרעק, געשטאממעלט:

— סימאן!

— יא, דאס בין איך, דוא האסט מיך ערקאנט — האט סימאן געענטפערט — נור וואס קוקסט דוא מיך זא ערשטוינט אן? דוא וואונדערסט זיך געוויס אויף דעם, וואס איך בין דא, ווערענד דוא ווייסט אז איך בין געפאנגען געווארען, און נאך דיין רעכענונג דארף איך מיך יעצט געפינען אין געפענגניס, בעוואכט פון איינגע וועכטער?

— וואס טוהסט דוא דא? — האט דער גראף, ציטטערנד ביי אלע גליעדער, געפרעגט.

— איך בין געקומען דיר אנזאגען, אז דיין אמאליגע געליעבטע, מאריא יאזעפוס, וועלכע דוא האסט פון מיר אבגעריסען און האסט זיא אזוי אונגליקליך

געמאכט, דאס זיא איז וואהנזיניג געווארען און האט פיעלע יאהר אין א דולהויז נע־שמאכטעט, דיעזע אונגליקליכע פרוי איז אין דיעזער נאכט געשטארבען בייַ דיר אין דארף.

— ביזט דוא פעררינקט ?—האט דער גראף אויסגערופען — וויא קומט זיא צו מיר אין דארף?

— זיא איז דא געווען זייט איינינע וואכען, נור דוא האסט פון דעם ניט געוואוסט, אזוי וויא דוא האסט ניט געוואוסט, אז דיין זאהן וואס זיא האט דיר געשענקט, איז זאגאר ביי דיר אין הויז געוועזן.

— וואס פלוידערסט דוא ? וואס פאר א זאהן ? וועגען וועמען רעדסט דוא ?

— איך וויים וועגען וועמען איך רייד. איך רייד פון דעם אונגליקליכען זאהן, וואס מאריא האט צוליעב דיינע זינד, אויף דער וועלט געבראכט, דאס קינד, וואס דוא האסט צוגענומען און האסט איהם אין א פרעמדער שטאדט אין מיטען דער גאס איבערגעלאזט, אום ער זאל פון הונגער שטארבען, און ווען זיין מוטער וועט געזונד ווערען, זאל זיא קיין געלעגענהייט האבען דיך דורך איהם צו בעלעסטיגען. דוא האסט געגלויבט, אז דאס קינד איז שוין אירגענד וואו גע־שטארבען אויס הונגער און קעלט, אבער אין דער צייט ווען זיין פאטער האט איהם זא אונמענשליך, זא גרויזאם בעהאנדעלט, האט גאט אליין אויף איהם רחמנות געהאט און האט איהם געלאזט לעבען, אום פון דיר ראכע צו נעהמען פאר דיין מערדערישע האנדלונג.

— און ער איז, לויט דוא זאגסט, אין מיין הויז געוועזן ?

— יא, איינינע וואכען האט ער דיך בעדיענט, איינינע וואכען איז ער דיין קאמערדיענער געוועזן.

— מיין גאט ! — האט דער גראף, העכסט ערציטטערט אויסגערופען — זאל איך גלויבען, אז יאזעפוס......

— איז דיין זאהן ? — ווילסט דוא פרעגען — יא, זאג איך דיר, ער איז דיין זאהן.

— איז דאס מעגליך ? — האט דער גראף ווילד אויסגערופען — דער קא־מערדיענער אין מיין זאהן ?

— יא, יאבלאנסקי, איך וויעדערהאלע מיינע ווארטען אז ער איז דיין זאהן, דיין בלוט און פלייש. דוא האסט גליקליך אבגעשפיעלט, וואס ער איז ניט גע־ווארען קיין רויבער און איינער פון דיא גרעסטע באנדיטען אין דער וועלט. דוא

מענגסט מיט איהם שטאָלציערען. דען ער איז אזא וויכטינער מאן, וואס שטעהט העכער פון מיליאָנען אזעלכע גראפען, וויא דוא ביזט.

— ביזט דוא געקומען מיך זידלען? — האט דער גראף צאָרניג געזאגט.

— ניין, ניט דאס בין איך אויסען. איך רעכען, אז זידלען אזעלכע מענשען וויא דוא ביזט, איז א בעליידיגונג פאר זיך אליין, ווייל אייערע לייטע האבען אין זיך קיין פונק מענשליכקייט און קיין געפיהל פון א וואהרען אָרדענטליכען מענשען.

— שטיל, שורקע! וויא וואגסט דוא זאָ וואס מיר צו זאגען ביי מיר אין הויז?

— נור ניט זא שטאָלץ — האט סימאן גאנץ קאלט געענטפערט — דיין שטאָלץ זאלסט דוא ווייזען פאר אזעלכע פערזאָנען וואס קענען דיך ניט. איך, וויא דוא ווייסט, קען דיך צו גוט. איך וויים, אז דוא האסט דעם נאמען מענש, וועלכען דוא טראָגסט אויף זיך, ניט פערדיענט. אלזא וואצו דיעזער פוסטער שטאָלץ? איבעריגענס בין איך ניט געקומען דיר מוסר צו זאגען. דער ציעל פון מיין יעצטיגען קומען צו דיר, איז נור דיך צו בעטען, דוא זאלסט דיינען זאהן יאָזעפוס פון זיין געפענגניס ארויסנעהמען, דען איהם איז ניט געלונגען צו אנטלויפען, אזוי וויא מיר. דוא ביזט זיין פאטער. זיין מוטער האסט דוא אויף איהר גאנץ לעבען אונגליקליך געמאכט און האסט זיא אין גראב פערטריעבען, האב וועניגסטענס מיטלייד מיט דיין זאהן. ער דארף ביי דיר פיעל טהייערער זיין אלס דיין זאהן יאָהאַן, דער באנדיט, וואס אזנגליקליך צו מאַכען אנ׳אָרדענטליכען מענשען איז ביי איהם א שפאס. ווארט, דוא ווסט נאך זעהן, אז דיין יאָהאַן וועט זיך ניט פוילען אויף דיך אליין אין גרעסטען אונגליק צו שטירצען. וועהרענד דיין זאהן יאזעפוס איז א מע״ש מיט א הערץ און מיט געפיהל. ער וועט געווים ניך פערגעסען דיא אלע ליידען וואס דוא האסט איהם צוגעטהיילט און ער וועט דיך אלס זיינען פאטער בעטראַכטען, ווען דוא ועסט נור צו איהם איין ליעבליכע, פעטערליכע מינע ווייזען.

אייניגע מינוטען האבען זיך אין יאבראָנסקים שטיינערנעם הערץ ערוועקט צערטליכע געפיהלע צו זיין זאהן יאָזעפוס, וועלכער האט זא אונגליקליך זיינע בעסטע יאהר פערבראכט, אבער דיעזער מענשליכער עדלער געפיהל האט באלד פלאַטץ געמאכט פאר אנ׳אנדער געדאנק. ער האט זיך פאָרגעשטעלט, וויא דיא וועלט וועט איהם פעראכטען, ווען מען וועט ערפאהרען, אז זיין קאמערדיענער

איז זיינער א זאהן, און ער האט דארום מיט א פערעכטליכען שמייכעל געענט־פערט:

— דיינע ליזענס וויל איך גאר ניט הערען. איך ווייס פון קיין אנדער זאהן, אויסער מיין יאהאן, איך האב קיין מאל קיין אנדער פרוי געהאט, אויסער יאהאנס מוטער און דארום איז זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב אויך קיינע אנדערע קינדער געהאט.

— אלזא ווילסט דוא דיינען זאהן יאזעפוס לאזען שמאכטען אין געפענ־גענים?

— ער איז אזא באנדיט ווי דוא. איהר ביידע האט מיך געוואלט ער־מארדען, דארום מוזט איהר ביידע אייער שטראפע ערהאלטען.

— אזוי? — האט סימאן געלאכט — דוא ווילסט, וויא איך פערשטעה, מיך אויך בעשטראפען?

— געוויס ועסט דוא פון דאנען פרייא ניט ארויסגעהן. איך וועל דיך צו־ריק דער פאליצייא אין דיא הענד איבערגעבען.

און ביי דיא ווערטער האט ער געוואלט א קוועטש טאהן דעם עלעקטרי־שען קנאפף, וואס איז אויף זיין טיש געשטאנען, אום עס זאל א קלונג טאהן אין דעם גלעקעל, וואס פיהרט צו זיינע בעדיענטע אין צימער.

אבער אין דער מינוט וואס ער האט דיא האנד אויסגעשטרעקט צום עלעקטרישען קנאפ האט איהם סימאן אזא שטויס געגעבען פון זיין טיש, דאס ער איז איינ:ע טריט אהינטער אבגעשפרינגען און איז געפאלען אויף דער ערד און בעפאר ער האט נאך צייט געהאט דאס מויל צו עפענען א געשרייא צו טאהן, האט סימאן אייז פענסטער אויפגעריסען און איז דורך איהם ארויס געשפרונגען אין דרויסען.

דער גראף איז אזוי שלעכט געפאלען און ער האט דעם קאפ אזא קלא[illegible] געטאהן אן א זאפע, דאס ער איז אפאר מינוטען געלעגען וויא טויט אונבעוועגט אויף דער ערד און האט זיך פון ארטיניט געקענט ריהרען. ענדליך איז עס געקור־מען צו זיך. ער האט געוואלט אנהייבען צו שרייען, אבער אין דעם מאמענט האט ער זיך בערעכענט אז פאר איהם פאסט ניט מיא זאלל וויסען אז איהם האט דער קראליק־פרעססער אזוי בעהאנדעלט. ער איז דארום אויפגעשטאנען פון דר'ערד איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט ארויסגעקוקט אין דרויסען אום צו זעהען אויב דער קראליק־פרעססער שטעהט ניט געבען שטוב, אבער ער האט

גאר ניט געזעהען. דער שטורם האט נאך אלץ געוויטהעט. דער רעגען האט גע־שמיסען און דיא דאנערן האבען געקראכט.

— פערפלוכטער הונד ! — האט ער געמורמעלט זיך האלטענדיג מיט ביידע הענד ביים קאָפּ — זיין גליק איז וואס ער איז פאָרטגעלאפען, זאנסט וואלט איך איהם א קוגעל אין זיין פערפלוכטען קאפּ אריינגעשיקט.

ער האט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין שטוהל און האט זיך פערטיעפט אין געדאנקען.

— סימאן האט ניט נאריש גערעדט — האט ער זיך געקלערט — ער האט מיר דיא ריינע וואהרהייט געזאגט, האב איך דען ניט געלעבט א ווילדעס לע־בען ? האב איך ניט געטאהן דיא גרעסטע סקאנדאלען אין דער וועלט ? איז ער ניט גערעכט געווען דאמיט וואס ער האט מיר פראפעצייעט, אז מיט דער צייט וועט מיין יאהאן מיך אויך אין גרעסטען אונגליק שטירצען ? דעם אנפאנג האט מיין יאהאן שוין געמאכט. ער וויל מיך צווינגען איך זאל מאכען דער אקטריסע דיאבאלינאן אלס שיעדענס ריכטערן צווישען אונז. דיאבאלינא מיין ריכטערן ? דאס רויבערמעדכען, וועלכעס האט זיך ארומגעשלעפּט איבער דער וועלט אום צו גנב׳נען און רויבען. זיא וועט מיין ריכטערין זיין ! אונז וייל יאהאן פערלאנגט אזוי. באלד וועט ער פון מיר נאך שרעקליכערע זאכען פער־לאנגען און דאס איז אלץ דערפאר וואס איך האב איהם פון זיין פריהעסטער יוגענד אן פערצערטעלט און האב איהם געגאסען נאלד אין האלז. שטעהט יא־זעפוס ניט העכער פון איהם אין אללע הינזיכטען. סימאן איז זעהער גערעכט דאמיט וואס ער האט געזאגט, אז מיט אזא זאהן וויא יאזעפוס, דארף מען שטאָלציערען. איך האב א גרויסען פעהלער געטאהן דאמיט וואס פאר דיעזע ריכטיגע ווארטען האב איך איהם, דעם עהרליכען סימאן, געוואלט מיט שטיינער בעצאהלען. איך האב פערדיענט דעם שטויס וואס ער האט מיר געגעבען. יא איך וועל יאזעפוס׳ן בעפרייען. איך האב זיך מיט איהם ניט צו שעמען. אזא מאן וואס קאָררעספּאָנדירט מיט דעם קייזער אליין, אזא מענש דארף זיין גע־אכטעט און געשעצט פון דער גאנצער וועלט.

אבער באלד האט דיעזער שטיינערנער מענש, גאר אנדערש אנגעהויבען צו טראכטען. — איך קאן יאזעפוסן קיין, צוטרויען שענקען — האט ער צו זיך אליין געזאגט — דען ער וועט מיר בלייבען א פיינד זיין גאנצען לעבען, ער וועט ניט פערגעסען, אז איך האב זיין מוטער זא אונגליקליך געמאכט און איהם מפקיר

געוועןּ. ער וועט אימּמער מיין עווינער פיינד בלייבען, וואצו זשע זאלל איך א פיינד פון אונגליק רעטטען. אין נעגענטהייל איך וועל מיך בעמיהען איהם נאך אין א גרעססערען אונגליק צו שטירצען. ער זאל מיר קיין מאל קיין שלעכטעס קענען טאהן.

— ער איז דאך אבער פארט מיין קינד.... האט אין דער מינוט דאס גע־וויססען און איהם גערעדט.

— נור ווער ווייס צו איז ער מיין קינד, סימאָן אליין איז נאך גאר נישט אזוי בעגלויבט אויף אזעלכע זאכען, דאס האט ער מיט אבזיכט געזאגט אום מיך צו בעווענען, איך זאל יאזעפוס'ן רעטטען פון אונגליק. דאס וועט איהם אבער ניט געלינגען; ער האט ניט געטראָפען דאס ארט, ניט אזא מענשען וויא איך וועט ער נאררען.

— וואס איז דאס ? — האט ער פלוצלינג א פרעג געטאהן — א קוקטאנ־דינ אויפ'ן טיש — וואו זיינען אהין געקוממען יאזעפוסעס בריעף ? האט זיי דער קראליקפרעסער צונענומען ? יא, אזוי ווייזט עס אויס, אז דיעזער באנדיט האא זיי צונענוממעז. צו וועלכען צוועק ? וואצו דארף ער זייא ? שאדע איך האב זייא נאך ניט געענדינט. איך אינטערעסיר זיך זעהער צו וויסען וואס שטעהט ווייטער.

## מט.

## בייא דיאבאלינאן.

אין איינעם פון דיא שענסטע פאלאסטען אייפ'ן ניעווסקי פראָספעקט אין פעטערסבורג וואהנט דיא בעריהמטע אקטריסע דיאבאלינא.

אריינקומענדיג אין איהר וואהנונג קאן מען מיינען, אז מיא קומט אריין צו א קעניגין, אזא רייכטהום, אזא לוקסוס איז זעהער זעלטען צו בעגעגענען.

דער זייגער האט געשלאגען צעהן פאר מיטאג.

אין איינעם פון דיא פרעכטיגע צימּמער דעס הויזעס, זעהען מיר יעצט צווייא מענשען, וועלכע זיטצען פערגניגט בייא א טישעל אונד טרינקען שאמ־פאניער.

דאס זיינען דיאבאלינאס בעדיענטע; איהר קאממערמעדכען ליזא אונד איהר קאממערדיענער יאקאב.

— בראוואָ ליזע — האט יאקאב אויפגערופען נאכדעם, אז ער האט אין זיך אפּאר כוסות אריינגעגאסען — איך בין דיר זעהער דאנקבאָר פאר דעם וואס

דורך דיר בין איך אין דיעזען הויז אלס קאמערדיענער אריינגעטראטען. איך האב אבער באלד וויא איך האב דיין ערשטען בריעף ערהאלטען פערשטאנען, אז דיא שטעללע וואס דוא לייגסט מיר פאָר, איז איינע זעלטענע. איך בין זעהער צו־פריעדען.

— איך בין מיט אונזער ווירטהין זעהער צופריעדען.

— איך האב פריהער געוואוסט, אז דוא וועסט מיט דער שטעללע צו־פריעדען זיין, דען דיאבאלינא איז א זעלטענעס פרויענצימער. דאס געלד שפיעלט ביי איהר קיין ראָליע און זיא בעהאנדעלט איהרע בעדיענטע וויא ברידער און שוועסטער.

— וואס דען האסט דוא געוואָלט זיא זאל אונז בעהאנדלען מיט רעמזועל־בען שטאָלץ וואס דיא גראָססמיטהיגע גרעפינ׳ס בעווייזען געגען זייערע בעדיענטע? דיאבאלינא איז דאך קיין גרעפין. זיא איז ניט מעהר וויא אן אקטריסע.

— ווען זיא זאל וועלען זיין א גרעפין, וואלט זיא שוין לאנג דעם טיטעל אויף זיך געטראגען, זעהסט דוא דען ניט וויפיעל פירשטען, גראפען אונד באראָ־נען בעזוכען זיא און יעדער פון זייא שעצט זיך גליקליך, ווען זיא בעווייזט איהם א פריינדליכע מינע.

— דאס איז אבער ניט דערפאר, וואס זייא אכטען זיא וויא זייערס גלייכען זאנדערן, בלויז דערפאר, וואס זיא איז א זעלטענע שעהנהייט... האט דער קאממערדיענער מיט א שמייכעל געענטפערט.

— דאס איז וואהר, אז זייא דרעהען זיך ארום איהר דערפאר וואס זיא איז אזוי שיין, אבער אז פיעלע פון זייא ווילען זייא ווילען זיא הייראטהען, דאס ווייס איך בעשטיממט. איך ווייס אז איין רייכער גראף האט זיך מיט א קורצע צייט צוריק געשאסען, דערפאר וואס זיא האט איהם ענטזאגט, אלס ער האט אום איהר האנד געוואָרבען.

— און דאס מעגליך אז זיא וויל בעסער בלייבען אנ׳אקטריסע אלס צו זיין א גרעפין?

— זיא איז א מערקווירדיגעס רעטזעלהאפטעס מעדכען. אין בין שוין בייא איהר אין דיענסט צוויא־יאהר און איך ווייס בעשטיממט, אז פון דיא אללע געסטע וואס בעזוכען זיא איז נ׳ט דא איינער וועלכען זיא האט ליעב.

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג.

— ווענען איינעם צוויפלע איך נאך — האט דיא קאממערד־ענערין ווייטער ייזאגט — עס קען זיין, אז זיא ליעבט איהם יא, נור זיא בעמיהט זיך איהר

ליעבּע צו איהם ניט ארויסצו־ווייזען.

— ווער איז יענער גליקליכער ?

— ער איז א יונגער גראף מיט דעם נאמען יאהאן יאבלאָנסקי.

— יאהאן יאבלאנסקי ? דער זאהן פון דעם גראף פעטער יאבלאנסקי ?

— דוא קאנסט זייא דען ?

— צו איך קען דיא גראפען יאבלאנסקי ? דוא פערגעסט, אז איך האב געדיענט א לאנגע צייט בייא דעם באנקיער דע קרים, וואו דיא יאבלאנסקים זיי־נען געוועזן בעשטענדיגע איינגעהער. איך וויים זאגאר פון דעם, אז נאכדעם וויא דער באנקיער איז געשטארבען, האט זיך דער אלטער יאבלאנסקי אנגעהויבען צו שרכענען צו דער ווימווע אמעליע דע קרים און דער יונגער יאהאן יאבלאנסקי האט געזוכט דיא ליעבע פון איהר טאכטער זשאנעטא און לויט איך האב גע־הערט, זיינען דיאביידע שידוכים געשלאָסען געווארען. דיא ביידע כלות, דיא מוטער מיט דער טאכטער זיינען יעצט געסט בייא דיא יאבלאנסקים און עס קאן זיין אז זייא וועלען שוין דארט אויף אימפער פע־בלייבען.

— דוא ווייסט דאס געוויס ?

— עס פערשטעהט זיך, אז איך רייד ניט גלאט אזויא אין דער וועלט אריין. ערשט געסטערן האב איך וועגען דיא ביידע דאמען גערעדט מיט אמע־ליעס קאממערמעדכען יוליא און זיא האט דאס מיר אלעס ערצעהלט.

— אויב אזויא פערשטעה איך שוין אללעס.

— ואס פערשטעהסטו ?

— איך פערשטעה ווארום אונזער הערין דיאבאלינא איז אין דיא לעצטע וואכען זא אונמוטהיג. זיא האט געוויס געמוזט ערפאהרען, אז דער יונגער יאב־לאנסקי האט שוין א כלה מיט וועלכער ער וועט זיך אין גיכען פערבינדען.

— אזויא זיא איז אין דיא לעצטע צייטען שטארק אונמוטהיג ? ווארום האב איך דאס ניט בעמערקט.

— ווייל דוא האסט זיא געקאָנט פון פריהער. דיא זעלבע דיאבאָלינא איז מיט איינינע וואכען צוריק געוועזן דיא פרעהליכסטע אין דער וועלט, מען האט זיא אין קיין אנדער פאָזע געזעהן, וויא נור זינגענדיג, לאכענדיג און טאנצענדיג. יעצט האסט דוא דען ניט בעמערקט, וויא זיא זיטצט אימפער פערשלאָסען ביי זיך אין צימפער און איז פערטיעפט אין טרויעריגע געדאנקען.

עס קען זיין. דוא קענסט זיא בעסער אלס איך, דארום האסט דוא דאס בעמערקט. זיא איז אבער זעהר דום, ווען זיא בענקט נאך דעם יונגען גראף יאב־

לאָנסקי. איך ווייס פון איהם זעהר פיעל געשיכטען, וועלכע בעווייזען, אז ער איז אנ׳אויסוואורף דער נאַטור. אונגליקליכע וועט זיין דיא פרוי, וואס וועט איהם הייראַטהען. יא, איך האב דיר גאר פערגעסען צו זאגען. דוא ווייסט ווער דעם גראף יאַבלאָנסקים קאָמערדיענער איז?

— ווער?

— יאזעפוס.

— וועלכער יאזעפוס? דער זעלבער וואס איז געוועזן קאָמערדיענער בייא דער גרעפין סאלטיקאָוו?

— יא, דער זעלבער.

— ער איז שוין ניט ביי דער גרעפין מעהר?

— דוא ווייסט דאך, אז איהר מאַן, דער גראַףסאלטיקאָוו איז אונטער וועגענס געשטאָרבען און זיא האט געהייראטהעט א געוויסען גענעראַל יוסט.

— דאס ווייס איך. אבער איך ווייס אויך, אז יאזעפוס איז אויך נאך איהר חתונה מיט דעם גענעראַל, פערבליעבען ביי איהר אין דיענסט.

— יא. ער איז א היבשע צייט דארט געבליעבען און איך האב געמיינט, אז ער איז הייטע אויך אין איהר הויז, אבער דיעזע וואכע האב איך ערפאַהרען, אז ער האב בעטראָטען א שטעלע פון א קאָמערדיענער ביי דעם גראף יאַב־לאָנסקי.

— דאס איז מערקווירדיג. איך האב אייניגע מאל גערעדט מיט יאזעפוסן וועגען יאבלאָנסקין, האב איך בעמערקט, וויא ער האסט דיעזען גראף וויא דעם טויט.

— עס קען זיין אז ער האסט איהם, אבער דארט וואו מען דארף ברויט פערדיענען, קוקט מען ניט אויף זאלכע זאכען. נעהם דעם ביישפיעל פון מיר. דוא ווייסט דאך, אז איך האב איממער געדיענט ביי דיא גרעסטע גראפען. נור קוים האב איך דערשמעקט, אז ביי דער אקטריסע דיאבאָלינא איז בעסער צו דיענען, האב איך אויף קיין זאך געקוקט און בין אהער איבערגעגאַנגען.

— דוא רעדסט ווייטער וועגען דיאבאָלינאן, וויא פון אנ׳איינפאכע אקט־ריסע. ביזט דוא ניט איבערצייגט, אז זיא שטעהט העכער פון אלע פירסטינען און פון אלע גרעפינס? איז דיר פיעלייכט אונגעקאנט דער פאַקט, אז דער קייזער אליין אכטעט זיא זעהר?

— ביזט דוא פעררינקט? דער קייזער אכטעט דיאבאלינאן?

— יא, יא, ער האט זיא מיט פיעלע פּרעזענטע בעשאנקען פאר איהר קונסט אין שפּיעלען. איך ווייס נאך א זאך....

— וואס ווייסט דוא ?

— דוא זאלסט דאס אבער קיינעם ערצעהלען.

— געוויס וועל איך דאס קיינעם ערצעהלען.!

— דער קייזער איז איין מאל, פערקליידעט אלס פּריוואט מאן, געקומען צו דיאבאָלינאן אין איהר וואהנונג.

— וואס רעדסט דוא ?

— דאס וואס דוא הערסט. מיר האט דאס ערצעהלט דיא קאמערינערין, וואס איז דא געוועזן פריהער, און גראדע צו יענער צייט ווען ער איז דא געוועזן און ער האט געמיינט אז קיינער ווייס פון דעם ניט, האט איינער פון זיינע פיינדע, וועלכער האט איהם שפּיאָנירט, אבגעהיט דעם מאמענט וואס ער איז פון דיאבאלינאס וואהנונג ארויסגעגאנגען, און האט איהם געוואלט טעדטען. נור צום גליק האט איהם איינער פון דיאבאָלינאס פריינדע געראטעוועט.

— ווער איז יענער פריינד ?

— דאס ווייס איך ניט.

א שטארקער קלונג אין דער טיהר גלאָק האט דיא ביידע בעדיענטע פון זייערע ערטער אויפגעהויבען.

— כויף, יאקאָב, און זעה ווער עס איז געקומען — האט דאס קאמער־מערכען געזאגט.

יאקאָב איז ארויסגעלאָפען, האט געעפענט דיא טיהר און האט דערזעהן א מאן, וועלכער וואר שטארק בעוואקסען און האט אויסגעזעהן זעהר ווילד, אב־וואהל ער וואר זעהר שעהן געקליידעט. דאס לינקע אויג וואר פערבונדען מיט א רויט טיכעל און דער גרויסער צילינדערהוט, וואס איז אויף זיין קאָפּף געזעסען, האט זיך אראָפּגערוקט ביז דיא אויגען.

— וועמען בעדארפט איהר דא ? — האט יאקאָב דעם פרעמדען זעהר שטרענג געפרעגט.

— איך מוז דיא מינוט ריידען מיט פריילין דיאבאלינא.

— דאס קענט איהר ניט, ווייל זיא שלאָפט נאך.

— געה, וועק זיא אויף.

— זייט איהר פעררוקט ? — האט יאקאָב צאָרניג אויסגערופען — צוליעב אזא ווילדען סוביעקט וויא איהר זייט, זאל איך דיא הערשין אויפוועקען ?

— איך מוז זיא אבער דיא מינוט זעהן.

— און איך מוז אייך זאגען, איהר זאלט דיא מינוט אוועקגעהן פון דאנען, זאנסט רוף איך דעם גאראדאוואָי וואס שטעהט דא ביים קאָנער. (אוגאָל).

דער גאסט איז בלאַס געווארען ביי דיעזע וואָרטען און האט שוין זאנפטער געזאגט:

— אבער ליעבער מאן, איך מוז נאטהווענדיג מיט דיאבאלינאן שפרעכען. זיא וועט אויף אייך קיין פערדרוס האבען דערפאר וואָס איהר האט זיא צוליעב מיר אויפגעוועקט. נאט אייך מיין קארטע און גיט איהר איבער.

ער האט ארויסגענומען פון דער טאש א שמוטציגע קארטע און האט זיא אבגעגעבען דעם קאמערדיענער.

יאקאָב האט ערשטוינט אנגעקוקט דעם ווילדען מאן, וועלכער איז זא פעסט איבערצייגט, אז דיאבאלינא וועט איהם אלס בעסטען גאסט בעטראכטען, און האט געזאגט:

— גוט, איך וועל פרופען דיעזע קארטע אריינטראגען. זיטצט דערווייל דא אין פארצימער.

ער האט גענומען דיא קארטע און איז מיט איהר אריינגעגאנגען צו דער קאמערדיענערין ליזא.

— נוא, ווער האט דאס געקלונגען? — האט זיא איהם געפרעגט.

ער האט איהר ערצעהלט פון דעם ווילדען מאן און פון דעם, וואס ער איז איבערצייגט, אז דיאבאלינא וועט איהם אלס גוטען גאסט עמפפאנגען, ווען זיא וועט זיין קארטע דערזעהן.

— גיעב נור א קוק, וואס פאר א נאמען עס שטעהט אויף דער קארטע — האט ליזא געזאגט.

ער האט א קוק געטאהן אוי'ף דער קארטע און האט געזאגט:

— אנ'אונבעקאנטער נאמען: קאפיטאן קוראפאטניק. איז ער פיעלייכט דיר בעקאנט?

— ניין, איך הער דיעזען נאמען דאס ערשטע מאל.

— וואס זשע זאלען מיר יעצט טאהן?

— גיעב נור מיר אהער דיא קארטע, איך וועל פריוועז מיט איהר אריינ־געהן צו דיאבאלינאן אין שלאפצימער, פיעלייכט שלאפט זיא שוין נימ, וועל איך דאס איהר איבערגעבען.

זיא האט בייא איהם צונענומען דיא קארטע און איז צו דיאבאלינאן אין צימער אריינגעגאנגען. עס זיינען קיין צווי מינוטען איבערגעגאנגען און זיא איז צוריק פון דאָרט ארויסגעלאָפען זעהר האסטיג.

— נוא ? — האט יאקאב נייגיעריג געפרעגט.

זיא איז איבערראשט געוואָרען אלס זיא האט דעם נאמען דערזעהען. זיא האט געהייסען דעם גאסט אריין פיהרען אין זאאל און אליין איז זיא פון בעט אויפגעשפרונגען און האט זיך גענומען אנטאהן.

— עס מוס זיין זעהר א גרויסער מאן — האט יאקאב מיט גרויס רעספעקט געזאגט.

## נ.

## צווייא גרויסע געסט.

דער ווילדער מאן וואס האט נאטהווענדיג זיך געוואלט זעהען מיט דיאבאלינאן, וואר ווירקליך קוראפאטניק, וועלכער איז אנטלאפען פון געפענגניס וואו ער איז געזעסען פאר דער בעשולדיגונג אז ער האט צווייא מענשען ערמאָרדעט.

דיא לעזער געדענקען געוויס, אז קוראפאטניק וואר פערשטעקט אין דעם וואלד פון דעם גראף יאבלאָנסקי און אין דעם מאָמענט וואס דיא זשאנדארען האבען איהם געכאפט, האט איהם דער קראליק פרעסער בעהאלטען אן איינע פון זיינע היילען, דורך וועלכער ער איז אנטלאָפען געוואָרען און האט אין וועג פון אמעליע דע קרים׳ס ברודער דיא קליידער ארונטער געצויגען און האט אויך פון איהם א גרויסע סומע געלד צוגענומען.

דורך דיעזען געלד וואר איהם שטאנד צו קומען נאך פעטערסבורג, וואו ער האט געהאפט א בעסערע בעהעלטעניס צו געפינען אלס דאָרט אין וואלד.

ער איז וויא מיר ווייסען געקומען צו דיאבאלינאן און האט פערלאנגט זיא אויגענבליקליך צו זעהען.

עס האט לאנג ניט געווערט איז דיאבאלינא אריינגעקומען אין דעם זאאל וואו ער איז געזעסען.

וואס זייא האבען גערעדט האט קיינער געהערט, נור מיט א האלבע שטונדע שפעטער האט דיאבאלינא אריינגערופען צו זיך איהרעביידע בעדיענטע און האט צו זייא געזאגט: איהר זאלט וויסען, אז דער מאן וואס איז ערשט אהערגעקומען איז א פאָליטישער פערברעכער. ער איז גאנץ אונשולדיג אנגע-

קלאנט געווארען און דיא פּאָליציי; איז בעאויפטראגט געווארען איהם צו פער־האפטען און ווייל ער איז מיינער אנ'אלטער גוטער פריינד, וויל איך איהם אין מיין הויז א קורצע צייט בעהאלטען. דארום בעט איך אייך, איהר זאלט בעהי־טע נאט קיינעם ענטדעקען, אז דא געפינט זיך א פרעמדער מענש. איהר זאלט דיעזען אונגליקליכען געבען אלעס וואס ער האט נעטהיג. איהר זאלט איהם מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט בעדיענען, דערפאר וועט איהר פון מיר גאנץ בעזאנדערס בעלאהנט ווערן.

— מיר וועלען טאהן אלעס וואס איהר וועט אונז הייסען, גנעדיגעס פריי־ליין — האבען ביידע בעדיענטע זעהער טרנסט געענטפערט — איהר קאנט זיכער זיין, אז קיינער וועט פון אונז דאס מינדעסטע ערפאהרען וועגען דעם מענשען.

— איך האב פאר דעם אונגליקליכען בעשטימט דאס צימער, וואס גע־פינט זיך אין דעם פליגעל פון מיין וואהנונג — האט דיאבאלינא וייטער געזאגט — דארט זאָל ער זיטצען, קיינעם זאלט איהר אהין צולאזען. יעצט יאקאב, גיב מיר דיא בריעף וואס זיינען מיט היינטיגער פּאסט צו מיר אנגעקומען.

— עס זיינען אנגעקומען בלויז צווייא בריעף.

— ניעב זייא אהער.

יאקאב האט דיא ביידע בריעף דערלאנגט דיאבאלינאן און ביידע בעדיענטע זיינען ארויסגעגאנגען.

אלס דיאבאלינא האט נור א קוק געטאהן אויף דער האנדשריפט פון דעם ערשטען בריעף האט זיא ערפרייעט געשטאממעלט : פון יאָהאן יאבלאנסקי ?

זיא האט איהם שנעל געעפענט און א גליקליכע מינע האט זיך אויף איהר געזיכט געוויעזען. זיא האט איהם נאך א מאָל דורכגעלעזען און האט איהם פער־שטעקט אין איהר טאש.

זיא האט גענוממען דעם צווייטען בריעף און האט אויך פון דער אדרעססע ערקאנט ווער דער שרייבער איז.

— פון יאזעפוסן ? — האט זיא ערשטוינט געזאגט — דאָ מוז זיין וויכטיגע נייעס.

זיא האט אויך דיעזען בריעף דורכגעלעזען און וויא א שווארצע חמארע האט זיך איבער איהר געזיכט אויסגעשפרייט.

זיא האט א קלונג געטאהן און יאקאב איז אריינגעקוממען.

— יאקאב ! — האט זיא געזאגט — קיינעם זאלסט דוא הייטע צו מיר

ארײנלאזען אויפער דעם גראף יאהאן יאבלאנסקי, װעלכער דארף פונקט אום עלף אוהר דאָ זײן.

— גוט גינעדיגעס פרײלין.

— שיק שנעל אהער ארײן ליזאן, איך מוז מײן טואלעטע צו רעכט מאַכען.

— איך שיק זיא שאן ארײן.

יאקאב איז ארײנגעלאפען צו ליזאן און האט געזאגט: דוא װײסט, אז דוא האסט געטראָפען.

— װאס האב איך געטראפען.

— אז דיאבאלינא ליעבט דעם יונגען גראף יאבלאנסקי.

— װיא אזוי װײסט דוא, אז איך האב געטראפען.

— אײנער פון דיא בריעף װאס זײנען הײטע צו איהר אנגעקומען איז געװען פון דעם יונגען גראף, ער האט איהר געשריעבען, אז ער איז דאָ היא און ער װעט דאָ זײן פונקט אום עלף אוהר.

— פון װאנען װײסט דוא דאס.

— זיא אלײן האט מיר אנגעזאגט, איך זאל קײנעם צו איהר ארײנלאָזען אויסער איהם.

— דאס איז נאך קײן בעװײז, אז זיא איז אין איהם פערליעבט.

— נײן, דוא האסט בעדארפט זעהען װיא זיא אײזט יעצט אויס. װאלסט דוא פערשטאנען, אז זיא איז גאר אנ׳אנדער מענש געװארען. װיא א נײא הויט האט זיך יעצט אויף איהר געזיכט ארויפגעצײגען. זיא האט מיר געהײסען איך זאל דיך צו איהר ארײנשיקען, װײל זיא װיל איהר טואלעטע צורעכטמאכען. זיא װיל געװיס צוליעב דעם נאסט הײטע אויסװײזען שענער אלס אלע מאל.

— נוא זעהסט דוא שוין, אז איך האב רעכט. איך האב שוין לאנג פערשטאנען, אז דער גראף יאבלאָנסקי איז דער אײנציגער, װאס חאט דיאבאלינאס הערץ פאר זיך געװאונען.

זיא איז שנעל ארײנגעלאפען צו איהר הערריז אין צימער.

— ליזא! — האט דיאבאלינא זעהער פערגעניגט געזאגט — דוא זאלסט מיך הײטע מאכען שײן, אבער זא שײן, דאס דוא זעלבסט זאלסט זיך אין מיר פערליעבען.

— דאס גינעדיגע פרײלין איז אזוי אויך געטליך שײן האט ליזא מיט א שאלקהאפטען שמײכעל געענטװערט.

— װירקליך? איך װײז הײטע גוט אויס?

— פראכטפאל מיינע געביטעריןֿ.

— נוא שנעל, העלף מיך זיך אנקליידען, לייג מעהר אויפמערקזאמקייט אויף מיין קאפף פוטץ, זעה אז אלעס זאל אין דער בעסטער ארדנונג זיין. דער־לאנג מיר נור יענע ווייס אטלעס קלייד מיט דיא שפיטצען.

ליזא האט אלעס דערלאנגט, מיט א פיבערהאפטער טהעטיגקייט האט זיא זיך יעצט אננעקליידעט. ליזא האט קיין מאל אין איהר אזא זארגפאלט בעמערקט אין אנקליידען וויא יעצט.

עס האט לאנג ניט געווערט איז דיאבאלינא געשטאנען פרעכטיג געקליי־דעט, און האט ווירקליך אויסגעזעהען זא מייסטעטיש, זא געטליך שיין, דאס ליזא האט ענטציקט אויסגערופען: גינעדיגעס פריילין, איך גלויב, אז דיא וועלט האט נאך אזא שעהנהייט וויא איהר זייט ניט געשאפען.

— ווען דוא וואלסט זיין א מאנספערזאן וואלט איך דיינע ווארטען אלס קאמפלימענט אנגענוממען — האט דיאבאלינא מיט א פערגעניגטען שמייכעל געזאגט.

מיא האט אין דער מינוט ערהערט א קלונג.

— ער איז דא? — האט דיאבאלינא האסטיג אויסגעשריען — גיעכער, פיהרט איהם אריין אין דער ביבליאטהעק.

ליזא איז ארויסגעלאפען און דיאבאלינא האט זיך נאך איינינע מינוטען בעטראכט געגען שפיעגעל.

— עס איז גוט — האט זיא שטיל געזאגט — איך וועל אויף איהם הייטע זעהר א גוטע ווירקונג מאכען.

זיא איז אריינגעגאנגען אין איהר ביבליאטהעק, וואו יאהאן יאבלאנסקי איז שוין געזעסען און האט זיא ערווארטעט מיט דער גרעסטער אונגעדולד.

אלס ער האט זיא דערזעהן, איז ער פון זיין ארט אויפגעשפרונגען און, זיא ערגרייפענד ביי דער האנד, האט ער מיט פייער אויסגערופען:

— דיאבאלינא! ענדליך זעה איך דיך ווידער! איך פיהל מיך יעצט, וויא איך זאל פון א פינסטערען געפענגענים ארויסגעהן אין דער שעהנער, ליכ־טיגער וועלט.

— מיר איז זעהר אנגענעהם דיך דא צו זעהן, מיין טהייערער יאהאן — האט דיאבאלינא קאקעטיש געענטפערט.

— האסט דוא ערהאלטען מיינע בריעף?

— יא.

— ביזט דוא פון זיי צופריעדען געוועזן?

— זעהר צופריעדען. איך מוז דיר זאגען, אז אויב אלעס וואס דוא האסט מיר געשריעבען איז וואהר, ביזט דוא א העלד זאנדער גלייכען.

— וועגען וועלכער זאך רעדסט דוא?

— איך מיין וועגען דעם, וואס דוא האסט דיינען פאטער געצוואונגען, ער זאל זיך אויף מיר פערלאזען אין דיין פערבינדונג מיט פרייקן זשאנעטא דע־קרים. אויב דאס איז וואהר, האסט דוא דיא גרעסטע העלדענטהאט בעוויעזען, דען צו בויגען אזא שטאלצען מאן וויא דיין פאטער איז, איז דיא גרעסטע קונסט, וואס א מענש קען צייגען.

— נאך ווייסט דוא ניט, אז איך בין פון דיא לייטע, וואס פאר זיי איז קיין זאך צו שווער? דוא ביזט דיא איינציגע פעסטונג, וואס איך האב ניט גע־קענט איינגעהמען, און דארום ביזט דוא ביי מיר דאפפעלט טהייער. דאס איז שוין אנ'אלטער רעגעל, אז א וואהרער העלד אכטעט זעהר דעם, וואס איז נאך א גרעסערער העלד אלס ער.

— נענוג דאפאן. זאג, איך וויל נור וויסען, צו וועט דיין פאטער זיך ווירק־ליך ערניעדעריגען און וועט ביי זיך רעכט מאכען, איינע אקטריסע פאר א שיע־דעסריכטפרין צו ערוועהלען אין אזא וויכטיגע זאך.

— ער וועט זיך ערניעדעריגען, אין דעם קענסט דוא זיכער זיין, ער וועט נאך הייטע ביי דיר זיין.

— ער איז אויך דא אין פעטערסבורג?

— יא. אך, דיאבאלינא! ווען דוא זאלסט זעהן, וויא אזוי איך בעהאנ־דעל יעצט מיינען פאטער, וואלסט דוא פערשטאנען מיך צו שעטצען. איך בע־וויז איהם אויף טריט און שריט, אז איך קאן איהם זעהר גוט און מיך וועט ער ניט נארען. דאס שמעקט איהם זעהר ניט. ער האט מיט איינינע טעג צוריק אויס ערגערניס זאנאר געוויינט. אבער איך האב איהם גאנץ קאלט געזאגט: פאטער, שפיעל ניט פאר מיר אזא ראליע. איך קאן דיך און איך קאן דיינע טרערען. האסט דוא אליין מיך ניט געלערענט, אז א קלוגער מענש דארף אין א נאטהספאל קענען פערגיעסען א פאר פאלשע טרערען? און אז דוא שפיעלסט פאר מיר אזא ראליע, מאכסט דוא זיך ניט מעהר, וויא נאריש.

— בראוואָ, יאהאן! — האט דיאבאלינא אויסגערופען — דוא ביזט ווירק־ליך דער מאן, וואס האט פערדיענט מען זאל איהם שעטצען און עהרען. דיין

פאטער דארף פאר דיר רעספעקט האבען. ער מוז וויסען, אז דוא, אלס יונגער מאן, דארפסט לעבען אויף דער וועלט און אויף קיין זאך ניט קוקען. האט ער דען אין זיינע יונגע יאהר אזוי ניט געטאהן?

— יא, דאס זאג איהם ביי יעדע געלעגענהייט, ווען ער מאכט מיר אויף עטוואס פארווירפע, ענטפער איך גלייך: האסט דוא נאך ערגערע זאכען אין דיין יוגענד ניט געטאהן? נאך אזעלכע ווארטען בלייבט ער שטיל און ואגט מעהר מיר קיין מוסר צו זאגען.

— יאהאן, איך פערגעטערע דיך — האט דיאבאלינא זא פריינדליך אויס־גערופען, דאס אין יאהאן'ען איז שיעור דאס הערץ צוגאנגען פאר פריידע.

— מיך פרייעט זעהער וואס מיין האנדלונג געפעלט דיר, מיין טהייערע דיאבאלינא — האט יאהאן געזאגט זיא פארביידע הענד ערגרייפענד — לאז מיר זיך אנקוקען אין דיינע שיינע הימלישע אויגען. ווען דוא אליין זאלסט יעצט קענען זיך אנקוקען, וואלסט דוא זיך געוויס אין דיין אייגענער פערזאן פערליעבט. נוא גיב שוין אהער דיין זיסען מונד, פאר מיינע העלדענטהאטען זאל מיר דיין זיסער קוש בעלאהנען.

א קלאפ אין דער טהיר האט איהם געצוואונגען ער זאלל דיאבאלינא'ס הענד אבלאזען.

— ווער איז דארט? — האט דיאבאלינא געפרעגט.

— דאס בין איך יאקאב — האט דער קאמערדיענער געענטפערט.

— וואס ווילסט דוא?

— דער גראף פעטער יאבלאנסקי איז געקומען און ווינשט מיט דער גנע־דינער פריילין צו שפרעכען.

— דוא הערסט יאהאן! דיין פאטער איז דא — האט דיאבאלינא געזאגט.

— דאס איז ער צו דיר געוויס געקומען ריידען וועגען מיין שידוך מיט זשא־נעטע דע קרים. אבער איך האב ניט ערווארטעט ער זאל אין אזא צייט קומען. מיר איז זעהער אונאנגענעהם זיך מיט איהם דא צו בעגעגענען.

— ווילסט דוא אוועק געהן פון דאנען?

— נייז, איך וויל דוא זאלסט מיך בעהאלטען אין אזא ארט פון וואנען איך זאל קענען הערען אלעס וואס ער וועט מיט דיר ריידען.

— אייב אזוי געה אריין אהין אין יענעם צימער האט דיאבאלינא געזאגט אנצייגענד אויף א טיהר. פון יענעם צימער וועסט דוא קאנען הערען אלעס וואס איך וועל מיט איהם ריידען.

— גוט — האט יאהאן געזאגט, און איז ארייגגעלאפען אין יענער טיהר, וואס דיאבאלינא האט איהם אנגעוויעזען.

א שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף דיאבאלינאס ליפען, זיא איז צוגעלאָפען צו דער טיהר, אין וועלכער יאקאב האט געקלאפט, האט זיא געעפענט און האט דא געטראפען איהר קאמערדינער שטעהען.

— בעט דעם גראף אריין אהער — האט זיא געזאגט. און אליין האט זיא זיך געזעצט אויף א וויענשטוהל און האט זיך זאנפט געוויעגט.

דיא טיהר האט זיך באלד געעפענט און דער גראף פעטער יאבלאנסקי איז אריינגעקוממען, ער האט אויסגעזעהען זעהער אונפריינדליך. ביי זיין אריינטרעטען אין דעם ציממער האט ער זיך אין אלע זייטען אומגעקוקט, וויא ער זאל וועלכען יעמאנדען געפינען.

— זייט מיר ווילקאמען גראף! — האט דיאבאלינא מיט א פריינדליכען אבער האלב ספאָטישען טאָן געזאגט, איך האב אייך שוין ערווארטעט.

— וואס? איהר האט מיך ערווארטעט — האט ער זעהער אויפגערעגט אויסגערופען.

— יא, גראף.

— איהר האט געוואוסט, אז איך דארף צו אייך קומען?

— יא.

— ווער האט דאס אייך געזאגט?

— דאס בין איך ניט פערפפליכטעט אייך צו זאָגען, אבער אז איך האב אייך ערווארטעט אין דעם זאלט איהר ניט צווייפלען.

— און איהר ווייסט ווע:ען וואס איך בין צו אייך געקומען?

— יא, איך ווייס.

— וואס ווייסט איהר?

— אז איהר זייט געקוממען פרעגען מיין ראטה וועגען אייער זאהנס פערבינדונג מיט פריילין ושנעטא דע קרים.

— דאס איז ניט וואהר! — האט דער גראף וויטהענד א געשרייא געטאהן — אין זאָלכע וויכטינע זאכען פרעג איך ביי קיינעם קיין ראטה.

— דארף איך פרעגען וואס מיר האט פערשאפט דאס פערגעניגען אייך אין מיין הויז צו זעהען? — האָט דיאבאָלינא גאנץ קאלט געפרעגט.

— איך בין געקוממען צוליעב צווייא זאכען, ערשטענס זוכען מיינען זאָהן.

ווייל איך ווייס, אז יעצט דארף ער זיין ביי אייך, און צווייטענס בין איך געקומ־
מען אייך בעטען איהר זאלט מיט מיר מיטלייד האבען און זאלט מיינען זאהן אין
א בלאָטע ניט פערשלעפען.

— איך מוז אייך זאגען גראך — האט דיאבאלינא ספּאָטיש טרוויעדערט —
דאס הערענדיג אייערע ווארטען מוז מאן אייך בעטראכטען אלס מוסטער פון
אללע גוטע פאטערס. דען קיינער זארגט זיך אזוי פאר זיין קינד וויא איהר און
עס איז דארום קיין וואונדער — וואס אייער ליעבער יאהאן איז אייך אויך גע־
טרייא מיט לייב אונד זעעלע, ניט אלע קינדער ווערען בעגליקט מיט אזעלכע
קלוגע עלטערען וויא איהר הערר גראף זייט.

— איך ערקאן אָן אייערע ווארטען פרייקין, אז איהר מאכט שפּאס —
האט יאבלאָנסקי געזאגט און דאס בלוט האט אין איהם אנגעהייבען צו קאָכען.

— איך שפּאס? ווארום דענקט איהר אזוי?

— ווייל איך בין אין מיינען זאהן ניט גענארט. איך ווייס זעהער גוט, אז
ער איז אין פיעלע הינדזיכטען זעהער פערדאָרבען און דיא איינציגע ענטשולדיגונג
וואס מיא קאן אויף איהם געפינען, איז דאס וואס ער איז נאך יונג. ער איז וויא
מיא זאגט נאָך א נאריש קינד.

— מאכט ניט פון אייער קינד אזא בארג אש. ניט אלע פאטערס קאנען
זיך ריהמען מיט אזא גליק איין זאלכען זוהן צו האבען. אייער זאהן איז א פאל־
קאמענער מענש.

— איך וועל שווערען, אז דיא ווערטער רעדט איהר נור אום יאהאנען,
וועלכער איז בייא אייך אירגענד וואו פערשטעקט, איינצובילדען אז איהר נעמט
זיך אן פאר איהם. ווען ער זאל אבער וויסען דאס וואס איך ווייס, וואלט ער
אייערע ווארטען אזוי נעגלויבט, וויא איך גלויב זייא.

— וואס ווייסט איהר דען? — האט דיאבאלינא שמייכלענד געפרעגט.

— איך ווייס אז איהר זייט מיין זאהנ׳ס גרעסטע פיינדין און איהר וויכט
איהם אין אוננליק שטירצען.

— ווארום דארף איך נאך אייער מיינונג אויף איהם זא צארניג זיין. פיעל־
לייכט דערפאר וואס ער האט מיך אין פערלויף פון מיין לעבען איינינע מאל זעהער
פיעל שמערצען פערשאפט, וויא צום ביישפּיעל דאן ווען איך האב מיך אלס
בעטלערקינד מיט איהם בעגעגענט אין אייער וואלד, און דאן ווען איך בין מיט
א גיטארע ארומגעגאנגען, האט ער מיך אין א צימער פערנארט און האט מיך
אונערבארמליך געשלאגען און אין טהעאטער האב איך מיך דורך דיא שאלעכץ

פון אפעלכין וואס ער האט א ווארף געטאהן אויף דער ביהנע, אויסגעגליטששט און געפאללען. מיינט איהר, אז פאר דיא אלע זאכען טראג איך אויף איהם א האס און וויל איהם פערניכטען.

ערהערענדיג דיא ווערטער, איז דער גראף געבליעבען שטעהן, וויא פון דאנער געטראפען. ער האט געמיינט, אז פון יאזעפוס'עס שריפטען האט ער ערפאהרען דיא געהיימניסע פון דיאבאלינא'ס פערגאנגענהייט און דאדורך וועט ער זיא צווינגען, זיא זאל איהם געהארזאם זיין און גאר אונערוואַרטעט הערט ער, וויא זיא אליין ערצעהלט אלעס און שעמט זיך גאר. ער איז דארום איינינע מינוטען געבליעבען זיצען שטום און האט ניט געהאט וואס צו ריידען. ענדליך האט ער זיך געמוטהיגט און האט געזאגט: איהר האט מיר פערשפארט א שטיקעל ארבייט, פריילין דיאבאלינא, דען איהר אליין האט גערעדט דאס וואס איך בעדארפט ריידען. האב איך ניט רעכט דאמיט וואס איך האב געזאגט, אז איהר ווילט מיינען זאהן צו גרונדע ריכטען אויס האס פאר דיא אלע זאכען וואס איהר האט אויסגערעכענט.

— איהר זייט א גרויסער דיפלאמאט, הערר גראף — האט דיאבאלינא גאנץ רוהיג ערווידערט — ליידער אבער, בעזיצט איהר דעם פעהלער וואס אלע אייערע גראפען האבען אין זיך, נעהמליך, אורטהיילען דעם צווייטען נאך דיא איינענע איינענשאפטען. איהר גלויבט, דאס אזוי וויא עס ליענט אין דער נאטור פון אייערע מיליאנערען, ניט צו פערגעסען דיא קלענסטע בעליידיגונג וואס מנן האט פון יעמאנדען, אזוי ליענט דאס אין דער נאטור פון אגע מענשען. איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ווען איך וועל אייך זאגען, אז אין דעם הינזיכט האט איהר א גרויסען אירטהום. איהר ווייסט דאך, אז איך בין ניט מטהר וויא אנ' אקטריסע. איך האב דאס גליק ניט געהאט צו האבען א פאטער א גראף. דארום האב איך אויך אין זיך ניט דיא גוטע מעלה צו געדענקען אימער דאס שלעכטס וואס מען טהוט מיר.

— איהר וועט מיר דיא אויגען ניט פערבלענדען — האב יאבלאנסקי צארניג געזאגט — איך ווייס אייער גאנצע ביאגראפיע און דארום ווייס איך אויך אז איהר טראגט א האסס אויף אללע אונזערע אריסטאקראטען, בעזאנדערס אויף מיין זאהן.

— איך וויל מיך פאר אייך ניט פערענטפערן, הערר גראף, און איך פארדערע פון אייך אלס ווירטהין פון דיעזער הויז, איהר זאלט מיר זאגען ווענען וואס איהר זייט צו מיר געקומען און וואס איהר פערלאנגט פון מיר.

— איך ווילל איהר זאלט אפען זאגען מיינען זאהן, אז איהר ליעבט איהם ניט, אום ער זאלל אייך פערגעסען און זאלל הייראטהען פליילין זשאנעטא דע קרים.

— חא־חא־הא ! — האט זיך דיאבאלינא פאנאדערגעלאכט — וויא איך זעה, דענקט איהר, אז איהר האט צו שאפפען איבער מיין הערץ. צו ווייט, הער גראף, קריכט איהר, און צו מיין גרויסען פערדרוס בין איך געצוואונגען אייך צו בעטען, איהר זאלט ניט פערגעסען, אז אזעלכע מענשען וויא איהר זייט, שפיע־לען ביי מיר קיין ראליע און איך וויל זיי מעהר ניט זעהן אין מיין הויז.

— און איהר מיינט, אז איהר וועט מיט געוואלד מיין זאהן צובינדען צו זיך ?

— מיט געוואלד שלעפ איך קיין מענשען צו זיך, אייער זאהן וועט בלייבען מיינער, ווייל ער וויל אזוי.

— נוא, וול איך אייך ווייזען, אז זיין וויללען האט ביי מיר קיין ווערטה. איך האב געגען איהם זעהר א שארפע וואפפע.

— איך בין זעהר נייגיעריג צו וויססען, וואס דאס איז פאר אזא שארפע וואפפע.

— דא איז זיא האט יאבלאָנסקי מיט א טריאומפהירענדע מינע אויסגע־רופען, איבערגעבענד דיאבאָלינאן א פאפיער.

— וואס איז דאס פאר א פאפיער ? — האט זיא נייגיעריג געפרעגט.

— דאס איז א פערהאפטסבעפעהל געגען מיין זאהן.

— א פערהאפטסבעפעהל ? — האט דיאבאלינא נייגיעריג געפרעגט און דאס פאפיער האט געציטטערט אין איהרע הענד.

— יא, איך וועל יעצט מיין יאָהאנען ווי־זען, אז מיט מיר שפאסט מען ניט. איך וועל איהם בעווייזען, אז איך בין זיין פאטער און איך האב דאס רעכט צו טאהן מיט איהם וואס איך וויל.

— איך גלויב אבער ניט, אז אייער זאהן וועט זיך לאזען פון אייך טרעטען מיט דיא פיס. יאהאן איז אזא העלד, וויא זיין פאטער.

— דאס האט איהר אנ׳אירטהום. ביי אונז אין רוססלאנד מוז דער זאהן זיין אונטערוואָרפען דעם פאטערס ווילען און אויף דיעזער גרונדע האט מען מיר ארויסגעגעבען א פערהאפטס בעפעהל, איך זאל איהם קענען ארעטירען ווען איך וועל וועלען.

— און איהר דענקט אין ערנסט איהם צו פערהאפטען ?

— ווען ער וועט מיר ניט געהאָרזאם זיין, וועל איך דאָס געוויס טאהן. איך בין שוין ארויס פון געדולד, איך קען שוין מעהר זיין פרעכהייט ניט ער־טראָגען.

דיא טיהר פון דעם צווייטען צימּמעע האט זיך פּלוצלינג געעפענט און יאָ־האַן איז ארויסגעקומען. זיין געזיכט וואר בלאַס פון כעס און זיינע אויגען האַ־בען געפינקעלט, וויא ביי א בלוטגיעריגען וואלף.

— דוא ווילסט מיך ארעטירען? — האט ער וויטהענד אויסגערופען, זיך ווענדענד צום פאטער.

— יא — האט דער גראף שטאלץ געענטפערט — קוים וועסט דוא מיר ניט געהארזאם זיין אין אלעם וואס איך וועל דיר בעפעהלען, וועל איך דיך אין געפענגניס ווארפען. איך בין געוועזן א נאר ביז אהער, וואס איך האב געשוויע־גען, הערענדיג דיינע פרעכע ווארטען און זעהענדיג דיא שענדליכסטע סקאנדא־לען וואס דוא מאכסט.

— און דיר פערדריסט, וואס איך מאך שענדליכע סקאַנדאלען? — האט יאהאן מיט א ספאטישען שמייכעל געפרעגט — ווער האט מיך געלערענט דיא אלע סקאַנדאלען צו מאכען, ווען ניט דוא? דוא האסט מיך אימּמער מיטגענו־מען אין אלע שענדליכע הייזער, דוא האסט פאר מיר אין דיא אויגען דיא אונ־ערהערטעפסטע, שענדליכסטע זאכען געטאהן, נוא איז קיין וואונדער, וואס איך האב מיך אויסגעלערענט דיר אין אלעם נאכצוטאהן. עס איז אויך קיין וואונדער, ווען א קינד איז פונקט עהנליך צו זיין פאטער.

דער גראף האט ארויפגעלאזט דיא אויגען. אויף דיעזע וואהרע ווערטער האט ער נים געהאט וואס צו ענטפערען.

— עס קען זיין, אז איך האט דום געהאנדעלט — האט ער ענדליך געענט־פערט — אבער צו דיעזער דומהייט האט שוין אנ׳ענדע גענומען און איך וויל אויך צו דיין וויסט לעבען אנ׳ענדע מאכען. איך וויל, דוא זאלסט פון היינט אן און ווייטער אנ׳אנדער מענש ווערען. וועל איך דאס ניט קענען בעווייזען מיט גוטען, וועל איך ראס אויספיהרען מיט בייזען.

— אזוי? — האט יאהאן געלאכט — אין איין מאמענט ווילסט דוא זאכ־כע וואונדער בעווייזען, אליין ווערען א שטרענגער, זיטטליכער פאטער און אויך דיינען זאהן מאכען פאר א גוט געהאָרזאמעס קינד. דאס איז זעהר א שווערע אבבייט, און איך זאג דיר פאראויס, אז דוא וועסט מיט דיין גאנצעס געוואלד און ביי דיין בעסטען ווילען דאס ניט אויספיהרען.

דאס וועלען מיר זעהען, איך בעפעהלע דיר, אז דוא זאלסט גלייך פון דאַ־נען געהען אהיים און דארט וועל איך דיר זאגען, וואס דוא האסט צו טאהן, איך געה שוין אוועק פון דאנען איך לאז דיך דא איבער מיט דיעזער אקטריססע, דוא זאלסט קאנען פון איהר א פריינדליכען אבשיעד נעהמען וויא עס פאסט פאר זאלכע הייסליעבענדע פערזאנען וויא איהרביידע זייט. אבער נאָך דיעזען עווי־גען אבשיעד זאלסט דוא קומען א היים. און איך זאג דיר יעצט, דאס אינ,ם פאל ווען דוא וועסט מור ניט געהאָרזאם זיין וועסט דוא נאך הייטֶע זיטצען אין געפעננעניס.

— נוא און דוא פירכטעסט גאר ניט פיעלייכט וועל איך פון דאנען אנט־לויפען און דוא וועסט דיא מעגליכקייט ניט האבען מיך צו ארעסטען ?!

— דאפיר פירכטע איך ניט. דען ביי דער טיהר שטעהען צווייא פאָלי־צייסקע סאָלדאטען, וועלכע האבען דעם אויפטראג, דיך פון דיא אויגען ניט אב־צולאָזען.

— האסט דוא אויף דעם אויך שכל נעהאט מיך מיט פאָליצייסקע סאָל־דאטען ארום צו רינגלען ? — האט יאהאן וויטהענד אויסגערופען — דאס זאלל דיר מהייער קאָסטען, מיין ראכע זאל דיך דערפאר טרעפען.

— ראכע ? דוא רעדסט פון ראכע ?

— יא, מיין ראכע זאל דיך טרעפען, דען איך בעטראכטע דיך ניט מעהר אלס מיינען פאטער זאנדערן אלס פרעמדען ערגסטען פיינד. איך בין פיעל קרעפ־טיגער פון דיר, דען איך בין א גראפס א זאהן וועהרענד דוא ביזט א זאהן פון א פראָסטען מוזשיק. דאס ווייסען אלע.

— שטיל דוא אונמענש ! — האט דער גראף מיט א שרעקליכען כעס א געשרייא געטאהן.

— איך זאג דיר אויך : שטיל דוא מוזשיק ! דוא זאלסט ניט וואגען מעהר מיך מיט דיינע גראבהייטען צו בעלעסטיגען.

— גוט ! גוט ? — האט דער גראף געשטאממעלט — דוא וועסט שוין פון מיר ערהאלטען אלעקציאן און וועסט צו דער איבערצייגונג קוממען, אז מיט א טאטען דארף מאן אנדערש ריידען. געדענק אונמענש, דוא זאלסט גלייך פון דאנען קומען צו מיר.

ער איז וויטהענד ארויסגעלאָפען פון דיאבאלינאס וואהנונג.

ביי דער טיהר זיינען געשטאנען צווייא מענער אין גרויע מאנטלען און אלס דער גראף איז פון שטוב ארויסגעגאנגען, זיינען זיי ביידע צו איהם צונעלאפפען.

— איהר זאלט גוט אכטונג געבען — האט יאבלאָנסקי צו זיי געזאגט — ווען ער וועט ארויסגעהען פון דאנען זאלט איהר איהם נאכגעהען טריט אין טריט, אייב ער וועט געהען צו מיר זאלט איהר איהם ניט טשעפען, נור ווען איהר וועט בעמערקען, אז ער פערדרעהט זיך ערגעץ אנדערש, זאלט איהר איהם גלייך ארעסטען.

— גוט, גינעדינער גראף — האט איינער פון זיי געענטווערט.

— איהר זאלט גוט אכטונג געבען אויף יעדען מענשען וואס וועט פון דעם הויז ארויסגעהען — האט דער גראף ווייטער געזאגט — עס קאן זיין, אז מיין זאהן וועט פון דאנען ארויסגעהען פערקליידעט, אלס אַנ'אנדער פערזאן, איהר פערשטעהט?

— מיר פערשטעהען הערר גראף.

— געדענקט זשע וואס איהר האט צו טאהן, פיעלייכט וועט מיין זאהן דעם גאנצען טאָג דאָ פערבלייבען אום אין אייערע הענד ניט אריינצופאלען, זאלט איהר פונקט אום זעכס אוהר אריינדרינגען מיט גוואלט אין דיעזען הויז און זאלט איהם פון דאנען ארויסשלעפען, איהר זאלט אויף קיין זאך ניט קוקען. איהר זאלט פערגעסען, אז ער איז א גראפס א זאהן און זאלט איהם ברייגגען צו מיר א היים.

— מיר וועלען אזוי טאהן הערר גראף.

יאבלאנסקי האט זיך אריינגעזעצט אין זיין עקיפאזש וואס האט איהם דאָ ערווארטעט און איז אוועק געפאָהרען.

## נא.

## א טייפלישער פלאַן.

— וויא געפעלט דיר מיין נארישער פאטער? — האט יאהאַן געזאגט צו דיאבאלינאַן, אלס ער איז מיט איהר אונטער פיער אויגען געבליעבען.

— איך האב מיט איהם מיטלייד — האט דיאבאלינא געענטפערט מיט א גוט געמאכטער ערנסטער מינע

— וואס? דוא האסט מיט איהם מיטלייד.

— יא יאָהאַן ער איז בעקלאגענסווערט, דען ער איז זעהער ניט קלוג. ווען ער זאלל חאטש עטוואס פערשטאנד האבען, וואלט ער זיך אזוי ניט בעל יידיגט פאר מיר אין דיא אויגען.

— דאס וועט איהם אבער טהייער פאסטען. איך וועלל דאס איהם ניט שענקען.

— רייד ניט אזעלכע ווערטער יאהאן, איך וויים, אז דו וועסט דיינען פא־טער קיין שלעכטעס טאהן.

— דאס ווייסט דו? — האט יאהאן גאנץ רוהיג ערווידערט — דו גלויבסט וויא איך זעה, אז ער שפיעלט בייא מיר א ראָליע און איך אכטע איהם אלס פאטער? איך פרעג דיר, האט ער פערדיענט איך זאל איהם ליעבען וויא א קינד.

— דאס קאן איך ניט זאגען, לויט וויא ער בעהאנדעלט דיך האט ער זיין גאנצעס רעכט אויף דיין קינדער ליעבע וויא אויך אויף דיין רעספעקט פערלאָ־רען, אבער וויא איך קאן דיך, וויים איך אז דו וועסט דיך זיין פעסטען ווילען אונטערגעבען און וועסט טאהן אלעס וואס ער וועט דיר הייסען.

— אבער ווארום דענקסטו אזוי.

— ווייל דו ווייסט אליין, אז ער איז מעכטיגער פון דיר. ער האט דיא מיליאָנען, אבער ניט דוא. ער זאָלל זיין קאססע פאר דיר פארשליעסען ביסטו איין ארמער מענש און וועסט מוזען אלעס טאהן וואס דער רייכער גראף וועט דיר הייסען.

— דוא בעליידיגסט מיך פירכטערליך.

— איך מיין ניט דיך צו בעליידינען, ליעבער יאהאן. דוא ווייסט זעהר גוט, וויא טהייער דוא ביזט ביי מיר. איך בין פערטיג פאר דיר זאגאר מיין לע־בען אויפצואָפפערען, אבער פון דער וואהרהייט קען איך ניט אוועקגעהן. לויט איך פערשטעה, שמעקט דא מיט דיר זעהר שלעכט, דען דיין פאטער, לויט מיר זעהען, האט זעהר שטרענגע מאססרעגעלען געגען דיר אנגענומען, און דוא מוזט יעצט אלעס טאהן, וואס ער וועט דיר הייסען. פערגעס, אז דוא ביזט דער שטאל־צער, אלמעכטיגער יונגער גראף יאהאן יאבלאָנסקי און בייג איין דעם קאָפף וויא וויא א שוהל יונגע פאר דיין שטרענגען פאטער.

— דיאבאלינא, דוא ביזט שרעקליך! וויא איך זעה, ווילסט דוא גיעסען בוימעל אויף דעם פייער, וואס ברענט יעצט אין מיין הערצען.

— זיי ניט קיין קינד, יאהאן, איך מיין דאס ניט איך ראטה דיר וויא דיין בעסטע פריינדין, דוא זאלסט זיך פון אונגליק פערהיטען, דען וואס קענסט דוא געגען אזא ריעז, וויא דיין פאטער, טאהן?

— איך וועל שוין געפינען א מיטעל, וויא פון איהם ראַכע צו נעהמען.

— זאג מיר אויך, וואס איז דאס פאר א מיטעל.

— איך וועל דאס דיר ערקלערען. דוא ווייסט פאר וואס ער וויל מיך צווינגען איך זאל הייראטהען זשאנעטאן ?

— פאר וואס ?

— דאס איז דערפאר, וואס ער איז איבער דיא אויערן פערליעבט אין איהר מוטער אמאליא און דיזע מוטער האט אהים אויסדריקליך געזאגט, דאס ווען איך וועל ניט הייראטהען איהר טאכטער, וועט זיא זיך אויך מיט מיין פאטער ניט פרבינדען. דארום וועל איך מאכען, אז מיין פאטער זאל אמאליאס האנד ניט בעקומען.

— וואס דענקסט דוא דען צו טאהן ?

— איך וועל ליעבערסט זיך לאזען אין געפענגניס איינשפארען, איידער זשאנעטאן צו הייראטהען, און דאדורך וועט מיין פאטער אמאליאס האנד זיכער פערליערען.

— דומהייט ! — האט דיאבאלינא אויסגערופען — דוא וועסט דאמיט גאר נישט אויספיהרען. דוא וועסט זיטצען אין געפענגניס, אבער דיין פאטער וועט זיין אמעליעס מאן.

— ווארום דענקסט דוא אזוי ?

—גאנץ איינפאך. ווען אמעליע וועט זעהן, אז דיר איז פיעל ליעבער צו זיטצען אין געפענגניס, אלס איהר טאכטער צו הייראטהען, וועט זיא זיין צופריעדען דאמיט, וואס איהר קינד איז אין דיינע הענד ניט אריינגעפאלען. זעהסט דוא, איך האב פאר דיר א בעסערען ראטה, וויא דוא זאלסט דיין פאטער אנפייפען, אז ער זאל מיט אמעליען זיך פאר קיין פאל קענען פערבינדען.

— ווא איז דיין ראטה ?

— איך וועל דאס דיר זאגען — האט דיאבאלינא געענטפערט, זיך זעטצענדיג נעבען יאהאנען זא נאהענט, דאס ער האט געקענט איהר אטהעם-צוג הערען.

— נוא רייד גיכער, זעהסט דוא וויא אונגעדולדיג און נייגיעריג איך בין.

— נור רוהיג מיין טהייערער — האט דיאבאלינא מיט איהר ליעבליכען קאקעטישען שמייכעל געענטפערט — צו אזא ראטה וואס איך וועל דיר יעצט געבען מוזט דוא גאנץ רוהיג אונד קאלטבליטיג זיין.

— דוא האסט דאך פערגעניגען ווען דוא קאנסט דיינען פאטער אויף

דיא פארווירפע וואס ער מאכט דיר ענטפערען: איך האב געטאהן דאס זעלבע וואס דוא האסט געטאהן.

— נוא?

— דוא ווייסט וואס דיין פאפא האט געטאהן דער גרעפין רעגינא סאלטיקאָוו.

— יא, איך וויים.

— ווייסט דוא אללעס ריכטיג?

— ער אליין האט עס מיר ערצעהלט וויא אויס כעס אויף איהר, דערפאר וואס זיא האט זיינע פרויא ניט געוואָלט זיין האט ער זיא אריין געגארט אין א פוסט הויז אום זיא צו ענטעהרען . . . נור צו איהר גליק איז גראדע אנגעלאָפען יוסט קלעמענס און האט זיא פון זיינע הענט גערעטעט.

— אזויא? האט ער אליין דיר דאס ערצעהלט?

— יא.

— נוא זאלסט דוא יעצט אויך אזא סקאנדאל מאכען מיט דיין פאפאס געליעבטע, אמאליע דע קרים.

— וואס מיינסט דוא דאמיט? — האט יאָהאן העכסט ערשטוינט גע־פרעגט.

— וואס האסט דוא זיך אזויא ערשראָקען, וויא א פרומער דאָרפס־יונגעל וועלכען מען רעדט צו ער זאל א זינדע בעגעהען; האסט דוא דען קיין גרעסע־רע זינדע אין דיין לעבען בעגאנגען.

— אבער וואס זאל איך מאהן? דוא האסט גים דייטליך געשפראָכען.

— איך האב אין דעם מעדיצינישען פערעאָולאָק געדונגען א הייזעל צוליעב א געוויסען צוועק. דאס הייזעל שטעהט יעצט לעדיג, ביי מיר זיינען דיא שליי־סעל. נא דא האסט דוא זייא.

— נוא וואס זאל איך מיט זייא טאהן?

— איז דיא מאדאם דע קרים יעצט אין פעטערסבורג?

— יא, זיא מיט איהר טאכטער זיינען גלייך מיט אונז אחער אנגעקוממען.

— און דוא ביזט מיט זייא ביידען פריינדליך?

— זעהער פריינדליך, אבוואהל זייא וויסען ביידע, אז איך וויל זשאנעטען נים הייראטהען.

— זעהער גוט, געה שוין אריבער צו דער מאדאם דע קרים. מיא זאגט אז זיא איז זעהער גוטהערציג געגען ארמע. איז דאס וואהר?

— דאס איז וואהר, זיא ווערט גאר ניט מיעד ארמע לייט צו שטיטצען.

— נעה זשע צו איהר אריין און ערצעהל איהר. אז אין מעדיצינישען פע־רעאולאָק געפינט זיך אנ׳ארמע, אונגליקליכע פרוי מיט קליינע יתומים׳לעך, וועל־כע שמאכטען אין הונגער, און דארום ווילסט דוא צוזאמען מיט איהר דיא אונ־גליקליכע רעטטען. איך גלויב, אז זיא וועט זיך ניט לאזען לאנג בעטען און וועט מיט דיר געהן.

— איך גלויב אויך אזוי.

— זאלפט דוא זיא אוועקפיהרען אין יענעם הויז און זאלט זיא דארט איינ־שפארען. דיין פאטער וועט אויסער זיך ווערען פאר שמערצען, ווען ער וועט דערזעהן, אז זיין הייסגעליעבטע איז ניטא און ווען ער וועט ענדליך דאס ערפאה־רען און וועט מיט דיר צוזאמענקומען, האסט דוא דאס רעכט איהם צו זאגען: איך האב געטאהן דאס זעלבע, וואס דוא האסט געטאהן מיט דער פירסטין סאלטיקאוו, ליעבער פאפא. דוא פערשטעהסט, וואס פאר א באמבע דאס וועט זיין פאר דיין ליעבען פאטער?

— דאס איז אבער שרעקליך! — האט יאהאן געשטאממעלט.

— פאר זאלכע לייטע וויא דוא ביזט, גיעבט קיין ווארט „שרעקליך“, טוה וויא איך הייס דיר, דאן האסט דוא ראכע גענומען פון דיין פאטער.

— אבער וויא אזוי זאל איך געהן צו דער מאדאם דע־קרים? דיא פאלי־צייסקע סאלדאטען היטען דאך מיר נעבען דער טיהר.

— וועגען דעם זאלסט דוא ניט זארגען. אין מיין גארטען איז פאראן א זייטיגע טיהר, דורך וועלכער דוא קענסט ארויסגעהן, אהנע דאס יעמאנד זאל דיך בעמערקען.

— וויא איז דער נומער פון דעם הויז, וואס דוא האסט געדונגען אין דעם מעדיצינישען פערעאולאק?

— נומער 20.

— וואהנט דארט קיינער?

— איך האב דאך דיר שוין געזאגט, אז קיינער וואהנט דארט. דער סקאנ־דאל וועט איבערגעהן אזוי שטיל, דאס א האן וועט קיין קרעה טאהן.

— גוט, איך וועל אזוי טאהן. קום, פיהר מיך נור ארויס פון דאנען.

דיאבאלינא איז מיט איהם אריינגעגאנגען אין גארטען און האט איהם צו־געפיהרט צו א טיהר, וואס איז אריינגעקומען אין אנ׳אנדער הויף.

— געה אריין אין דעם הויף — האט זיא צו איהם געזאגט — פון דארט

וועסט דוא ארויסקומען אין אנ'אנדער גאַס און דוא וועסט קענען אונגעשטערט געהן וואהין דוא ווילסט.

— איך דאנס דיר זעהר, מיין טהייערע דיאבאלינא, פאר דיין ראטה און פאר דיין הייסע ליעבע צו מיר — האט יאהאן מיט פייער געזאגט — זיי זיכער, אז איך וועל אלעס אויף דאס בעסטע אַרט און ווייזע אויספיהרען. נוא, גיעב זשע מיר צום אבשיעד א פּאָר פון דיינע זיססע קיססע.

— נא, דוא זיססער טייפעל! — האט זיא קאקעטיש געענטפּערט און האט איהם איהרע ליפּפּען אונטערגעטראגען.

א פּאָר קלינגענדע קיססע האבען א הילך געטאהן און יאהאן איז דורך דער טיהרעל שנעל ארויסגעלאָפּען.

— נוא, יעצט בין איך צופריעדען! — האט דיאבאלינא אויסגערופען, אלס יא איז אליין געבליעבען — יעצט גלויב איך, אז איך האב עררייכט דעם ציעל, צו וועלכען איך האב זא לאנג געציעלט. איך אין מיינע ביידע פריינדע וועלען באלד זעהן דיא לאנג ערווארטעטע ראכע. מיט זיין בלוט זאל יאהאן אבוואשען דיא זינדע, וואס ער האט איינינע מאל געגען מיר בעגאנגען. קוראפּאטניק זאל זעהן דיא שרעקליכע ענדע פון דעם אונמענשען, וואס האט זיין טאכטער קאטינקא אין גרעסטען אונגליק געבראכט, און מארטין וועט ראכע זעהן אן זיין פערפלוכטען פאטער יאבלאָנסקי, זיין מוטערס הענקער.

זיא איז צוריק אריינגעלאָפּען אין איהר צימּמער און האט האסטיג אנגעשריעבען דיעזען קליינעם בריעף:

ליעבער יאָזעפוס!

„מיר איז אונמעגליך דיך צו ערווארטען, ווייל איך מוז נאטהווענדיג דיא מינוט אוועקגעהן. דארום לאז איך דיר איבער דיעזען בריעף, אין וועלכען איך וועל דיך ערפרייען מיט דער נאכריכט, דאס עס האט שוין געשלאָגען דיא שטונדע, אין וועלכער דוא וועסט ראַכע נעהמען פון דיין אערפלוכטען פאטער, וועלכער האט דיך וויא אנ'אונניצינעם דינג ארויסגעווארפען אין מיטען דער גאַס און האט דיך מפקיר געווען, דוא זאלסט דיענען אלס-ציעל פאר אלע אונגליקען. דוא וועסט אויך ראכע נעהמען פון דעם ניעדערטרעכטיגען יאהאן, דערפאר וואס ער האט דיין שוועסטער קאטינקא זאָ אונגליקליך געמאכט.

„דוא זאלסט קומען אין נום. 20 מעדיצינישען פּערעאולאק. דארט וועסט דוא טרעפען דעם יונגען גראף יאהאן יאבלאנסקי, ביי אזא סצענע, וויא יוסט

האט אמאָל געטראָפען דעם אלטען יאבלאָנסקי מיט רענינאן. אויף רענינאס פלאטץ וועט יעצט פיגורירען דיא מאדאם אמעליא דע־קרים און יוסטס ראָליע וועט איבערנעהמען דער אלטער גראף יאבלאָנסקי אליין.... קום שנעל, ליעבער מארטין. דוא וועסט מיך מיט קוראָפאטניקען אויף דארט טרעפען.

דיין יונגענדפריינדין ד י א ב אָ ל י נ א".

זיא האט דעם בריעף אריינגעלייגט אין א קאנווערט, האט ארויף געטאהן „אקאב׳ן און האט איהם געהייכען, ער זאל דיעזען בריעף איבערגעבען דעם מאן, וואס מוז דיא מינוט אהער קומען.

## נב.

## פון א טיגער א שעפעלע.

דער גראף פעטער יאבלאָנסקי איז צוריק אהיים געקומען זעהר אויפגע־רעגט. ער האט יעצט געמאכט אזא שריט, וואס ער האט קיין מאל ערוואר־טעט דאס צו טאהן. איז איהם ווען איינגעפאלען דער געדאנק, אז ער וועט ארויסנעהמען א פערהאפטסבעפעהל געגען זיינען זאהן יאהאן, וועלכען ער האט וויא מען זאגט, פון דער פריהעסטער יוגענד אן געגאָסען נאלד אין האלז און נאך בעסאָר יאָהאן האט עטוואס פערלאנט, איז דאס שוין בעשאפען געווארען, עס האט געמענט קאָסטען טויזענדער רובעל. האט ער ווען גערעכנט, אז יאהאן, וועלכען ער האט אבגעהיט וויא דיא אויגען אין קאָפף און האט פאר איהם גאנ־צע אוצרות געעפענט, אז דיעזער יאהאן וועט געגען איהם מיט אזא פרעכהייט ארויסטרעטען און ויעט אויף שריט און טריט פון איהם מאכען א בארג אש?

מערקווירדיג, זייט ער האט מארטינס בריעף געלעזען, איז ער גאר אני־דער מענש געווארען. ער האט געגען זיין ווילען אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר א שענדליך לעבען ער האט פערבראכט, וויא טיראניש ער האט טוי־זענדער מענשען בעהאנדעלט און וויא שלעכט ער האט זיין געליעבטען זאהן יא־האן ערצאָגען.

אבוואהל ער האט פיעלע מאל זיך בעמיהעט, זיך זעלבסט צו פערענטפע־רען און זיך ריין וואשען, אבער דאס געוויסען האט אין איהם וויא געשריען: דיא ביזט א מערדער און דיין זאהן איז נאך א גרעסערער שורקע אין טענשענ־פרעסער פון דיר.

פון יענער נאכט אן, וואס ער האט מארטינס שריפטען געלעזען, האט ער

אנגעהויבען אויף זיין יאהאנען מיט אנדערע אויגען צו קוקען, און זיין גרויסע ליעבע צו איהם האט זיך פערלאָשען.

ער האט זיך נאך איין מאל געפריווט יאהאנען בעטען מיט גוטען, ער זאל זיך אויף א גוטען וועג שטעלען און זאל הייראטהען דיא פריילין זשאנעטא דע־קרים, וועלכע ער האט אין א בלאטע פערשלעפּט. ער האט פאר איהם געוויינט מיט ביטערע טרערען, אבער יאָהאן האט זיך פון איהם אויסגעלאַכט און האט געענטפערט, אז ער פערשטעהט, דאס דער פאטער שפּיעלט נור פאר איהם א קאָמעדיע און ער וועט זשאנעטאן אנדערש נים הייראטהען וואו דיא אַקטריסע דיאבאלינא וועט איהם דאצו ערלויבניס נים געבען.

דאס האט דעם גראף אזוי אויפגערעגט, דאס ער האט זיך בעשלאָססען איין מאל פאר אלע מאל אנ׳ענדע מאכען צו דעם זאהנס סקאנדאלען, און ער האָט, וויא מיר ווייסען, ארויסגענומען א פערהאפטס בעפעהל געגען יאהאנען.

אך, וויא אונגליקליך ער האט זיך אין יענעם טאג געפיהלט, ווען ער האט בעדאַרפט געבען דיא פאליציייסקע סאלדאטען דאס רעכט, צו טאהן מיט יאהא־נען וואס זיי ווילען.

ער האט געוואוסט, אז דאמיט ערערנט ער יאהאנס כעס געגען זיך ביז דער לעצטער שטופּע און דער לעצטער פונק ליעבע, וואס האט נאך פיעלייכט אין דעם יונגען מאנס ברוסט געגליהט פאר איהם, האט זיך מיט דיעזען טהאט פערלאָשען. היינט וואס וועלען אלע אריסטאָקראטען זאגען, ווען זיי וועלען ער־הערען, אז ער האט זיין זאהן פערהאפטעט? מען וועט דאך איבעראל פון איהם ריידען, מען וועט דאך פון איהם לאכען און ער וועט זיך נים קענען ווייזען אין קיין געזעללשאפט.

אבער אזוי מוז עס געשעהן — האט ער זיך בעשלאָססען — עס קען זיין, אז יאהאן וועט זיך אנדערש בעזינען און וועט זיך בעדענקען, אז עס איז פיעל גלייכער צו הייראטהען אזא שעהן מעדכען וויא זשאנעטא איז, איידער צו נעהן אין געפענגניס.

אבערמאלס האט זיך פאר זיינע אויגען געמאָהלט דער קאָנטראסט צווי־שען יאזעפוס׳ן און יאָהאנען. ביידע זיינען זיינע זין, אבער וואס פאר אנ׳אונ־טערשיעד צווישען זיי איז: יאהאן האט זיך ערצאגען בעסער אלס א פּרינץ און איז זא פערדאָרבען, וועהרענד יאָזעפוס האט זיך ערצאָגען אין גרעסטען מאנגעל און אין גרעסטען נאָטה און איז א מאן מיט א זעלטענעם תאראקטער.

ווארום זאל איך יאָזעפוס׳ן פון זיך פערשטויסען? — האט ער זיך זעלבסט

נעפּרענט — אין דען ניט גענוג דיא ליידען וואס ער האט ביז אהער נעהאט? זאל איך איהם נאך גרעסערע שמערצען פערשאפען און איהם לאזען שמאכטען אין געפענגנים? וואס האב איך צו איהם? וואס פאר א שלעכטס האט ער מיר געטאהן?

אלס ער איז אזוי נעזעסען פערטיעפט אין זיינע פינסטערע געדאנקען, האט איהם דער קאמערדיענער געמעלדעט, אז אנ'אלטע פרויא ווינשט מיט איהם צו שפרעכען.

— וויא הייסט זיא? — האט דער גראף געפרעגט.

— זיא זאגט. אז זיא איז דיא פרויא פון דעם פאכטער, וואס וואהנט אין אייער דארף.

— שמיריקס פרויא? — האט יאבלאנסקי ערפרייעט אויסגערופען — גע־שווינד, פיהר זיא אריין אהער.

זייט סימאן האט דעם גראף געזאגט, אז דיא אונגליקליכע מאריא יאזע־פוס איז געשטארבען ביי דעם פאכטער אין הויז, האט יאבלאנסקי זעהר געוואלט ריכטיג ערפאהרען, וויא קומט דיא אונגליקליכע צו דעם פאכטער אין הויז. יעצט האט ער דיא בעסטע געלעגענהייט דאס אלעס צו ערפאהרען פון דער פאכטע־רין אליין.

דיא טיהר האט זיך אויפגעעפענט און דיא ארמע ציפקע, שמיליק דעם פאכטערס ווייב, איז אריינגעקומען. זיא האט אויסגעזעהן שרעקליך. קוקענדיג אויף איהר, האט מען געקענט מיינען, אז מען זעהט פאר זיך א סקעלעט, וואס איז ערשט פון זיין קבר ארויסגעקראכען.

זיא איז אריינקומענדיג, געפאלען פאר דעם גראף אויף דיא קניע און האט אויסגערופען:

— אָ, גנעדיגער גוטער גראף! האט מיטלייד מיט מיין מאן און מיט מיין טאכטער. זעקס וואכען איז מיין מאן קראנק געלעגען ביי איינעם פון דיא גוטע מושיקעס פון אייער דארף. איך האב שוין ניט מעהר געהאפט ער זאל לע־בען, נור גאט האט אויף אונז אלע רחמנות געהאט און האט איהם זיין רפואה געשיקט. ער איז שוין געזונד. דער מושיק, וועלכער האט איהם אין זיין הויז געהאלטעז, קען איהם מעהר אין זיין ענגער וואהנונג זאגאר איין טאג ניט לאזען זיצען, און מיר קענען זיך קיין ראטה געבען, וואס יעצט צו טאהן. האט דאך מיטלייד, גוטער העררה, און לאזט אונז ווייטער וואהנען אין דעם הויז וואו מיר

האבען זא לאנג געלעבט. זאנסט קומט אונז אויס חאָטש זיך אין וואסער אריינ־צואווארפען.

— גוט — האט יאבלאנסקי געענטפערט — איך וועל אייך דיא גנאדע טאהן, אבער איהר מוזט מיר אויך א געפעלינקייט טאהן.

— הייסט מיר לויפען אין פייער, וועל איך לויפען, אבי לאזט מיין מאן מיט מיין קינד וואהנען אונטער א דאך.

— זאגט מיר נור, ביי אייך אין הויז האט געוואהנט א פרויא מיט דעם נאמען מאריא יאזעפוס?

— יא, גנעדיגער גראף.

— וויא קומט זיא צו אייך?

— דאס איז נאנין איינפאך. איהר זאהן יאזעפוס איז צו אייך אלס קא־מערדינער אנגעקומען, האט ער זיא אויך אין דעם זעלבען דארף ארויסגערופען, ווייל זיא איז ניט לאנג פון האספיטאל ארויסגענאנגען און ער האט געפירכטעט, זיא זאל אבערמאלס ניט קראנק ווערען, זיטצענדיג צווישען פרעמדע מענשען.

— און ווער האט אויף איהר אכטונג געגעבען, אלס זיא וואר ביי אייך אין הויז?

— איך, מיין טאכטער און......

— ווער נאך? זאגט, שרעקט זיך ניט.

— דער מענש, וואס איז בעקאנט אונטער דעם נאמען קראָליקפּרעססער. ער פלעגט יעדען טאג קומען זיא בעזוכען און האט פאר איהר געזארגט וויא דער־בעסטער פריינד. אויך יאזעפוס פלעגט זיא יעדען אבענד בעזוכען.

— און וואו איז זיא געוועזען נאכדעם אז איך האב אייך פון אייער הויז ארויסגעווארפען?

— ביי דער ארמער וויטווע אנאסטאסיא, וועלכע וואהנט נעבען וואלד.

— און זיא איז געשטארבען?

— ניין, זיא לעבט.

— וואס? זיא לעבט? — האט דער גראף אויסגערופען, אויפשפרינגענד פון זיין ארט — איך האב דאך געהערט פון א געוויסען מענשען, אז זיא איז גע־שטארבען.

— מען האט ווירקליך איין מאל געמיינט אז זיא איז טויט, זיא איז אזוי אבגעלעגען צווייא שטונדען וויא א טויטע, אבער נאכדעם האט זיא אנגעהויבען צו זיך קומען און האט דיא אויגען געעפענט. דער גוטער סימאן האט אלע

קרעפטע אנגעווענדעט, זיא נעזונד צו מאכען און דאס האט איהם אויך געלונגען.

— אזוי ? איז מאריא ניט געשטארבען ? — האט דער גראף ערפרייעט נעפרענט — זיא לעבט ?

— יא, גנעדיגער גראף — זיא לעבט און פיעלט זיך זעהר גליקליך.

— גליקליך ? אין וואס בעשטעהט דען איהר גליק ?

— זיא איז גליקליך ערשטענס דאמיט, וואס איהר זאהן יאזעפוס איז בעפרייעט געווארען פון געפענגניס, דען זיין אונשולד איז בעוויעזען געווארען. מען האט ריכטיג ערפאהרען, אז ער איז מיט דעם מערדער קוראפאטניק קיין מחותן ניט. צווייטענס איז זיא גליקליך דאמיט, וואס איהר טאכטער לעבט

— איהר טאכטער ? -- האט דער גראף, אויסער זיך פאר ערשטוינגען, אויסגערופען — וויא קומט צו איהר א טאכטער ?

— ווייס דען דער גנעדיגער גראף ניט, אז דאס מעדכען קאטינקא איז איהר טאכטער ?

— וועלכע קאטינקא ? דיא וואס איז דערטרונקען געווארען ?

— יא, דיא זעלבע, גנעדיגער הערר. אבער זיא איז ניט ערטרונקען געווארען, זיא לעבט.

— אויך זיא לעבט ? און זיא איז מאריאס טאכטער ?

— יא, הערר גראף. דער גוטער סימאן האט זיא גערעטטעט פון טויט און האט זיא בעהאלטען, ביז מען האט ערפאהרען, אז איהר קינד איז מיט א נאטירליכען טויט געשטארבען און זיא, קאטינקא, האט אין דעם טויט פון דאס קינד קיין שולד.

— איך פעשטעה דא גאר נישט — האט דער גראף געזאגט — האט דען מאריא א מאן ?

— ניין, גנעדיגער גראף. מיט איהר האט א שרעקליכע געשיכטע געטראפען. א גרויסער באנדיט האט זיך בענוטצט מיט איהר משוגעת און האט זיא צו א זינדע געבראכט. דיא פריכטע פון דיעזער זינדע וואר א מעדכען. דאס קינד האבען גוטע מענשען איבערגעגעבען צו א פרוי, זיא זאל עס ערציהען, אבער דער באנדיט, דער פאטער פון דאס קינד, האט עס פון דער פרויא אבגענגנבעט און האט עס אליין געוואלט ערציהען. סימאן האט פון דעם ערפאהרען און, איך וויים ניט וויא אזוי, אבער ער האט דאס קינד צוריק פון פאטער אבגענומען און

האט עס איבערגעגעבען צו איוואן דעם פאסטוך, ער זאל זיא ערציהען. איוואן האט זיא ווירקליך וויא אנ׳איינען קינד ערצויגען, קיינער האט געוואוסט ווער זיא איז, ביז דער נאכט, אין וועלכער זיא האט זיך אין וואסער אריינגעווארפען. ערשט דאמאלס האט מאריא דורך א צופאל ערפאהרען, אז קאטינקא איז איהר קינד.

— וואס איז דאס געוועזען פאר א צופאל?

— קאטינקאס פאטער, דער באנדיט, האט נאך אין זיך אזויפיעל מענשליכקייט געהאט, דאס ער האט איוואנען איבערגעגעבען פאר זיין קינד א קעסטעלע מיט געלד, ער זאל דאס איהר איבערגעבען אלס זיא וועט אכטצעהן יאהר אלט ווערען, איוואן האט דאס קעסטעלע איינגעשמירט אין דעם אייוועז פון דער פוסטער מיהל. אין דעם זעלבען טאג, ווען מען האט געפונען קאטינקאס טויטען קינד, האט איוואן איהר געהייסען געהען זוכען אין מיהל, דען ער האט געפיהלט, אז ער האלט ביים שטארבען. זיא האט דאס ערצעהלט מאריאן, וועלכע זיא האט זעהר ליעב בעקומען, ניט וויסענדיג אז זיא איז איהר מוטער, און מאריא אליין איז מיט איהר געגאנגען צו דער מיהל, זעהן וואס דארט איז פערשטעקט. זייא האבען דארט ווירקליך געפונען דאס קעסטעלע מיט געלד און מאריא האט באלד ערקאנט, אז דאס קעסטעלע איז איהרס, וועלכע יענער באנדיט האט פון איהר צוגענומען נאך דער זינדע וואס ער האט בעגאנגען. גראדע אין דער מינוט זיינען דיא זשאנדארמען אנגעלאפען און קאטינקא האט, וויא איהר ווייסט, זיך אין טייך אריינגעווארפען. שפעטער איז אלעס ערקלערט געווארען און מאריא האט ערפאהרען, אז קאטינקא איז איהר טאכטער.

— דאס איז מערקווירדיג! — האט דער גראף אויסער זיך פאר ערשטוינען געזאגט — איך וואלט דאס ניעמאלס געגלויבט. אלזא איז יעצט מאריא מיט איהר טאכטער צוזאממען?

— יא, גנעדיגער גראף.

דער גראף האט איינינע מינוטען געטראכט און האט געזאגט:

— גוט, איך בין דיר זעהר דאנקבאר פאר דיא נייעס וואס דוא האסט מיר ערצעהלט. נא דיר א בריעף צו מיין עקאנאם, און ער וועט פאר אייך אבערמאלס עפענען דיא טיהר פון דעם הויז וואו איהר האט געוואהנט. דאס געלד וואס מיר קומט פון אייך, שענק איך אייך.

— אָ, גוטער, עדלער גראף! — האט דיא פרוי איבערראשט אויסגערו־

פען — איך זעה יעצט, אז איהר זייט א מלאך. מיר וועלען אלע פאר אייך גאט בעטען, ער זאל אייך שענקען גליק און א לאנגעס לעבען.

דער גראף האט אנגעשריעבען א בריעף צו זיין עקאָנאָם און האט עס איהר איבערגעגעבען.

זיא האט נאך אמאל מיט טרערען איהם געדאנקט פאר זיין גרויסער גנא־דע, און איז שנעל ארויסגעגאנגען.

דער גראף איז אבערמאלס געבליעבען פערזונקען אין זיינע געדאנקען. איהם האט געפרייעט, וואס דיא אונגליקליכע מאריא, דער אָפּפער פון זיינע אונמענש־ליכקייט, איז לעבען געבליעבען. ער וואר אויך צופריעדען דאמיט, וואס קאטינ־קא, דער אָפּפער פון זיין זאהנס ליידענשאפט, איז פון טויט זא וואונדערבאר גערעטעט געווארען.

עס קען נאך אלעס גוט ווערען — האט ער צו זיך אליין געזאגט — מא־ריאן וועל איך אבשיטען מיט געלד, זיא־זאל קענען אין אלע פערגעניגען לעבען. איך וועל הייראטהען דער מאדאם דע־קרים, דיעזע עדלע, גוטע פרוי וועט מיר מיין לעבען האניג זיס מאכען און איך וועל קענען דיא לעצטע יאהר פון מיין לע־בען אנדערש פערברייננגען וויא ביז אהער. דיא פראגע איז אבער, צו וועט יאָ־האן זיך לאזען ביינען און הייראטהען איהר טאכטער? ווען ער וועט דאס ניט וועלען, וועט אמאליא מיט מיר אויך ניט וועלען הייראטהען, דאן בין איך איינער פון דיא אונגליקליכסטע, דען איך ליעב זיא מיט לייב און זעעלע. איך פערנע־טער זיא און איך בין פערטיג א האלב לעבען אבצוגעבען פאר איהר ליעבע.

ער האט נאך דיא ווארטען ניט געענדיגט, האט דער קאמערדיענער אריינ־געטראגען א בריעף.

דעם בריעף האט געבראכט א פרוי, וועלכע האט א געדיכטען שלייער אויף איהר געזיכט געטראגען — האט דער בעדיענטער געמעלדעט — זיא האט געזאגט, אז איך זאל אייך דיעזען בריעף דיא מינוט איבערגעבען, דען ער ענט־האלט אין זיך זעהר א וויכטיגען, שרעקליכען בעריכט.

דער גראף האט א חאפּ געטאהן דעם בריעף. דאס הערץ האט איהם געזאגט, אז ער ענטהאלט אין זיך עטוואס שרעקליכעס. מיט ציטערנדע הענד האט ער איהם אויפגעעפענט און האט געלעזען פאלגענדעס:

„הערר גראף!

„אייער זאהן יאהאן, וועלכער געהט אימער אין אייערע וועגען האט יעצט געטאהן דאס זעלבע, וואס איהר האט אמאל געטאן דער פירסטין רעגינא סאל־

טיקאָו. ער האט פערנאַרט דער מאדאם דע־קרים אין דעם פּוסטען הויז, נומ. 20 מעדיצינישער פערעאולאק. זיי זיינען יעצט ביידע דארטען. איהר האט נאך צייט אנ'אונגליק צו פערהיטען, ווען איהר וועט דיא מינוט אהין פליהען.

אייערע א בעקאנטע".

וויא פון דאנער געטראָפען, איז דער גראף געבליעבען איינינע מינוטען אונ־בעוועגט אויף זיין שטוהל. פּלוצלינג איז ער פון זיין ארט אויפגעשפרונגען, האט געחאַפּט זיין רעוואלווער און איז פון זיין הויז ארויסגעלאפען.

## נג.

## דיא קאַטאַסטראָפע.

דיא לעזער מוזען געוויס געדענקען, וויא פיעל שמערצען אמעליא דע־קרים האט געהאט פון דעם, וואס איהר ליעבע טהייערע איינציגע טאכטער זשאנעטא איז פערפיהרט געווארען אין א בלאָטע דורך דעם אונמענשען יאהאן. זיא וואלט געוויס, אויס ברענענדען צארן צו דעם שטיינערנעם יונגען מאן, איהם א קוגעל אין קאָפּף ארייננעשאסען. אבער דער געדאנק, אז איהר טאכטערס עהרע קען גערעטטעט ווערען נור דאן, ווען יאהאן וועט זיא הייראטהען, דיעזער געדאנק האט זיא געצוואונגען, זיא זאל זיך צו דעם פערפלוכטען יאהאן ווייזען פריינדליך, אום זיא זאל קענען איהם מיט גוטע ווארטען בעוועגען, ער זאל איהר טאכטער הייראטהען. צו דעם צוועק האט זיא איהם געשמייכעלט און גענלעט וויא א קאפּריזנע קינד און האט אלע זיינע ווינשע ערפיעלט.

מיר זעהען יעצט, וויא יאהאן קומט צו איהר אריין און זיא עמפּפאנגט איהם מיט מוטערליכע צערטליכקייט.

— דוא ווייזט אויס זעהר בלאס, מיין קינד — האט זיא צו איהם געזאגט, אלס ער איז צו איהר צוגעגאנגען מיט א פריינדליכען גוטען טאג.

— דאס איז דערפאר, וואס איך האב דיא נעכטינע נאכט זעהר ווענינ געשלאָפען — האט ער געענטפערט — אבער בעאונרוהיגען זיי זיך ניט, מאדאם, איך פיהל זיך פאלקאמען געזונד.

— אָ, יאהאן! — האט זיא זעהר פריינדליך אויסגערופען — וויא טוהט מיר דאס הערץ וועה אויף דעם, וואס דוא היטסט ניט דיין געזונד און פער־ברייננסט דיא נעכט אין שלאפלאזיגקייט. דאס שאדעט זעהר צום געזונד. גיעב נאט, ריר זאל דאס ניט שאדען.

— וויא גוט איהר זייט, מאדאם! — האט אויך יאהאן צערטליך געזאגט איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר אייער בעזארגניס וועגען מיר, אבער איך קען אייך בערוהיגען, אז פון היינטיגען אן וועל איך אנ׳אנדער ארט לעבען אנהויבען צו פיהרען, מעהר וועל איך אין געזעללשאפט ניט פערברייננגען ביז שפעט אין דער נאכט. איך וועל מיך בעסער לייגען פריה שלאפען און פריה אויפשטעהן.

— בראוואָ! דאס איז א גליקליכע אידעע — האט אמעליא ערפרייעט אויסגערופען — דו וועסט פיעל געזינטער ווערען און דאס וועט דיך אויך צו פיעלע גוטעס פיהרען.

— יא, מאדאם — האט יאהאן מיט א גוט געמאכטע ערנסטע מינע גע־זאגט — איך האב מיך בעשלאססען אין גוטע, זעהר גוטע וועגען צו געהן, דען איך בין צום שכל געקומען און האב אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז איך האב פיעלע פעהלער געמאכט אין מיין לעבען. איך האף אבער, אז מיט דיא גוטע טהאטען וואס איך וועל אנפאנגען צו טאהן, וועל איך אלע יענע פעהלער פער־דעקען. צו אלעם ערשטען וויל איך מיך בעמיהען צו פערבעסערען דיא לאגע פון ארמע, אונגליקליכע מענשען.

— וויא שעהן דאס איז פון דיר, ליעבער יאהאן. דו מאכסט מיך מיט זאלכע ווארטען שטאלץ און גליקליך.

— ווילט איהר מיין העלפערין אין זאלכע וואלטהאטען זיין?

— צו איך וויל? טאהן גוטעס מיט ארמע לייטע איז מיין גאנץ פער־געניגען.

— ווילט איהר, מיר זאלען יעצט מאכען דעם אנפאנג?

— וואס מיינסט דו מיט דיעזע ווארטען?

— איך האב ערפאהרען, אז אין דעם מעדיצינישען פערעאולאק, אין דעם הויז נומ. 22, געפינט זיך אנ׳ארמע פאמיליע וועלכע שמאכטעט אין הונגער. דער פאטער פון דיעזער פאמיליע איז מיט א קורצע צייט צוריק געשטארבען און זיין וויטווע מיט איהרע זעבען קליינע קינדער זיינען דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט.

— אך, אום גאטעס ווילען, לאמיר זיי העלפען, גוטער יאהאן.

— ווילט איהר, מיר זאלען ביידע יעצט אהין פאהרען?

— מיט דעם גרעסטען פערגעניגען.

— אלזא זייט זאָפּיעל גוט און קומט מיט מיר. פאר דער טיהר שטעהט אנ'עקיפּאזש, כאָמיר זיך אין איהם ארייגזעטצען און פאהרען אהין.

— איך בין פערטיג צו דיעזער אנגענעהמער רייזע — האט אמעליע גע־זאגט, אויפשטעהענד פון איהר ארט. איז פיעלייכט א פּלאַן, מיר זאלען זשא־נעטען אויך מיטנעהמען?

— ניין, דיא ארמע לייטע וועלען זיך דרשרעקען, ווען זיי וועלען אין זייער וואהנונג צופיעל פרעמדע מענשען פּלוצלינג דערזעהן. עס איז גענוג, ווען מיר ביידע וועלען אהין פאהרען.

— זאל זיין אזוי. איך פאהר מיט דיר דיא מינוט.

זיא האט אויף זיך ארויפגעחאפּט איהר מאנטעל און זיי זיינען ארויסגע־גאנגען פון שטוב.

זיי האבען זיך ביידע ארייגעזעטצט אין דעם עקיפּאזש וואס איז ביי דער טיהר געשטאנען און יאהאן האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין דעם מע־דיצינישען פערעאולאָק.

עס האט לאנג ניט געווערט, איז דער עקיפּאזש שטעהן געבליעבען פאר דעם נומ. 20 אין יענעם פערעאולאק.

יאהאן האט געהאלפען אמעליען פון דעם עקיפּאזש ארויסקריכען און איז מיט איהר ארייגעגאנגען אין דעם אלטען הויז, וועלכער וואר אונבעוואהנט.

מיין גאטט! — האט זיא אויסגערופען, אלס זיא האט אין דעם קארדי־דאר ארייגעטראָטען און א שרעקליכער געדויך איז איהר אריין אין דער נאז. אין אזא הויז וואהנען דאך מענשען!

— וואס קענען געבען דיא אונגליקליכע טאהן? — האט יאהאן זיפצענד געענטפערט.

— וואו וואהנען דיא ארמע?

— אויף דעם דריטען שטאָק.

און ער האט זיא ארויפגעפיהרט צו דעם דריטען שטאָק. דארט האט ער אנגעהויבען צו קלאפּען אין דער טיהר, וויא ער זאל ערוואַרטען יעמאנד זאל איהם ענטפערען און דיא טיהר עפענען. אלס אבער קיינער האט געענטפערט, האט יאהאן געזאגט:

— איך האב גאר פערגעסען, אז דיא לייטע ציטטערן צו עפענען פאר פרעמדע מענשען דיא טיהר, דארום האבען זיי מיר געגעבען א שליסעל, איך זאל קענען צו זיי ארייגעהן, ווען איך וועל וועלטן.

ער האט ביי דיעזע ווארטען ארויסגעיומען א שליסעל פון דער טאָש און האט דיא טיהר געעפענט.

אמעליא איז מיט איהם אריינגעקומען אין א גרויסען פוסטען צימער.

— דא וואהנט דאך קיינער — האט זיא ערשטוינט געזאגט.

— יא, מאדאם — האט ער יעצט זעהער שטרענג געענטפערט — דא וואהנט ווירקליך קיינער, און איך האב אייך אהער געבראכט נאר צוליעב אַנאנדער ציעל.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווארטען? — האט זיא ערציטטערט גע־פרעגט.

— איך האב אייך אהער געבראכט, אום פון אייך ראכע צו נעהמען דער־פאר, וואס צוליעב אייך וויל מיך מיין פאטער צווינגען, איך זאל הייראטהען אייער טאכטער, וועלכע איך האס וויא דעם טויט. איך ווייס, אז דאס שטאמט פון אייך. איהר האט איהם געשטעלט א בעדינגונג, אז אויב איך וועל ניט הייראטהען זשאנעטאן, וועט איהר אירם ניט וועלען הייראטהען. דערפאר מוזט איהר האָרט בעשטראפט ווערען.

— וואס פאלט דיר איין, יאהאן? — האט אמעליע נאך מעהר ערשראָקען געזאגט — דוא האסט א שוואכע פרויא אהער אריינגענארט, אום זיא דא צו בעשטראפען?

— יא, מאדאם, איהר זאלט בעשטראפט ווערען. איך וועל אייך דא פער־שליסען, אום איהר זאלט דא פון הונגער שטארבען. דאס וועט זיין מיין ראכע ערשטענס אן אייך, דערפאר וואס צוליעב אייך האב איך זא יעל שמערצען, און צווייטענס פון מיין פאטער, פאר זיינע גראָבהייטען. איך ווייס, וויא היים ער ליעבט אייך און איך וויל מאכען, אז ער זאל יעצט זיין געליעבטע אויף אימער פערליערען.

— אום גאטעס ווילען, יאהאן! — האט אמעליע געשטאממעלט, ציטע־רענד ביי אללע גליעדער — דוא ווילסט אזא מאָרדטהאט בעגעהן? ווען עס איז יא אזוי, טעדטע מיך מיט איין מאל, אבער לאז מיך ניט זיך קוועלען און שטאר־בען א הונגערטויט

— אייך וועט קיין זאך העלפען. איהר מוזט דא פערשלאָססען בלייבען ביז איהר וועט שטאָרבען — האט דער שטיינערנער מענש גאנץ רוהיג געענט־פערט און האט געוואלט ארויסגעהן.

— ניין, יאהאַן, איך לאָז דיך פון דאַנען ניט געהן — האָט אַמעליע גע־זאַגט, איהם ערגרייפענד ביי דער האַנד — איך וועל מיך ליעבערסט לאָזען פון דיר טויט שלאָגען, אַלס פערבלייבען דאָ און פערהונגערען.

— פאָרט פון מיר! — האָט יאהאַן אויסגערופען און האָט זיא אַזאַ שטויס געטאָהן פון זיך, דאָס זיא איז אָפּגעשפּרונגען אייניגע טריט אַהינטער און איז געפאַלען.

אין דער מינוט האָט אַ שרעקליכער קראַך פון אַ רעוואָלווער דאָס גאַנצע הויז ערציטטערט.

דער אַלטער גראַף יאַבלאַנסקי איז גראַדע אין ד'ער מינוט אַריינגעלאָפען און, דערזעהענדיג וויא זיין זאָהן האָט אַמעליען פון זיך אַ שטויס געטאָהן, האָט ער אויסגעשאָסען און יאהאַן איז מיט אַ געלעכערטער ברוסט אַנידערגעפאַלען צו באָדען.

אַמעליאַ איז פון דער ערד אויפגעשפּרונגען און איז וויא פּערריקט אַרויס־געלאָפען פון דעם שרעקליכען הויז. דער אַלטער גראַף יאַבלאָנסקי איז שטעהן געבליעבען וויא אַ סטאַטויע, פאַר זיין זאָהן, וועלכער איז געלעגען אויף ד'ער ערד און האָט זיך געראַנגעלט מיט דעם טויט.

דערזעהענדיג זיינען זאָהן ליעגענדיג אויף דער ערד האַלב טויט און פון זיין וואונדע גיעסט זיך בלוט, איז פּעטער יאַבלאָנסקי אַזוי צידולט געוואָרען, דאָס ער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט. ענדליך האָט ער זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף דיא קניע פאַר יאהאַנען און האָט אַנגעהויבען פירכטערליך צו וויינען.

— איך האָב מיינען זאָהן ערמאָרדעט — האָט ער געקלאָגט — אָ, יאהאַן, מיין אונגליקליכער יאהאַן, איך האָב דוך זאָ יונג אין גראָב פערטריעבען.

יאהאַן איז געלעגען מיט צוגעמאַכטע אויגען. זיין געזיכט איז פון מינוט צו מינוט בלאַססער געוואָרען. ענדליך האָט ער אויפגעעפענט דיא אויגען און, דער־זעהענדיג נעבען זיך זיין פאַטער, האָט זיך געוויעזען אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּ־פען און ער האָט מיט אַ שוואַכער שטיממע אויסגערעדט:

— אָבער דוא וועסט דיין געליעבטער אַמעליאַ ניט הייראַטהען. איך האָב אויסגעפיהרט.

און באַלד נאָך דעם האָט ער דיא אויגען צוריק צוגעמאַכט. איהם האָ־בען ערגריפען קאָנוואולסיאָנען. עס האָט לאַנג ניט געוועהרט, איז ער געבליע־בען ליעגען טויט.

דער גראף איז אויף איהם ארויפגעפאלען און האט איהם מיט זיינע קיס־סע און טרערען בעדעקט. ער וואר זא פערטיעפט אין זיינע שמערצען, דאס ער האט ניט געזעהן דיא דרייא מענשען, וואס זיינען געשטאנען אין דער אָפענער טיהר און צווייא פון זיי האבען מיט לאכענדע געזיכטער אויף דער בלוטיגער סצענע געקוקט.

דיעזע דרייא מענשען ווארען: יאזעפוס, דיאבאלינא און קוראפּאטניק.

## נד.

## א וואָהלטהאַט פון א מערדער.

דיא מענשען, וואס זיינען פון דער נאטור גוט און עדעל, ווען זיי ווערען דורך שלעכטע מענשען פערלאקט אין א שלעכטער וועג און ווערען געצוואונגען מיט גוואלד פערדארבען צו ווערען, דיעזע לייטע, אבוואהל זיי ווערען שוין מיט דער פערדאָרבענהייט זא געוואהנט, דאס זיי טוהען דיא שרעקליכסטע פערברעכען גאנץ גלייכגילטיג, פון דעסטוועגען גליהט נאך טיעף אין זייערע הערצער א פונק פון געוויססענביססע און פון דיעזען קליינעם פונק ערגליהט א שרעקליכער פלאם פון האס צו דיא לייטע, וואס האבען זיי פערדאָרבען, וויא אויך צו זאכע פער־זאָנען, וואס האבען זיי זעהר לייכט געקענט רעטטען און זיינען דאך געשטאַנען פון וויטען גאנץ גלייכגילטיג און האבען זיך ניט געקיממערט וועגען דעם שיקזאל פון דיא אונגליקליכע.

אויך דיא שעהנע דיאבאלינא, וועלכע איז אין איהר פריהעסטער יוגענד אבגעריסען געווארען פון איהרע עלטערען און איז פערלאָקט געווארען אין א פער־דאָרבענער געזעללשאפט, וואו זיא האט איינע שרעקליכע ערציהונג ערהאלטען, אנ'ערציהונג, וואס האט זיא צו פיעלע זינדע געבראכט און האט זיא פון איין אונגליק צום צווייטען איבערגעגעבען, אויך זיא האט געטראגען א שרעקליכען האס צו דיא ענגאָיסטישע מיליאָנערע, וועלכע באָדען זיך אין אלל דאס גוטס און פערשווענדען טויזענדער, וועהרענד צעהנדליגע טויזענדער מענשען שמאכטען אין גרעסטען ארמוטה און זיינען געצוואונגען צו בעגעהן פיעלע זינדע, אום זייער לעבען צו מאכען.

בעזאנדערס איז זיא אויפגעבראכט געוועזען אויף דיא גראססמוטהיגע רייכע פערזאָנען וועלכע האבען זיא, וועהרענד זיא וואר איינע פון דיא אונגליקליכ־סטע, מיט דער גרעסטער הערצלאָזיגקייט בעהאנדעלט. זיא האט ניט געקענט

פערגעסען, וויא יאהאן האט זיא, יעדעס מאל ווען דער צופאל האט זיא מיט איהם צוזאמעננעבראכט, גרויזאם בעהאנדעלט און נאך דאן, ווען זיא וואר א שוואכעס, הילפלאָזעס קינד, האט זיא איהם געשוואָרען ראַכע.

צו איהרעביידע יוגענדפריינד, וועלכע האבען אין איהרע קינדישע יאהר מיט איהר אלע איהרע ליידען געטהיילט, איז זיא געווען צוגעבונדען מיט לייב אונד זעעלע און, אבוואהל זיא איז יעצט געשטאנען העכער פון זיי, וויא דער הימעל פון דער ערד, פון דעסטוועגען האט זיא זיי ביידען אלס ב־ידער בעטראכט און זיא איז פערטיג געווען פאר זיי זיך אויפצואָפּפערען. דארום איז קיין וואונדער, וואס זיא איז אויך אויף דעם אלטען גראף יאבלאָנסקי שרעקליך צאָרניג געווען דערפאר, וואס ער האט זיין זאהן יאזעפוס פון זיך פערשטויסען און האט איהם געלאזט ער זאל אימּמער ליידען הונגער און געהן נאקעט און בארפוס, אין דער צייט ווען ער האט זיין צווייטען זאהן, דעם ניעדערטרעכטיגען יאהאן, געלאָזט פערשווענדען אונגעהייער גרויסע סוממען גאָלד אויף דיא שענדליכסטע פערגעניגענס.

זייט זיא האט איהר גרויסען נאמען בעקומען און זיא האט אנגעהויבען א גרויסע ראָליע צו שפּיעלען צווישען דיא רייכע אריסטאקראטען, וויא אויך אויף דער ביהנע, האט זיא געזוכט פּלענער, דיא ביידע גראַפען, דעם טאטען מיט דעם זאהן, אין אונגליק צו שטירצען. זיא האט געוואוסט, וויפיעל אָרדענטליכע אונשולדיגע מעדכענס, יאהאן האט פון גלייכען וועג אראָפּגעפיהרט און האט זיי אין גרעסטען עלענד איבערגעלאָזט. זיא האט אויך געוואוסט פון דעם אונגליק, וואס דער הערצלאָזער, שטיינערנער יאהאן האט געבראכט אויף דער ארדענטליכער קאַטינקאַ, קוראַפּאטניקס טאכטער, און דאס האט איהר כעס פערדאָפּפעלט. זיא האט ניט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען א קבר פאר דיעזע ביידע גראַפען, ביז איהר פּלאַן איז אויסגעפיהרט געווארען.

באלד וויא יאהאן איז פון איהר הויז ארויסגעגאנגען איז זיא אריינגעלאָפען אין דעם צימּמער וואו קוראַפּאטניק איז געווען און האט איהם ערצעהלט פון דעם וועג, וואס זיא האט געמאכט פאר דעם פערפיהרער פון זיין טאָכטער, ער זאל געהען גלייך צום טייפעל.

קוראַפּאטניק איז אויסער זיך געווארען פאר פריידע. וויא פערדאָרבען ער איז געווען, האט ער דאָך אין זיך געהאט דיא מעלה, וואס ער האט זיין טאָכטער קאטינקא ליעב געהאט, אלס ער איז פון געפענגעניס אנטלאָפען און בייא איהם איז געבליעבען דער פּלאַן, ער זאל נאך אויסלאנד אנטלויפען, האט ער ניט

געקאנט פון רוססלאנד זיך שיידען אהנע זיין קינד נאך א מאל צו זעהען און ער איז דארום געפליינען נאך דעם דארף וואו זיא האט געוואהנט אום אויף איהר חאטש נאך איין קוק טאהן. ער איז וויא מיר ווייסען פיעלע טעג געוועזן פער־שטעקט אין וואלד און האט אלץ געזוכט דיא געלעגענהייט קאטינקאן צו זעהען, ליידער אבער האט דאס איהם ניט געלונגען און ער האט דורך א צופאל בלויס זיין טויטען אייניקעל אין יענער הויל געפונען.

דיא לעזער געדענקען געוויס וויא ער איז ערציטטערט געווארען, אלס ער איז אין יענער הויל ארייננעקוממען און האט געטראפען דאס טויטע קינד מיט דעם צעטעל אויף דער ברוסט. ער איז שיער פעררוקט געווארען אויס פערצווייפ־לונג און זיין איינציגער געדאנק וואר דאמאלס צו דערטאפען יאהאנען און איהם אין שטיקער צעררייסען. ער האט דאס אבער ניט געקענט אויספיהרען, ווייל גראדע אין יענער שטונדע זיינען אנגעלאפפען דיא זשאנדארען און עס האט ווייט ניט געפעהלט ער זאל אין זייערע הענד ארייגפאלען.

מיא קאן זיך דארום לייכט פארשטעלען וויא דיאבאלינאס נאכריכט האט איהם ערפרייעט און ער האט זעהער געוואלט זעהען דעם רעזולטאט פון זיין פריינדינס פלאן. ער האט געבעטען דיאבאלינאן זיא זאל איהם לאזען געהען אהין צו יענעם הויז וואו דיא קאטאסטראפע דארף זיך אבשפיעלען, זיא האט איהם געווארנט ער זאל דאס ניט טאהן, דען פיעלייכט קאן איהם איינער פון זיינע פיעלע בעקאנטע דערזעהען און דאן איז ער פערלארען.

ער האט אבער פון דעם ניט געוואלט הערען, דער געדאנק, אז ער קאן יעצט ראכע נעהמען פון דעם פערפלוכטען יאהאן, האט פון איהם דיא פורכט פאר יעדעם געפאהר פערטריבען און ניט קוקענדיג אויף דיאבאלינאס ווארנונג האט ער זיך נאך א צווייאשטונדיגען נאכדענקען, בעשלאססען צו פליהען צו יענעם פוס־טען הויז נומער 20 מעדיצינסקי פערעאולאק.

ער איז געלאפען מיט אזא האסט און אזוי פערטיעפט אין געדאנקען, דאס ער האט ניט בעמערקט וויא איין זשאנדאר, וועלכער איז איהם ענטגעגענגעקום־מען האט זיך א צאפעל געטאהן, אלס ער האט איהם דערזעהען און איז באלד נאך איהם נאכגעגאנגען.

קומענדיג אין יענעם הויז האט ער שוין געטראפען דיאבאלינאן מיט יא־זעפוסן שטעהענדיג אין דער אפענער טיהר פון יענעם צימער, אין וועלכען דיא בלוטיגע טראגעדיע האט זיך אבגעשפיעלט. ער האט אויך באלד דערזעהען יא־

האנען ליגענדיג טויט אויף דער ערד און נעבען איהם קניעט דער אלטער גראף יאבלאנסקי.

א גליקליבער שמייכעל האט זיך גֿעוויזען אויף זיין געזיכט, ער האט טר־גריפען דיאבאלינאס האנד און האט גאנץ שטיל געזאגט: איך דאנק דיר! יעצט בין איך צופריעדען.

דיאבאלינא איז געשטאנען בלאס וויא דער טויט, עס וואר לייכט אָן איהר געזיכט צו ערקאנען, אז זיא האט חרטה געהאט אויף דעם וואס זיא האט אזא בלוטיגע חתונה אייפגעשפיעלט.

אויך יאזעפוס איז שטארק גערירט געווען, אין זיינע אויגען זיינען געשטא־נען טרערען, ער האט אויף דיאבאלינאן א שטומען בליק געווארפען, אין וועלכען מיא האט געקענט לעזען דיא ווערטען: ווארום האסט דוא דאס געטאהן? ענד־ליך איז ער צוגעגאנגען צו דעם גראף פעטער יאבלאנסקי, וועלכער איז נאך אלין געשטאנען אויף דיא קניע פאר זיין טויטען זאהן און האט געוויינט, ער (יאזעפוס) האט זיין האנד ארויפגעלייגט אויף דעם גראפס פלייצע און האט מיט א צערט־ליכען מאן געזאגט: פערליערט קיין מומה גראף!

דער גראף האט זיך א צאפּעל געטאהן, און אלס ער האט פאר זיך דער־זעהן יאזעפוסן, איז ער פון דער ערד אויפגעשפרונגען איז איהם געפאלען אום דעם האלז און האט וויינענד אויסגערופען: אך וויא אונגליקליך איך בין! בעטרעט דוא מיין קינד פון היינט אָן דיא שטעלע פון דעם זאהן, וואס איך האב ערמאָר־דעט. דען דוא ביזט אויך מיין פלייש און בלוט.

— איך וועל גערען אייער פערלאנג ערפיעלען ווען איהר וויכט מיך נור אלס אייער זאהן בעטראכטען וועל איך אייך געוויס אלס מיינען פאטער ליעבען אונד טהרען.

אין דער מינוט האט מאן ערהערט א געשריי פון שווערדען און טריט [illegible] מענשען אויף דיא טרעפּ.

קוראפּאטניק, וועלכער האט פערשטאנען, אז דא האנדעלט זיך אום [illegible] אונגליק איז אריינגעלאָפען אין דעם צימער און האט דיא טיהר פון אינווענ[illegible] פערשלאָסען, וועהרענד דיאבאלינא האט זיך פערשטעקט אונטער א פוסט[illegible] פאס, וואס איז אין קארידאר געשטאנען, דען זיא האט געוואוסט, אז קוים ווע[illegible] מאן זיא דאָ טרעפען, וועט מאָרגען אין אלע צייטונגען איהר נאמען פיגורירען [illegible] דער מאָרד געשיכטע.

— ווער איז דער מאן און וואס וויל ער? — האט דער גראף געפרענט יאזעפוסן.

— איך האב דיא עהרע זיך פאר אייך פארצושטעלען גינעדיגער הערר גראף — האט קוראפאטניק ספאָטיש געענטווערט — מיין נאממען איז קוראָפאטניק, יענער פערברעכער, וועלכער וואר פערשטעקט אין אייערע וועלדער. איהר ווייסט דאך, אז איך בין אנגעקלאגט אלס מערדער פון צוויא מענשען. איך האב זיך ארומדרעהענדיג אין אייערע וועלדער געשעמט פאר אייך דאס געזיכט צו בעווייזען, יעצט גלויבע איך דארף איך זיך פאר אייך ניט שעמען, דען איהר זייט יעצט אויך א מערדער און מיר זיינען גלייכע קאָמעראדען.

— יא, דוא האסט רעכט! — האט דער גראף געיאמערט — איך בין א מערדער, איך האב מיין איינענעם זאהן ערמאָרדעט.

— אים נאמען דער פאליציייא, עפענט אויף דיא טיהר! — האט מען אין דער מינוט ערהערט א שטארקע שטיממע.

— מיין גאטט, איך בין פערלאָרען! — האט דער גראף העכסט ערציטערט אויסגערופען, ערגרייפענד יאזעפוסעס ארם — מען וועט מיך יעצט אלס מערדער ארעטירען און אויף דעם עשאפאט הינריכטען. אָ, מיין זאהן! רעטטע מיך, גיעב א ראטה, וואס איך זאל יעצט טאהן.

— איך האב ליידער קיין ראטה — האט יאזעפוס זעהר אונרוהיג געענטפערט.

— און איך האב יא א ראטה — האט זיך קוראפאטניק אנגערופען — איך טוה דאס צוליעב יאזעפוסן, זיינען פאטער מוז איך רעטען.

— האסט דוא דען א מיטעל וויא איהם צו רעטען? — האט יאזעפוס ערשטוינט געפרענט.

— יא, מיין פריינד. איך וועל זאגען, אז איך האב דעם יונגען גראף יאבלאנסקי ערמארדעט.

— דוא?...

— נוא. וואס וואונדערסט דוא זיך אזוי? בין איך דען אלץ איינס ניט פערלארען? דיא פאליצייא איז געוויס אהער נאך מיר געקומען, איך האב קיין מיטעל, וויא זיך פון זייערע הענד צו רעטטען, און עס איז גאר קיין צווייפעל, אז איך וועל אלץ איינס צום טויט פעראורטהיילט ווערען, דען מיין שולד איז בעוויעזען געווארען.

— זאל איך גלויבען, אז דוא האסט ווירקליך א מארד בעגנאנגען? — האט יאזעפוס ערשראָקען געפרעגט.

— יא, איך בין א מערדער! — האט קוראפּאטניק זיפצענד געענטפערט׳ איך האב צוויי מענשען ערמאָרדעט, פאר זייער ניעדערטרעכטיגקייט. איך געשטעה, אז איך בין אנ׳אונמענש, א באנדיט זאנדערגלייכען. נור פערפאלען, איך קען שוין ניט צוריקחאפּען. איך האב דעם טויט פערדיענט און איך עמפּפאנג איהם אלס פּינרדיענטע שטראפע, און ווען איך וועל נאך אין איין מאָרד בעשול-דיגט ווערען, וועל איך אלץ ניט מעהר וויא איין קאפּ פערליערען, דען קיין צוויי האב איך ניט.

דער גראף האט העכסט ערשטוינט אנגעקוקט דעם מאן. ער האט זיינע אויערען ניט געגלויבט, אז דיעזער מאן וויל איהם ווירקליך אזא טובה טאהן און ארויפוואַרפען אויף זיך דעם מאָרד.

— מיין גאטט! — האט יאזעפוס זעהר אונרוהיג אויסגערופען — דוא, קוראָפּאטניק, וועסט דיין לעבען אויף דעם עשאפאט ענדיגען פאר א מארד? אך וויא שרעקליך און שוידערהאפט דאס איז!

— עפּעס דיא טיהר! — האט מען פון יענער זייט געדאָנערט.

קוראפּאטניק איז צוגעלאפען און האט דיא טיהר געעפענט.

זעכס געוואפענטע זשאנדארען זיינען אריינגעגאנגען און האבען ערגריפען קוראפּאטניקען און, אלס זיי האבען דערזעהן דעם טויטען יאהאן, האבען זייא אויסגעשריען:

— וואס איז דאס?

— דאס איז איינער פון מיינע אָפּפער — האט קוראפּאטניק קאלט גע-ענטפערט.

— דוא האסט דעם מאן ערמאָרדעט? — האט איינער פון דיא זשאנדא-רען געפרעגט.

— יא, איך האב איהם ערמארדעט.

— ווער איז ער?

— דאס איז דער זאהן פון דיעזען מאן — האט קוראפּאטניק געענטפערט, אנצייגענד אויף דעם גראף פּעטער יאבלאנסקי — איך האב איהם ערשאסען דערפאר, וואס ער האט מיין געליעבטע פון מיר אבגערעדט און האט זיא אהער פערפיהרט. איך האב זיי שפּיאנירט, ביז איך האב זיי דא דערטאפּט. זיא איז

אנטלאפען געווארען און איהם האב איך ערשאסען. זיין פאטער און זיין ברודער האבען צופעליג ערפאהרען, אז איך לויף זייער ליעבלינג ערשיסען, דארום זיינען זיי אויך געקומען אהער צו לויפען, איהם פון מיינע הענד צו רעטטען, זיי זיינען אבער צו שפעט געקומען.

— איז עס ווער וואס דיעזער מערדער ערצעהלט? — האט דער זעלבער זשאנדאר געפרעגט דעם גראף.

— ליידער איז דאס וואהר.... האט דער גראף וויינענד געענטפערט.

דיא זשאנדארען האבען דאס געגלויבט. אבוואהל דער זשאנדאר, וואס איז איהם פון ווייטען נאכגעגאנגען האט ניט געזעהען קיין אנדערע מענשען אהער אריינגעקוממען, ער האט אבער געקלערט דאס אין דער צייט ווען ער איז אריינגעלאפען אין דער פאליצייא-סטאנציאן פון דער שטראססע, רופען נאך זשאנדארען זיינען דיא איבעריגע צווייא אהער אריינגעלאפען.

זיי האבען באלד דעם מערדער געשמיעדט אין קעטטען און האבען איהם אוועקגעפיהרט.

— יאזעפוס!—האט קוראפאטניק געשטאממעלט, בעפאר מיא האט איהם אוועקגעפיהרט — דוא מיט איהר זאלט זיין ביי מיין היגריכטונג.

אין דעם זעלבען טאג האט מאן אין אלע גאססען פון פעטערסבורג ארום געטראגען געדרוקטע עקסטראס, אין וועלכען עס זיינען געשטאנען פאלגענדע ווארטען.

„דער בעריהמטער מערדער קוראפאטניק, וועלבער איז פון געפענגעניס אנטלאפען געוואָרען און דיא פאליצייא האט איהם לאנג אהנע ערפאלג געזוכט, האט הייטע ערמאָרדעט נאך א מענשען, דאס איז דער יונגער גראף יאהאן יאבלאנסקי, דער זאהן פון דעם בעוואוסטען מיליאנער גראף פעטער יאבלאנסקי, אבער דאס מאל האט דער פאליצייא געלונגען איהם צו חאפען אויף דעם ארט וואו ער האט דעם מארד בעגאנגען. יעצט זיצט ער אין געפענגעניס און ערווארטעט זיין אורטהייל.

דער אלטער גראף יאבלאנסקי איז אויסער זיך פון פערצווייפלונג, ער איז געפעהרליך קראנק געווארען אויס גראססע שמערצען.

דאס פובליקום האט דיעזע נייעס זעהער נייגיעריג אויפגענאמען, קיינעם איז גאר ניט איינגעפאלען, אז דער מערדער פון יאהאן יאבלאנסקי איז זיין אייגענער פאטער און אלע האבען געפלוכט דעם מערדער, וואס האט אזא יונגען רייכען ארדענטליכען גראף אין גראב פערטריעבען.

## נה.

## קייזער און קאמערדינער.

קוראפאטניקעס פראָצעס איז אין א קורצע צייט נאך דעם פארגעקוממען פאר דעם געריכט און מיא האט איהם צום טאדט פעראורטהיילט דורך דעם גאלגאן (תליה).

קיינער האט זיך אום דעם אונגליקליכען געקיממערט אין נענענטהייל, אלע האבען מיט אונגעדולד ערוואַרטעט זיין היגריכטונג, נור צווייא מענשען האבען ביטערע טרערען פערגאססען און האבען ניט אויפגעהערט וועגען איהם צורײדען און איהם צו בעדויערן.

דאס ווארען אונזערע בעקאַנטע דיאבאלינא און יאזעפוס.

זיי האבען אויסגעווירקט אַנ'ערלויבנים איינינע מאל קוראפאטניקען צו בעזוכען אין זיין געפענגנים און זיי האבען איהם בעזוכט. קוראַפאטניק, דער מוטהיגער מאן, וואס האט זיך פאר קיין זאך אין דער וועלט געשראקען, איז זייט מיא האט איהם געמעלדעט, אז ער איז צום טאדט פעראורטהיילט געווארען, שרעקליך ניעדערגעשלאגען געווארען. איהם האט זיך זעהער ניט געוואלט שטערבען. אבער ער האט דאס ניט געזאגט, און האט זיך בעמיהעט פאר זיינעביידע פריינדע צו ווייזען א מונטערעס געזיכט.

אבער זיי האבען פערשטאנען, וואס ביי איהם אין הערצען טוהט זיך און דארום האט זיך יאזעפוס בעשלאָססען זיך דיא גרעסטע מיהע צו געבען, זיין טאָדעס אורטהייל אויף לעבענסלענגליכע געפענגנים אומצובייטען.

ער האט געהאט דיא מעגליכקייט דאס צו טאהן. דען דער קייזער איז איהם דאנק ישולדיג געוועזען דערפאר, וואס ער האט איהם זיין לעבען גערעטעט פון מערדערישע הענד.

עס איז דיא העכסטע צייט אונזערע לעזער צו ערצעהלען, וויא דיא ערוועהנטע רעטונג האט פאססירט.

דער יונגער קייזער וואר אליעבהאבער פון טהעאטער און אגרויסער פריינד פון דעם שיינעם געשלעכט. דארום איז קיין וואונדער וואס דיא שיינע היטלישע קינסטלערין דיאבאלינא, האט איהם בעצויבערט מיט איהר שעהנהייט און מיט איהר קונסט. ער איז אזוי איבערראשט געוועזען פון איהר, דאס ער האט זיא בעשאָנקען מיט פיעלע טהייערע פריזענטע און ווייל איהם האט ניט געפאסט זיא איינלאדען

אין זיין פּאַלאַסט, האָט ער זיך בעשלאָסען זיך פערקליידען אַלס פּריוואַט מאַן אבעזוך אבצושטאַטען.

ער האט אזוי געטאהן און אין א שעהנעם אבענד האט ער זיך פערקליי־דעט אלס מאַטראָז און איז געגאנגען צו דיאבאלינאס וואהנונג. אין וועג האט ער זיך בעגעגענט מיט א יונגען מאן, וועלכען ער האט קיין אויפמערקזאמקייט געשענקט, אבער דער יונגער מאן האט דעם קייזער יא ערקאנט. דאס וואר איינער פון דיא יונגע סטודענטען, וואס האבען דאמאלס געמאכט א געהיימען קאמפּלאָט, רעם קייזער פון זיין טראהן צו שטירצען.

דער יונגער מאַן איז דעם קייזער נאכגעגאנגען און, אלס ער האט איהם געזעהן אריינגעהנדיג אין דעם הויז וואו דיאבאלינא האט געוואהנט, האט ער ארויסגענומען פון זיין טאש א רעוואָלווער, האט איהם אריינגערוקט אין ארבעל און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן הין און צוריק פארבייא דער טיהר, דורך וועל־כער דער קייזער האט בעדארפט ארויסגעהן.

גראדע צו דער זעלבער צייט איז געקומען יאזעפוס, וועלכער וואר דאן א קאמערדינער ביי רעגינאן, בעזוכען דיאבאלינאן. ער האט בעמערקט, אז דא דרעהט זיך ארום א יונגער מאן פאר דער טיהר, אבער ער האט זיך פון דעם גאר ניט געמאכט און איז אריינגעגאנגען צו דיאבאלינאן.

קומענדיג אין דעם ערשטען צימער, האט איהם דיאבאלינאס קאמער־מעדכען א זאג געטאהן אין אויער. אז מען קען יעצט צו איהר הערין ניט אריינ־געהן, ווייל ביי איהר זיטצט א מאטראז און זיא (דיאבאלינא) האט איהר אנ־געזאגט, זיא זאל יעצט קיינעם צו איהר אין צימער ארייגלאזען, עס מעג זיין ר עס וויל.

יאזעפוסן איז דאס זעהר אויפפאלענד געווארען, א מאטראז זאל זיטצען דיאבאלינאן און זיא זאל צוליעב איהם זאגאר איהר בעסטע פריינד ניט עמפּ־פאנגען. דאס איז ניט אומזאנסט.

איך מוז ערפאהרען ווער דיעזער מאטראָז איז, האט ער צו זיך אליין גע־[illegible]גט און איז אריינגעגאנגען אין דיאבאלינאס נאַרדעראָב־צימער, וועלכער וואר [illegible]לוים דורך אזיידענעם פארהאנג אבגעטהיילט פון איהר זאאל, ווא זיא איז גע־[illegible]סען מיט איהר גאסט.

ער האט זיך איינגעהערט צו זייער געשפּרעך און האט געהערט וויא דיא־באלינא רופט איהר גאסט קייזערליכע מייסטעט ער האט באלד פערשטאנען,

אז ביי איהר זיטצט דער קייזער און איז דארום פון יענעם צימער שנעל ארויס־געלאָפען.

אלס ער איז פון שטוב ארויסגעגאנגען, האט ער אבערמאלס דערזעהען יענעם יונגען מאן, וועלכער האט זיך נעדרעהט פאר דער טיהר.

יעצט איז דאס איהם שטארק אויפפאלענד געווארען און ער האט זיך גע־שטעלט אָן אזייט פון וואנען ער האט געקאנט דעם יונגען מאן גוט בעטראכטען, ער האט געזעהען וויא ער נעהמט אללע וויילע עפּעס ארויס פונ'ם ארבעל און יאזעפוס האט פאר דעם ליכט פון דעם פאנאר, וואס האט געברענט פאר דיא־באלינאס טיהר דערזעהען, אז דאס איז א רעוואלווער.

יעצט ווער ביי איהם קיין צווייפעל, אז דיעזער מאן וויל שלעכטעס טאהן דעם קייזער און ער האט אנגעהויבען צו דענקען, וואס ער זאל דא טאהן, אום אנ'אונגליק צו פערהינדערען. פון אנפאנג האט ער געוואלט א רוף טאהן א גאראדאוואי, ער זאל דעם יונגען מאן פערהאפטען. צום אונגליק אבער איז אין דער מינוט קיין גאראדאוואי געווען פאר דיא אוינען. ענדליך האט ער זיך בע־שלאסען, ער זאל אריינגעהן צו דיאבאלינאן און צימער און זאל איהר זאגען, זיא זאל איהר נאסט ווארנען, ער זאל זיך היטען פאר דעם אונגליק, וואס ער־ווארטעט איהם ביי דער טיהר.

ער האט אזוי געטאהן און איז צוגעגאנגען צו דער טיהר, אבער בעפאר ער האט דיא טיהר צייט געהאט צו עפענען, איז דער קייזער פון דארט ארויס־געגאנגען. דער יונגער מאן, וואס האט איהם ערווארטעט מיט זיין רעוואלווער, האט שוין געהאלטען דיא האנד אויסגעשטרעקט צו שיסען, אבער אין דעם מא. מענט האט יאזעפוס צו איהם א שפרונג געטאהן און האט איהם מיט זיין שטע־קעל אזא קלאפּ געטאהן איבער דער האנד, דאס דער רעוואלווער איז ארויס־געפאלען און דיא האנד איז צובראכען געווארען. באלד דארויף האט איהם יא־זעפוס געחאפּט פאר דעם קארק און האט געמאכט אזא גוואלד, דאס פיעלע מענשען זיינען אנגעלאפען און מען האט זיי ביידען אוועקגעפיהרט אין דער פּא. ליצייא. אויף דער ערד האט מען געפונען דעם רעוואלווער.

אין דער פּאָליצייא האט יאזעפוס ערקלערט, אז דיעזער יונגער מאן, האט געוואלט שיסען א מאטראז, וואס איז געזעססען ביי דיאבאָלינען אין הויז און ער האט בעמערקיינדיג דאס, איהם אבגעהאלטען פון א מארדטהאט, דאמיט וואס ער האט איהם א קלאפּ געגעבען מיט דעם שטעקען איבער דער האנד.

דער יונגער מאן האט זיך געליינענט, מיא האט אנגעהייבען נאכפארשונ־גען צו מאכען ביי דיאבאלינאן צו איז ביי איהר אין יענער שטונדע געווען א מאטראָז און וויא ער הייסט, אבער דיאבאלינא האט. אום דעם קייזער ניט צו בעליידיגען, זיך אבגעלייגענט און האט געזאגט, אז ביי איהר איז קיין מאטראָז געווען, דאס איז געווען אבעוויז, אז יאזעפוס האט דעם רעוואלווער געהאט ביי זיך און ער האט געוואָלט מיט איהם עטוואס שלעכטעס טאהן. מיא האט שוין געוואָלט יענעם יונגען מאן בעפרייען און איהם אליין ווערפען אין געפענגניס, אבער ער האט געבעטען מיא זאל דאס מעלדען דעם קייזער, ווייל דאָ שטעקט אזא געהיימניס וואס בעלאנגט זיינע מייסטעט.

מען האט דיא גאנצע געשיכטע פארגעבראכט פאר דעם קייזער און ער האט באלד פערשטאנען, אז איינער פון דיא צוויא יונגע לייט האט אויף איהם אן־אטענטאט געמאכט. דארום האט ער געהייסען א שטרענגע אונטערזוכונג מאכען און מען האט אויסגעפונען דיא ריכטיגקייט. מען האט ביי יענעם יונגען מאן אין דער טאשע געפונען זאלכע פאפיערע, וואס האבען דייטליך געציינט, אז ער מיט א גאנצער באנדע סטודענטען האבען געמאכט איין האנד, מען זאל דעם קייזער ערמאָרדען.

דער קייזער האט פערשטאנען, אז דער צווייטער יונגער מאן האט איהם זיין לעבען גערעטטעט און דארום האט ער געהייסען יאָזעפוסען ברייננען צו איהם אין פאלאסט.

— ערצעהל מיר דיא ריכטיגקייט, וויא דיא גאנצע געשיכטע איז געווען — האט איהם דער קייזער בעפעהלען.

יאזעפוס האט אלעס ערצעהלט, וויא ער איז דיאבאלינאס א יוגענדפריינד און ער קאן אכע איהרע פריינדע, דארום איז איהם אויפפאלענד געווארען, אלס מען האט איהם צו איהר ניט אריינגעלאזט צוליעב א מאטראז און זא ווייטער, וויא מיר ווייסען שוין.

— דוא האסט מיין לעבען גערעטעט — האט דער מאנארך פריינדליך געזאגט — איך וויל דיר דערפאר בעצאהלען. זאג, וואס זאל איך דיר דערפאר געבען ?

— איך ברויך קיין זאך — האט יאזעפוס געענטווערט — נור אייב אייערע מייסטעט ווילען מיר יא אנגעפעלינקייט טאהן וואלט איך זעהער צופריעדען גע־ווען, ווען מיא זאל מאכען אין פעטערסבורג א וויזענהויז וואו ארמע יתומים,

וועלכע זיינען עלענד וויא דיא שטיינער אין וואלד זאלען דארט אויפגענוממען ווערען און מיא זאל מעהר אבאכט געבען אויף דיא אונגליקליכע פאמיליען, וואס געפינען זיך אין דיא שמוטציגע קווארטאלען, און שמאכטען מיט זייערע קינדער אין הונגער אונד נאטה.

דער קייזער איז אויסער זיך געווארען פון ערשטוינונג, ער האט ערקאנט, אז דיעזער יונגער מאן איז קיין רויבער און ער זאל זיך ענטזאגען פון דעם גליק וואס טרעפט זיך איינעם פון מיליאנען. דאס איז מערקווירדיג.

— וואס איז דיין בעשעפטיגונג? — האט דער מאנארך איהם געפרעגט.

— איך בין א קאמערדינער ביי דער גרעפין סאלטיקאוו.

— א קאמערדינער? און דאך ענטזאגסט דוא זיך פון דעם גרויסען לאהן, וואס דוא קאנסט יעצט פון מיר ערהאלטען?

— איך בין ניט פון דיא מענשען, וואס יאגען זיך נאך גרויסע גליקען — האט יאזעפוס געענטפערט.

— ווארום יאגסט דוא זיך נאך זיי ניט נאך?

— ווייל איך האב אין מיין לעבען זא פיעל געלידען, דאס דיא יעצטיגע לאגע אין וועלכער איך געפין זיך יעצט, ערשיינט ביי מיר וויא דיא בעסטע. איך האב אנגעזעהן זאפיעל עלענד און נאטה ביי לייטען, דאס איך קאן מיך אנרופען גליקליכער. דארום איז מיין איינציגער וואונש יעצט דיא לאגע פון אנדערע אונגליקליכע צו פערבעססערן.

— דוא ביזט א מערקווירדיגער יונגער מאן — האט דער מאנארך געזאגט

— דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען הער איך, אז א מענש זאל זיך ענטזאגען פון רייכטהום צוליעב אנדערע.

— דאס איזווירקליך צו בעדויערן — האט יאזעפוס זייפצענד געענטווערט

— עס איז צו בעדויערן וואס פאסט אלע מענשען האבען נור זיך אליין אין זינען און ווילען ניט זעהען, דאס טויזענדער זאלכע מענשען וויא זיי ליידען דיא גרעסטע שמערצען, דאדורך וואס זיי פעהלט דיא מיטטעלען צו לעבען אויף גאטט'ס ערד. ניט אומזאנסט האבען מיר זא פיעל פערברעכער, זא פיעל פערדארבענע לייטע אין אונזער וועלט. שולדיג אין דעם איז דיא אונארדנונג, וואס עקסעסטירט אין דער מענשליכער געזעלשאפט, וועהרענד איינער האט ניט וואו זיין געלד אהינצוטאהן, ברעכען זיך טויזענדער ארמע דיא קעפ וואו עטוואס געלד אויף ברויט צו קויפען, ווען דער מענש איז הונגעריג מוז ער זוכען מיטעלן וויא זיין

הונגער צו זעטטיגען, קאן ער דאס ניט טאהן עהרליכער ווייזע, זא איז ער גע־צוואונגען צו בענוטצען בעטרוג און שווינדעל אום זיין בראדט צו בעקוממען.

— דוא רעדסט זעהער קלוג און מיך פרייעט זעהער זאלכע ווארטען צו הע־רען פון אזא ארמען איינפאכען מענשען וויא דוא ביזט. איך גלויב, אז דוא האסט נעהאט זעהער קלוגע ארדענטליכע עלטערען, וועלכע האבען אין דיר דיא מענ־שענליעבע פון דיין קינדהייט אן איינגעפלאנצט.

— איך האב קיינע עלטערן נעהאט.

— וויא? דוא האסט קיינע עלטערען נעהאט? וויא איז דאס מעגליך.

— מיין ביאגראפיע איז זעהער רייך מיט פערשיעדענע אונגליקען און זאנ־דערבארע צופעלע. ווען איך זאל זיי פאר אייער מייסטעט ערצעהלען וועל איך געווים אויף אייך צו לאסט פאלען.

— איך בין אבער זעהער נייגיעריג דיין ביאגראפיע צו וויססען און דארום וווינש איך דוא זאלסט זיא אויפשרייבען אויף א פאפיער און עס מיר אריינשי־קען דען איך בין אונבעקאנט מיט דעם לעבען פון דער ארמער קלאססע, דאס ויעט פאר מיר זיין נייא און עס קאן זיין, אז דאס וועט ווירקליך אין מיין לאנד פיעלע נוטצען בריינגען....

— איך וועל דאס מיט פערגעניגען טאהן — האט יאזעפוס געענטווערט — איך וועל מיין גאנצע ביאגראפיע אויסשרייבען און וועל מיך גליקליך פיהלען ווען אייערע מייסטעט וועלען זיא דורכלעזען, איך בין זיכער, אז דאס וועט בריינגען א הילף פאר טויזענדער אונגליקליכע.

— אלזא גוט — האט דער קייזער געזאגט — דוא זאלסט דאס אללעס אויסשרייבען און מיר אריינשיקען. איך וויל אבער דוא זאלסט פאר דער רעטונג וואס דוא האסט מיר געבראכט פון מיר עטוואס פערלאנגען.

— פארלויפיג פעהלט מיר קיין זאך און איך האב ניט וואס צו פערלאנ־גען, עס קאן אבער זיין, אז מיט דער צייט וועט מיר יא עטוואס פעהלען, דאן וועל איך מיך ווענדען צו אייער מייסטעט.

— גוט, דוא זאלסט דאס טאהן, און איך פערזיכערע דיר צו יעדער צייט דיין וואונש צו ערפיעלען.

יאזעפוס האט זיך זעהער בעדאנקט און איז אוועקגעגאנגען.

ער האט וויא מיר וויסען זיין ביאגראפיע פאר דעם מאנארך אנגעשריע־בען, אבער ביי איהם עטוואס א געפעלינקייט צו בעטען איז איהם ניט איינגע־פאלען.

אבער יעצט, אלס מיא האט זיינען פריינד קוראפאטניק צום טויט פער־אורטהיילט, האט ער זיך דערמאנט, אז ער קאן איהם א טובה טאהן, ווען ער וועט זיך צום קייזער אום גנאדע פאר איהם ווענדען.

ער האט זיכער געוואוסט, אז דער קייזער וועט זיין ביטע ערפיעלען און וועט קוראפאטניקן בעגנאדיגען, דארום האט ער אריינגעשיקט צום מאנארך דיא אלע פאפיערע וואס סימאן האט צוגענוממען פון יאבלאנסקיס טיש, און האט זיי אריינגעשיקט צום קייזער, דאביי האט ער א קליין בריוועלע אנגעשריע־בען, אין וועלכען ער האט ערצעהלט, וואו זיין יוגענד פריינד קוראפאטניק האלט יעצט און האט געבעטען דער גינעדינער הערשער זאל איהם בעגנאדיגען.

עס האט קיי צווייא טעג געווערט, האט איהם א פריסטאוו אויסגעפונען אין זיין קווארטיר און האט איהם גערופען צום אבער־פאליציימייסטער. קומענ־דיג אהין, האט איהם דער פאליציימייסטער איבערגעגעבען א פאפיער, אין וועל־כען דער קייזער האט בעגנאדיגט דעם מערדער קוראפאטניק.

— דיעזען פאפיער — האט דער פאליציימייסטער געזאגט — קענט איהר איבערגעבען דעם פעראורטהיילטען און, אלס ער וועט איהם צייגען דעם סמאט־ריטעל פון געפענגנים, וועט מען איהם באלד פריילאזען. דא האט איהר אויך אנ׳ערקויבנים אריינצוגעהן צו דעם ארעסטאנט אין צעלע.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען יאזעפוסעס פריידע, אלס ער האט דיעזען וויכטיגען פאפיער צוגענומען. טרערען האבען זיך אנגעהויבען צו גיעסען פון זיינע אויגען ביי דעם נעדאנק, אז ער קען זיין פריינדס לעבען רעטטען. ער האט גע־חאפט דאס פאפיער און איז אוועקגעלאפען צו דעם געפענגנים.

## נו.

## א ריהרענדע סצענע.

מיר זעהען יעצט קוראפאטניקען אין זיין צעלע, מיט דיאבאלינאן, וועלכע איז געקומען איהם דעם לעצטען אדיע צו זאגען, דען מען האט איהם שוין גע־מעלדעט, אז מארגען מוז ער היננעריכטעט ווערען.

וויא מיר האבען שוין ערוועהנט, האט זיך קוראפאטניקען שטארק ניט געוואלט שטארבען. דאס ליעגט שוין אין דער נאטור פון יעדען מענשען, אז דיא זאך וואס מען האלט ביים פערליערען, ווערט אין דיא לעצטע אויגענבליקע זעהר טהייער און עס איז שווער זיך דאפאן צו שיידען. בעזאנדערס ווערט דאס לעבען זעהר טהייער, ווען מען וויים, אז מען מוז עס באלד פערליערען.

וויינטע אויגען.

זייט זיא האט קוראפאטניקען נעקאנט, האט זיא איהם ניט געזעהן ווייזיינד, זאנאר דאן, ווען ער איז געווען ביי דעם ווינדהונד און ער האט געחאפט דיא שרעקליכסטע קלעפּ, האט ער ניט איין טרעהר פערגאסען. דארום האבען יעצט זיינע טרערען זיא שטארק נעריהרט און אויך פון איהרע אויגען האבען זיך אנגעהויבען טרערען צו גיסען.

קוראפּאטניק האט זיך געשעהמט פאר דיאבאלינאן זא צאגהאפט צו ווייזען און ער האט זיך בעמיהעט א מונטערע מינע מאכען. ער האט שנעל זיינע טרערען אויסגעווישט און האט געזאגט:

— דוא זאלסט ניט מיינען, אז איך האב געוויינט אויס פורכט פאר דעם טויט. ניין, איך פירכטע מיך פאר דעם טויט ניט, אבער דער געדאנק, אז מיין קינד האט אזא שרעקליכע ענדע געהאט, האט פון מיינע אויגען פיעל טרערען ארויסגעלאָקט.

— דיא שרעקליכע ענדע פון דיין] טאכטער? — האט דיאבאלינא ערשטוינט אויסגערופען — דוא דענקסט, אז זיא איז טויט?

— ניין, איך וויס אז זיא איז ניט טויט, אבער אזא לעבען וויא זיא לעבט יעצט, איז נאָך ערגער וויא דער טויט. זיא מוז זיך בעהאלטען פון דער פאָליצייא און וואס קען זיין איהר ענדע?

— האט דיר יאזעפוס נאך גאר ניט ערצעהלט, אז זיא איז אלס אונשולדינג ערקלערט געווארען?

— וואס? קאטינקא איז אלס אונשילדינג ערקלערט געווארען? — האט קוראפּאטניק איבעררראשט אויסגערופען — דוא שפּאסט, דיאבאלינא?

— ניין, מיין פריינד, איך שפּאס ניט. מען האט איהר אונשולד דייטליך בעוויעזען, אז איהר קינד איז מיט א נאטירליכען טויט געשטארבען, און זיא איז יעצט פרייא.

— אך, דיאבאלינא! — האט קוראפּאטניק געשטאמעלט, ערגרייפענד איהר האנד — אויב דאס וואס דוא האסט מיר ערשט ערצעהלט, איז וואהר, האסט דוא מיר דיא גרעסטע טרויסט געבראכט.

— דאס איז וואהר, זא וואהר, וויא גאט לעבט.

— וואו זשע איז זיא יעצט?

— ביי איהר מוטער און ביי דעם גראף יאבלאנסקי.

— איך מערשטעהע גאר ניט וואס דו רעדסט. ווייס דען מאריא אז דאס איז איהר קינד?

— יא, זיא ווייס, סימאן האט איהר אלעס ערקלערט.

— און וויא קומט זיא צום גראף יאבלאנסקי?

— דיעזער גראף אין אין דער לעצטער צייט גאר אנ'אנדער מענש געוואָרען, דוא וואלסט איהם גאר ניט ערקאנען, ווען דוא זאלסט איהם זעהן. ער איז גראָהע געווארען. דער אונגליקליכער מאריא האט ער צו זיך אין הויז אריינגענומען און וועט זיא באלד הייראטהען, אום ער זאל קענען יאזעפוס'ן עפענטליך פאר זיין זאהן ערקלערען.

— דאס איז מערקווירדיג, און מיך פרייעט זעהר, ערשטענס וואס אונזער מארטינען ערווארטעט א גלענצענדע צוקונפט, און צווייטענס, וואס דיא ליידען פון דער אונגליקליכער מאריא האבען זיך ענדליך געענדיגט, נור דיא נאבריכט פון דעם, יואס מוין טאכטער איז פריי און זיא האט אזא גליקליכע היים, דאס פערזיסט מיר מיינע לעצטע שטונדען. און וואס איז געווארען פון דעם גוטען סימאן?

— דער גראף האט איהם געמאכט פאר דעם גאנצען הערשער איבער אלע זיינע דערפער. יעצט האט סימאן דיא געלעגענהייט פיעל גוטעס צו טאהן.

— דאס פרייעט מיך זעהר. וויא איך זעה, האט צו אלעמענס ליידען אנ-ענדע גענומען, אויסער איך מוז פון דער וועלט אוועקגעהן.

— דוא דארפסט, ליעבער קוראפאטניק, דאס לעבען אזוי ניט ביזקלאָגען, כויט איך ווייס וויא דוא האסט געלעבט, האסט דוא קיין אורזאכע דאס לעבען צו זשאלעווען. בעזאנדערס דארף ניט שווער זייז זיך צו שיידען פון דיא מענשען, וועלכע זיינען זא פערדאָרבען. איך זאג דיר דיא וואהרהייט, דאס אבוואהל אנ-אנדערע אויף מיין פלאָמץ וואלט זיך גליקליך געפיהלט, אבער איך פיהל מיך יעצט נאך אונגליקליכער אלס אין דער צייט, ווען איך בין געוועזן עלענד און היכפלאָזע.

— דוא פיהלסט זיך אונגליקליך? ווארום?

— ווייל איך קען ניט פערגעסען דיא שאנדע, וואס עס לאסטעט אויף מיר. איך וועל קיינמאל פערגעסען, אז פיעלע הערצלאָזע מענשען האבען זיך בענוטצט מיט מיין אונגליקליכע לאגע און האבען מיין עהרע גערויבט. איך וועל

נוט פערגעסן, אז אין מיינע קינדישע יאהר האב איך גענגב'עט און האב נור אין זינען געהאט שלעכטס צו טאהן. דאס וועט עוויג אויף מיין געוויסען ליגען און איך וועל מיך פאר דער אונגליקליכסטער אין דער וועלט בעטראכטען.

דאס איז פון דיר א דומהייט דיאבאלינא. דוא דארפסט פערגעססען, וואס עס איז געוועזען, דוא ביזט ניט שולדיג אין דעם, וואס דוא ביזט געוועזען פערדארבען, דיא נאטה האט דיך דאצו געטריעבען, אזוי וויא מיך האט געטריעבען דיא נאטה איך זאל זיין א גנב. שולדיג אין דעם זיינען דיא לייטע, וואס האבען אונז ניט געגעבען דיא געלעגענהייט מיר זאלען זיין עהרליכע לייט, וויפיעל מאל האב איך מיך געבעטען ביי רייכע לייט זיי זאלען מיר געבען ארבייט, איך זאל קאנען אנשטענדיג מיין ברויט פערדינען, זיי האבען מיך פון זיך פעריאגט און פערטריעבען, נוא האב איך דאך געמוזט אונארדענטליכער וויזע א שורקע ווערען, ביסלעך וויים האב איך מיין פראפעסיאן ליעב בעקוממען, איך האב געפונען פערגעניגען אין דער שענדליכער ארבייט און וואס ווייטער איז מיין האראקטער אלץ מעהר פערדארבען געווארען, מארטין האט געהאט א גליק, ער האט בעקוממען א קונסטפאלען לעהרער, וועלכער האט דיא שלעכטע זיטטען פון זיין יונג הערץ ארויסגעריססען, איך האב אבער צום אונגליק קיין לעהרער געהאט. וואס זאלל מיך פון שלעכטען ווענ אראבפיהרען. מיין איינציגע טרויסט איז, וואס איך האב מיך אימממער בעמיהעט גנבנן ביי רייכע לייטע, וואס האבען מעהר געלד, אלס זיי דארפען, קיינע ארימע קליינע מענשעלאך האב איך קיין מאהל בעריהרט. איך האב בענאננען א מארד ניט דערפאר, וואס איך האב געוואלט דאס געלד פון מיינע אפפער בערויבען, זאנדערן ווייל יענע צוויא מענשען האבען אריינגעגארט צו זיך אין הויז דאס מערבען, מיט וועלכער איך האב געוואלט הייראטען מיט דער אבזיכט אנ'ארדענטליכעס אנשטענדיגעס לעבען צו פיהרען, זיי האבען דיעזער אונשולדינער מערבען ענטעהערט און ברוטאליש בעהאנדעלט, דאס האט מיין בלוט אויפגערייצט און איך האב דיא שאנדע פון מיין ברויט מיט זייער בלוט, פערדעקט. אך דיאבאלינא! ווען איך זאל האבען דיא מעגליכקייט יעצט פרייא צו לעבען וויא נוט און וויא ארדענטליך איך וואלט מיך אויפגעפיהרט. מיר שיינט, אז איך וואלט דער בעסטער מענש אין דער וועלט געווארען, אבער וואס נוטצען דיא פוסטע ווארטען. איך וויים, אז איך בין שוין פערלארען און וועל פון דעם מלאך המות הענד ניט גערעטעט ווערען.

און אבערמאלס האבען זיך אי זיינע אויגען טרעהרען בעוויעזען. ער האט

זיך שוין מעהר ניט געקאנט איינהאלטען און האט זיך וויא א קליין קינד פאני־אנדער געוויינט.

דיאבאלינא האט איהם געוואלט טרויסטען, זיא האט אבער מעהר קיינע ווערטען געהאט.

— דיאבאלינא! ליעבע שוועסטער — האט קוראפּאטניק נאך א לאנגער פויזע א זאג געטאהן ערגרייפענד איהר האנד — איך האב צו דיר א ביטע און איך גלויב, אז דוא וועסט מיר ניט ענטזאגען.

איך וועל אלעס טאהן פון דיינטוועגען, ליעבער קוראפּאטניק. זאג, וואס פערלאנגסט דוא פון מיר?

— פיעלייכט קענסט דוא מאכען, מיינע טאכטער זאל אויך זיין ביי מיין הינריכטונג, אום איך זאל זיא קענען פאר מיין טויט זעהן?

— איך וועל מיך בעמיהען דיין וואונש צו ערפיעלען. אויב עס וועט נור מעגליך זיין, וועל איך דאס געוויס טאהן.

— אבער זיא זאל ניט וויסען אז איך בין איהר פאטער, דען איהר גאנץ לעבען וועט דאדורך פערביטטערט ווערען, ווען זיא וועט ערפאהרען, אז איהר פאטער איז געווען א מערדער און האט זיין לעבען אויף דעם עשאפאט געענדיגט.

— געוויס וועל איך דאס איהר ניט זאגען. דוא דארפסט מיך ווענען דעם ניט בעטען. איך ווייס זעהר גוט דעם טעם פון דעם. איך אליין וויל מיינע על־טרען ניט אויפזוכען, ווייל איך וועל מיך שעהמען זיי נגייך אין דיא אויגען צו קוקען, דען זיי זיינען געוויס עהרליכע לייטע און איך טראג אזויפיעל זינד אויף מיין געוויססען.

— האסט דוא דען עלטערען? — האט קוראפּאטניק ערשטוינט געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האט דיאבאלינא זיפצענד געענטפערט. — דען דוא ווייסט דאך. אז איך בין געווען א פיעריעהריגעס קינד, אלס דער ווינדהונד האט מיך פון מיינע עלטערען אבגענגנבעט און פון דאמאלס אן האב איך זייא ניט געזעהן.

— אבער דוא האסט דאך געקענט אנפרעגען אין יענעם דארף פון וואנען דוא ביזט, צו דיינע עלטערען לעבען.

— איך געדענק שוין גאר ניט, וויא דער דארף האט געהייסען.

— און וויא דיינע עלטערען הייסען ווייסט דוא אויך ניט?

— וויא דורך א חלום געדענק איך, אז מיין מוטערס נאמען איז געווען ציפקע

און וויא מיין פאטער האט געהייסען געדענק איך ניט. איך געדענק אויך, אז איין מאל אין דער וואך פלעגט זיא אנצינדען פיעלע ליכט אין שטוב.

אין דיעזער מינוט האט זיך דיא טיהר האסטיג אויפגעעפענט און יאזעפוס איז אריינגעקומען.

מיינענדיג, אז אויך ער איז געקומען אבשיעד נעהמען פון קוראפּאטניעען, זיינען ווי ביידע, דער אורעסטאנט און דיאבאלינא, אבערמאלס אין דער ערשטער מעלאנכאָליע אריינגעפאלען און זיינען מיט געזענקטע קעפּ געבליעבען זיטצען אויף זייערע ערטער.

— איך דאנק דיר, מיין פריינד, וואס דוא האסט ניט פערגעסען קומען, פון מיר מיין לעצטע לעב וואהל צו הערען — האט קוראפּאטניק זעהר טרויעריג געזאגט, רייכענדיג יאזעפוס'ן דיא האנד.

— דוא האסט אנ'אירטהום, מיין פריינד — האט יאזעפוס שמייכלענד געענטפערט — איך בין ניט געקומען פון דיר לעב וואהל צו הערען, זאנדערען דיר לעב וואהל צו זאגען.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווארטען? — האט קוראפּאטניק ערשטוינט געפרעגט.

— איך מיין דא גאנץ איינפאך דיר אנזאגען, אז דוא וועסט ניט שטארבען. דוא וועסט לעבען, דען דוא וועסט נאך אין דיעזער מינוט בעפרייעט ווערען.

קוראפּאטניק מיט דיאבאלינאן האבען איהם פערוואונדערט אנגעקוקט.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי אן? — האט יאָזעפוס גאנץ ערנסט געזאגט — איך וויעדערהאָלע מיינע ווארטען, אז דוא ביזט פרייא און וועסט לעבען. אויב איהר גלויבט מיר ניט, נאט, זעהט דיעזעס פּאפּיער, וועלכעס איז פון קייזער אליין אונטערשריעבען.

ער האט ביי דיעזע ווארטען ארויסגענומען פון דער טאש א פּאפּיער און האט עס איבערגעגעבען קוראפּאטניקען.

— וואס איז דאס פאר א פּאפּיער? — האט קוראפּאטניק ערשטוינט געפרעגט.

ער האט דאס פּאפּיער געעפענט און, קוים האט ער עס איבערגעלעזען האט זיין האנד אנגעהויבען צו ציטערן און ער האט געשטאממעלט:

— איז דאס מעגליך?

— דאס איז פון קייזער אליין — האט יאזעפוס ערווידערט — דוא ביזט פרייא.

— יאזעפוס! — האט קוראפאטניק, ציטטערנד ביי אלע גליעדער געזאגט

— אָ, אום הימעלס וויללען! זאג, איז דאס קיין שפאס?

— און דוא גלויבסט, אז איך וועל זיך ערלויבען מיט דיין לעבען צו שפא־סען? איך שווער דיר ביי אונזער עווינער פריינדשאפט, דאס דיעזעס פאפיער איז פון קייזער אליין אונטערשריעבען. ער האט דיך בעגנאדינט און דוא ביזט פרייא.

— ברודער! טייז רעטטער! מיין גוטער ענגעל! — האט קוראָפּאטניק איבערראַשט אויסגערופען, אומארמענד יאָזעפוס'ן.

ער האט מעהר ניט געקענט ריידען און האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

— לאָז מיך אויך דיך אומארמען, מיין ליעבער ברודער — האט דיאבא־לינא געזאגט — און פון איהרע אויגען האבען זיך אויך געגאָסען פריידענטרערען.

און אויך זיא האט איהם הערצליך אומגעארמט און האט איהם בעדעקט מיט הייסע קיססע.

— וויא אזוי האסט דוא אזא גרויסע, אונגלויבליכע זאך געקענט בעוויי־זען? — האט ענדליך קוראפאטניק געפרעגט.

— וואצו נוטצען דיר דיא ערקלערונגען, ברודער? פאר דיר איז גענוג דער פאקט, אז דוא ביזט גערעטעט. אונזער שוועסטער דיאבאלינא וועט דיעזע רעטזעל יא פעלישטעהן. וייל זיא וויים, וואס איך האב פאר דעם קייזער געטאהן.

— יא, איך ווייס און פערשטעה אלעס — האט דיאבאלינא געענטפערט. אך, וויא וואונדערבאר גאט האט דא מיט אונז געפיהרט. דאס איז וואהר וואס מען זאגט, אז אלעס איז ביז א צייט. א לאנגע, זעהר א לאנגע צייט האט אונז גאט געפלאגט, ענדליך אבער האט ער זיך דערמאנט, אז מיר זיינען אויך מענ־שען, און ער האט אונז אנגעהויבען צו העלפען. קוראפאטניק! ליעבער, בעס־טער פריינד! דוא מוזט אויך געגען דעם אלער־העכסטען ריכטער דיין דאנק־בארקייט צייגען און מוזט זיך דאס ווארט געבען, דוא זאלסט עהרליך און אנ־שטענדיג לעבען.

— יא, איך שווער פאר אייך מיינע ליעבע אינ'ם נאממען פון דעם גאָטט, וועלכער האט סיך יעצט פון א געוויססען טויט גערעטעט, אז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך איינער פון דיא בעסטע מענשען אין דער וועלט זיין, איך וויל

מיין לעבען בענוטצען אום אנדערע נוטצען צו ברייננגען, מיין גאנצעס שטרעבען, מיין גאנצע מיהע וועט זיין ארמע אונד אונגליקקליכע צו שטיטצען. איך פאהר אוועק אויף אימּמער פון רוססלאַנד, דאס לאַנד, וועלכע האט פון מיר לויטער שלעכטעס געזעהען, איך וועל פאהרען אין אנ׳אנדער לאַנד, אין אנ׳אנדער וועלט און דאָרט וועל איך אנ׳אנדער מענש ווערען, א מענש מיט עדלע שיינע געפיה־לע, אבער פריהער מוז איך מיין ליעבער טאָכטער זעהען, איך מוז וועניגסטענס איהר האַנד דריקען בעפאר איך געה פון איהר אוועק אויף אימּמער אונד עוויג.

— דאס קאָנסט דוא זעהער לייכט אויספיהרען — האט יאזעפוס געענט־ווערט — פאהר מיט מיר נאך יאבלאנסק און דוא זאלסט דאַרט דיין ליעבער טאכטער זעהן.

— איך פאהר מיט דיר ברודער! דיעזע גנאדע בעטראכט איך אויך זא גראס וויא דיא בעפרייאונג פון מיין לעבען.

— נעהמט מיך אויך — האט דיאבאלינא געבעטען — איך וויל אויך זע־העז דיין ליעבער טאָכטער. איך וויל אויך זעהען דעם דאָרף וואו דער גוטער סי־מאן האט זאפיעל געלידען און אונצעהליגע וואהלטהאטען געטאהן.

— דאס איז א גליקליכע אידעע — האט יאזעפוס געענטוווערט — זאלע־יעצט דיא דרייא אונגליקליכע עלענדע קינדער, וועלכע האבען זיך אמאל ארומ־געשלעפט איבער דער וועלט זוכען ברויט, יעצט אבערמאלס פעראיינען אום פערגעניגען צו האבען און פיעל גליק צו געניססען. אלזא בלייבט דאס אזוי, אז מיר פאהרען נאך הייטע אלע דרייא נאך יאבלאָנסק.

— יא — האבעןביידע, דיאבאלינא מיט קוראפאטניקן געענטוווערט.

— יאזעפוס האט אריינגערופען דעם סמאמריטעל פון געפעננענים, האט איהם געצייגט דעם קייזערס בעפעהל, מיא זאל קוראפאטניקן בעפרייען און דיע־זער האט זיך לאנג ניט געלאָזט בעטען און האט פאר קוראפאטניקן באלד געעפענט דיא טויערן פון דעם געפיעננענים.

## נז.

# זיא ווייס אלעס.

אין א שיינער פראכטפאָלע ווילא (דאציע) אונגעפעהר צעהן מייל פון ווייט פון פעטערסבורג, אין א גראססארטיגען לוסטגארטען אויף א גראָז באנק אונ־טער אלויברייכען בוים, זעהען מיר דער שיינער רעגינא געוועזענע פירשטין סאל־

טיקאוו. זיא האלט א בוך אין דער האנד און איז שטארק פערטיעפט אין דעם אינהאלט פון דיעזען בוך.

דיא וועלט האט אנ'אירדטהום געהאט דאמיט, וואס מיא האט געמיינט, אז זיא האט געהייראטעט יוסטן. דאס איז וואהר, אז זיא איז מיט איהם פון פעטערסבורג אוועקגעפאהר־ען מיט דער אבזיכט איהם צו הייראטען, אבער באלד האבען זיי זיך ביידע ארומגעזעהען, אז פאר זיי איז דאס קיין פלאן, זיי האבען פערשטאנען, אז ווען זיי וועלען זיך פערבינדען, וועט זייער נאממען אויף איממער בלייבען פערשמוטצט, מיא וועט זאגען, אז זיי האבען סאלטיקאוון אין גראב גע־טריעבען אום זיי זאלען קאנען הייראטען. ביי זיי איז געבליעבען זיי זאלען בעס־סער זייער ליעבע אויפאפפערן, אום ניט אויף עווינ צו שפאט און צו שאנדע זיין.

דאס ליענט שיין אין דעם חאראקטער פון דער ליעבע, דאס זיא איז נור דאן פלאטמענד ווען זיא קאן איהר ציעל ניט ערדייכען, און פיעלע הינדערניססע שטעהען איהר אין וועג, קוים אבער ווערען אלע הינדערניססע אבגעשאפט און זיא קאן לייכט איהר ציעל ערדייכען, דאן ווערט זיא אבגעקיהלט און דיא פערליעב־טע, וועלכע ווארען א לאנגע צייט וויא פערשיכורט, הייבען זיך אן אייסצוניכטערן און בעטראכטען אלעס מיט אפענע אויגען.

יוסט איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער האט זיך פון זיין שכרות אויסגע־ניכטערט. דיא גוטע ערציהונג, וואס ער האט ערהאלטען און דיא שיינע זיטען, וואס זיין פאטער האט אין איהם איינגעפלאנצט, האבען דאביי געווירקט ער זאל זיך ארומזעהען אין וואס פאר א בלאטע ער וויל פערקריכען און וויא זיין גאנצע קאריערע ווערט אויף איממער פערשמוצט. —

ער האט אבער אהיבשע צייט ניט געוואגט פאר רעגינאן צו ענטדעקען, דאס וואס ביי איהם אין הערצען איז פערבארגען. ווייל ער האט געדענקט, אז זיא וועט שרעקליך צארניג ווערען און וועט אויסער זיך פון פערצווייפלונג זיין הערענדיג, דאס דער מאן, מיט וועלכען זיא האט זיך בינשלאססען צו אנטלויפען נאך דאן ווען זיא וואר ביי איהר מאן אין הויז, ער ליעבט זיא שוין מעהר ניט, און וויל זיך פון איהר שיידען.

דאס איז געוועזען אין א האלב יאהר ארום נאכדעם, אז זיי זיינען ביידע פון פעטערסבורג אוועקגעפאהרען, זיי האבען דאן א ספאציער רייזע געמאכט איבער אייראפא, אום נאכהער זיך צוריק נאך פעטערסבורג אום צו קערען און דארט הייראטען.

וויא מיר ווייסען איז יאזעפוס אויך מיט זייביידען מיטגעפאהרען, אבער אלס ער האט בעמערקט, אז ער איז יעצט פאר רעגינאן ניט נאטהווענדיג האט ער זיי ביידען פערלאזען, יוסט האט זיך קיין ראטה געקאנט געבען, וואס ער זאל יעצט טאהן.

נאך א לאנגעס נאכדענקען איז ביי איהם געבליעבען ער זאל אליין זיך בע־מיהען אבשוואכען אין רעגינאס ברוסט דיא שטארקע ליעבע, וואס זיא טראגט דארט צו איהם.

ער האט איהר ערצעהלט, אז דערפאר, וואס ער איז געקוממען אין דעם פוסטען הויז זיא רעטטען פון יאבלאנסקים הענד, דארף זיא דאנקען איהר קא־מערדינער יאזעפוס, וועלכער האט איהם געמעלדעט פון דעם אונגליק, וואס איהר ערווארטעט.

זיא איז אויסער זיך געווארען, אלס זיא האט דאס ערהערט, זיא האט בעוואונדערט יאזעפוסעס גראססמוטה, וועלכער האט זיך געקאנט אזא לאנגע צייט איינהאלטען און איהר ניט זאגען, אז ער איז געוועזען דיא אורזאכע פון איהר רעטונג זיא האט יעצט פערשטאנען, אז אויך דעם בריעף, וואס איהר מאן האט איהר איבערגעגעבען פון איהר מוטער און האט איהר נאכהער ענטדעקט, אז דאס האט איהם אנ׳אנדערער איבערגעגעבען, אז אויך דער בריעף שטאממט פון יאזעפוסן.

יעצט ערשט האבען זיך איהרע אויגען געעפענט און זיא האט אנגעהייבען צו פערשטעהען אן יאזעפוסעס בעהאנדלונג אין דער גאנצער צייט, וואס ער האט ביי איהר געדינט, אז ער איז געוועזען צו איהר צוגעבונדען מיט לייב אונד זעעלע און ער האט זיך פאר איהר אינטערעסירט מעהר אלס אלע איהרע פערוואנדטע און בעקאנטע.

וויא האט זיא בעוואנדערט דיעזען יונגען מאן און וויא הויך ער איז אין איהרע אויגען געשטאנען! עס האט איהר זעהר לייד געטאהן, וואס זיא האט איהם געלאזט אוועקגעהן פון איהר. ניט אלע מאל געפינט מען אזא געטרייען מענשען, וועלכער זאל זיא שיטצען מיט אזא זעלבסטאויפאפפערונג

ער האט זיך יעצט פאר איהרע אויגען ניט אלס קאמערדיענער, זאנדערן אלס גוטער ענגעל פארגעשטעלט און זיא האט אנגעהויבען נאך איהם איינפאך צו בענגען. זיא האט איהם געוואלט נאך אמאל זעהן, איהם ווענינגסטענס בע־דאנקען פאר דיא גוטעס וואס ער האט איהר געטאהן, אבער וואו נעהמט מע איהם? ווער וויים, וואו ער איז?

איהר ליעבע צו יוסטען איז, וויא מיר האבען ערצעהלט, שוין לאנג אבגע־קאשען געווארען און זיא איז זעהר צופריעדען געוועזען, אלס זיא האט בעמערקט, דאס אויך ער איז צו איהר קאלט געווארען. זיי האבען זיך ענדליך אָפען ער־קלערט, אז זיי טאהרען ניט הייראטהען, אויס ריקזיכט אויף זייער עהרע, און האבען זיך גאנץ פריינדליך צושיידעט, מיט דער געגענזייטיגער פערזיכערונג, דאס זיי בלייבען פריינדע זייער גאנץ לעבען.

רעגינא האט זיך בעזעטצט אין איהר פאטערס ווילא, דארט וואו זיא איז געבארען און ערצאגען געווארען. דא האט זיא געלעבט אבגעזאנדערט פון דער וועלט, אין רוהיגער איינזאמקייט, דא האט זיא גענוג צייט געהאט צו ווארפען א בליק אויף איהר פערגאנגענהייט, וועלכע וואר זעהר רייך מיט זאנדערבארע עראייגניססע.

נור מעהר פון אלעס האט זיא געטראכט וועגען יאזעפוסן, און ער איז פון איהרע געדאנקען ניט ארויס, דער אמאלינער קאמערדינער, וועלכען זיא האט בעטראכט אלס א קליין מענשעלע, וועלכער האט ניט פערדינט מיא זאל איהם א פריינדליכען בליק שענקען, האט אין איהרע אויגען זעהער הויך אויסגעוואכסען און זיא וואלט דוכט זיך א האלב לעבען אבגענעבען זיא זאל איהם קאנען נאך א מאל זעהען.

דער געדאנק, אז זיא האט דעם עדעלמאן ניט בעלאהנט לויט וויא ער האט פערדינט, האט זיא ניט געלאזט רוהען און זיא האט ניט אויפגעהערט נאכ־צופארשען וועגען איהם, וואו ער איז אהינגעקוממען, וואו ער געפינט זיך יעצט.

דאמאלס, ווען מיר האבען זיא געזעהן זיטצענדיג אליין אין גארטען אונ־טער דעם בוים, האט מען איהר געמעלדעט, אז צוויא רייכע פרויען זיינען געקו־מען זיא בעזוכען. זיא חאט גטהייסען דיעזעביידע פרויען אריינפיהרען אין גאר-טען און, מען קען זיך פאָרשטעלען איהר איבערראַשונג, אלס זיא האט דערזעהען דיא מאדאם דע קרים מיט איהר טאכטער זשאנעטא.

דיא לעזער געדענקען געוויס פוז יאזעפוסעס שריפטען, אז רעגינא איז גע־ווען שטארק בעפריינדעט מיט אמעליע דע־קרים.

אמעליע איז אויך געוועזן זא שעהן און עדעל וויא רעגינא. זיא איז מיט דער פירסטין סאלטיקאוו בעקאנט געווארען און האט זיא ביי דער ערשטער בע-קאנטשאפט זא ליעב בעקומען וויא א שוועסטער, און אלס זיא האט בעמערקט, אז רעגינא איז זעהר טרויעריג, האט זיא פערשטאנען, אז זיא טראגט זעהר א

שווערע זארג אין הערצען און האט אזוי לאנג נאכגעפארשט, ביז זיא האט ערפאהרען, וויא אונגליקליך רעגינא לעבט מיט איהר מאן. זיא האט מיט לייב און לעבען איהר געוואכט העלפען, אבער וויא אזוי? אנפאנגס האט זיא געפריווט ריידען מיט דעם פירסט אליין און איהם מיט גוטע, קלוגע רייד בעוועגען, ער זאל אנ'ארדענטליכער מענש און א געטרייער מאן ווערען. אלס זיא איז אבער געקומען צו דער איבערצייגונג דאס דיעזער מענש קען דורך גוטע, קלוגע רייד ניט בעסער ווערען און רעגינאן ערווארטעט א לאנגעס, פינסטערעס לעבען, האט זיא זיך בעשלאסען, רעגינאס אויפמערקזאמקייט אבצואווענדען פון איהר שרעקליכען מאן און איהר בעקאנט מאכען מיט אזא מענשען, אין וועלכען זיא וועט געפינען א ווירקליכען פריינד און וועט זיך אין זיין געזעללשאפט גליקליך פיהלען.

צווישען דיא מענשען, מיט וועלכע זיא האט רעגינאן בעקאנט געמאכט, איז אויך געוועזען יוסט. ער איז רעגינאן זעהער געפלען געוועזען פאר דיא גוטע טהאטען, וואס ער האט געטאהן און פאר זיינע קלוגע ווארטען. מיא קאן ניט זאגען, אז זיא האט איהם געליעבט מיט דעם פייער פון א הייס ליעבענדער, זיא האט איהם נור אלס פיינעם עדלען מענשען בעטראכט און זיינע ווארטען האבען זעהער זיס אין איהרע אויערן געקלונגען. זיא האט אין זיין געזעלשאפט איממער פערגעססען אן אלע איהרע ליידען, זיא האט געזונען פערגעניגען אין דעם. וואס יוסט האט זיא אלס מיטהעלפערין אין פיעלע פון זיינע וואהלטהאטען געמאכט. אמעליע איז זעהער צופריעדען געוועזען דאמיט, וואס זיא האט איהר פריינדין געלעגענהייט געגעבען איהרע שמערצען צו פערגעססען און איהר צייט אין נוטצליכעס צו פערברייננגען, אויך רעגינא איז דיעזער פריינדין דאנקבאר געוועזן פאר דער צערשטרייטונג, וואס זיא האט איהר געבראכט און דיאביידע פרויען זייגען נאך פעסטער איינער צו דער צווייטער צוגעבונדען געווארען.

ענדליך, אלס יוסט איז מיט רעגינאן אוועקגעפאהרען, האבען זיך דיא ביידע פריינדינען צו שיידעט, און עס זיינען איינינע יאהר פארביי געגאנגען און זיי האבען זיך ניט געזעהן.

דיא אומשטענדע האבען געבראכט דאצו, דאס עמיליאס טאכטער זשאנעטא האט זיך פערליעבט אין דעם יונגען גראף יאהאן יאבלאנסקי און האט זיא אין אזא בלאטע פערשלעפט, דאס דיא צערטליכע מוטער האט קיין אנדער וועג געהאט איהר טאכטער צו רעטטען וויא נור דורך איהר אייגענער פערבינדונג

מיט דעם אַלטען גראף פעטער יאבלאנסקי, וועלכער האט אום איהר האנד איי־ניגע מאל געבעטען.

אמעליא האט דעם אַלטען גראף זעהער גוט געקאנט אַלס אויסוואורף דער נאַטור. זיא האט זיך קיין מאל מיט איהם געוואלט בעגעגנען, נור וואס טוהט אַ מוטער ניט צוליעב קינדער. דיא געטרייע מוטער האט זיך יעצט געמוזט אויפאפפערן צוליעב איהר קינד.

וויא אונז איז בעקאנט, האט זיא מיט איהר טאכטער א בעזוך אבגעשטאַ־טעט דעם גראף יאבלאַנסקי, מיט דער האפפנונג, אַז דא וועט איהר געלינגען איהר טאכטערס שאנדע, דורך א הייראטה מיט יאהאנען פערדעקען. זיא האט יאבלאַנסקין דייטליך ערקלערט, אַז זא קען זיינע ניט זיין, בעפאר זשאנעטא וועט ניט זיין יאהאנס פרויא.

דער גראף פעטער יאבלאַנסקי האט אלע קרעפטע אוועקגעלייגט, דיא פער־בינדונג פון זיין זאהן מיט זשאַנעטאן צו שטאנדע צו בריינגען, אבער דאס האט איהם ניט געלונגען און דיא ענדע איז געווען, וויא אונזערע לעזער איז שוין בעקאנט דער שרעקליכער סקאנדאל, אין וועלכען יאהאן האט זיין לעבען פערלארען און אמעליא איז קוים מיט דעם לעבען אנטלאפען געווארען.

דער אונגליקליכער אמעליאן איז פעטערסבורג צו ענג געווארען. זיא האט דא ניט געקענט פערבלייבען, ערשטענס אוים פורכט, מען זאל איהר טאכטערס שאנדע ניט ערפאהרען, און צווייטענס האט זיא געפירכטעט, פיעלייכט וועט מען ערפאהרען פון דעם, וואס מיט איהר אליין האט דא פאססירט, אַז אין דעם מאָרדטהאט פון דעם גראף יאבלאַנסקי האט זיא א גרויסע ראָליע געשפיעלט, דארום האט זיא זיך בעשלאָסען, פון פעטערסבורג אוועקצופאהרען מיט איהר טאכטער.

אבער וואהין? פאר וועמען קען מען איהר טאכטערס געהיימניס, וועלכער מוז באלד ענדעקט ווערען, פערטרויען?

זיא האט זיך דערמאָנט אן איהר פריינדין רעגינא און ביי איהר איז גע־בליעבען, זיא זאל מיט איהר זשאנעטאן פאהרען צו איהר.

און אזוי האט זיא געטאהן.

קיין פעדער איז אימשטאנדע צו בעשרייבען רעגינאס איבעררּאשונג, אלס זיא האט פאר זיך דערזעהען איהר בעסטע פריינדין אמעליע. דיא בעגעגנונג, וואר זעהר א ריהרענדע אוןביידע פריינדינס האט האבען זיך א לאנגע צייט אומגעארמט און הייסע טרערען פערגאססען.

נאכהער האבען זיי אנגעהויבען איינע דער צווייטער ערצעהלען, וואס מיט יעדע פון זיי האט פּאססירט אין דער צייט, וואס זיי האבען זיך ניט געזעהן.

רעגינא האט געשווידערט אלס אמעליע האט איהר ערצעהלט פון דעם לעצטען סקאנדאל, וואס יאהאן האט געמאכט אין יענעם פּוסטען הויז. זיא האט זיך דערמאנט, אז פּונקט אזא סקאנדאל האט דער אלטער יאבלאנסקי מיט איהר געמאכט.

— עס פרייעט מיך וואס דער באנדיט יאהאן האט אזא ענדע גענומען — האט זיא געזאגט, אלס אמעליע האט איהר ערצעהלונג געענדיגט — ער האט זיין פערדינטע שטראפע ערהאלטען, אזא ענדע זאלען האבען אלע זאלכע טיראנען אונד אונמענשען וויא ער איז. איהר ליעבע פריינדין דארפט זיך דיא מיהע געבען, דאס אלעס צו פערגעססען, איהר דארפט דאס בעטראכטען וויא א שרעקליכען טרוים. איך בין זעהער צופריעדען, וואס איהר זייט אהער געקוממען. דא קאנט איהר מיט אייער ליעבער טאכטער וואהנען וויפיעל איהר וועט וועלען, איך וועל אייער געטרייע שוועסטער בלייבען אין אללע צייטען. איך גלויב, אז אויך דער אלטער יאבלאנסקי, יענער פערפלוכטער מענשענפרעססער וועט אויך אזא ענדע האבען וויא זיין זאהן.

— וויא איך פערשטעה מיינט איהר ליעבע רעגינא, אז פּעטער יאבלאנסקי איז דער זעלבער וואס איהר האט אמאל געקאנט—האט אמאליע געזאגט.

— מיט וואס איז ער דען אנדערש געווארען ?

— ער איז אין גאנצען אנדערש געווארען. איך וויים ניט פון וואנען דאס איז געקוממען, אבער אין דער לעצטער צייט האב איך איהם גאר ניט ערקאנט. ער האט אנגעהייבען צו בערייהען אלע זיינע זינד, וואס ער האט אין זיין יוגענד בעגאנגען און עס איז געקוממען דאצו, וויא איהר האט שוין פון מיר געהערט, דאס ער האט זיין אייגענעם זאהן ערמאָרדערט, דערפאר וואס ער האט זיך ערלויבט פריהער מיין טאכטער צו פעראונגליקען און נאכהער מיך זא אונמענשליך צו בעהאנדלען.

— דאס וואלט איך קיין מאל געגלויבט — האט רעגינא געזאגט — דיעזער טייפעל זאל ווערען פּלוצלינג א גוטער מענש, דאס האב איך קיין מאל ערווארטעט.

— איהר זאלט דאס גלויבען, פריינדין, איך וועל אייך קיין ליגען זאגען. איך וויעדערהאלע מיינע ווארטען, אז דער גראף יאבלאנסקי איז אנ׳אנדער מענש

מעניש געווארען. איז אייך ניט גענוג דער בעוויז, וואס ער האט זיין ליעבען, איינציגען זאהן יאָהאן ערשאָסען, ווייל ער האט ניט געקענט ערטראָגען זיין ניע־דערטרעכטיגקייט.

— יא, דאס איז ווירקליך א בעוויז, און מיר מוזען גלויבען, אז פון טייפ־כען קענען ווירקליך ענגלען ווערען.

— מען האט מיר נאך א מערקווירדיגע זאך ערצעהלט — האט אמעליא געזאגט — דאס ער האט זיינעם א קאמערדיענער מיט זיין מוטער און שוועס־טער אין זיין הויז אריינגענומען און האט זיי גליקליך געמאכט.

— וואהרשיינליך איז דאס ניט אומזאנסט.

— יא, איך האב אייך גאר פערגעסען צו ערצעהלען, אז דיעזער קאמער־דיענער, וועלכען יאבלאָנסקי בעוויזט זאפיעל ליעבע, איז אייך גוט בעקאנט, דען ער האט ביי אייך אויך א לאנגע צייט געדיענט.

— איז דאס פיעלייכט יאזעפוס ? — האט רעגינא איבערראשט געפרעגט.

— יא, איהר האט מיך דערמאנט. זיין נאמען איז יאָזעפוס.

— ווירקליך ? יאזעפוס איז יעצט ביי דעם גראף יאבלאנסקי ?

— יא, ער איז ביי איהם. איך אליין האב איהם דארט געזעהן און האב איהם גלייך ערקאנט.

— אזוי ? איז יאזעפוס ביי דעם גראף יאבלאָנסקי ? אויב אזוי, איז מיר ווירליך קיין וואונדער, וואס דיעזער טייפעל איז אזוי גוט געווארען, דען דארט וואו יאזעפוס איז, מוז אויך דיא טוגענד זיין, ווייל ער איז נאך מיינער מיינונג דיא טוגענד אליין.

— אזוי ? — האט אמעליא ער׳שטוינט געפרעגט.

— יא, פריינדין ! דיעזער יאזעפוס האט מיט מיר אזוי פיעל געטאהן, וואס איך קאן דאס קיין מאל פערגעססען, איהם האב איך צו פערדאנקען פאר מיין לעבען און מיין עהרע.

און זיא האט ערצעהלט אמעליען אלעס וואס יאזעפוס האט פון איהרט וועגע געטאהן.

ער איז ווירקליך אמערקווירדיגער מענש האט אמאליע מיטגעשטיממט. שאדע וואס איך האב דאפאן ניט געוואוסט, זאנסט וואלט איך איהם וועניגס־טענס מיין דאנק געגעבען פאר דיא גוטעס, וואס ער האט אייך געטאהן.

— איך מוז צו מיין גראססער שאנד איינגעשטעהן, דאס אויך איך האב פון דעם ניט געוואוסט ביז ער איז פון מיר אוועקגעגאנגען; און אז איך אליין

האב איהם מיין דאנק ניט געגעבען און דאס גיט מיר קיין רוהע. איך הער ניט אויף וועגען דעם צו קלערען וואו איך זאל איהם זעהען אום איך זאל איהם קאָנען בעלאהנען פאר דיא פיעלע וואהלטהאטען, וואס ער האט מיט מיר געטאהן. און איך בין אייך דארום זעהער דאנקבאר דערפאר, וואס איהר האט מיר געזאגט, וואו ער איז, איך וועל איהם שוין אויסגעפינען און וועל וויסען וויא איהם צו בעלאהנען. קאנט איהר ליעבע אמאליא פיעלייכט אנפרעגען ביי יעמאנדען אין יענעם דארף צו איז יעצט יאזעפוס דארטען.

— דאס איז זעהער לייכט, איך קאן דאס אנפרעגען דורך א בריעף בייא דעם עקאנאם פון יאבלאנכק און ער וועט מיר באלד א ריכטיגען אנטווארט שיקען.

— זייט זשע אזוי פריינדליך און שרייבט איהם גאך הייטע א בריעף, דען איך בין זעהר נייגיעריג דאס צו וויסען.

אמעליא האט באלד אוועקגעשריעבען א בריעף צו יאבלאנסקים עקאנאם, אין וועלכען זיא האט איהם אנגעפרעגט, צי יאזעפוס איז דארט.

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט רעגינא דעם אנטווארט אויף דיעזען בריעף ערווארטעט און אין צווייא וואכען ארום איז ענדליך אנגעקומען אן ענטפער, אז יאזעפוס איז יעצט אין פעטערסבורג, אבער מען ערווארטעט איהם יעדען מאמענט, וויל דער גראף יאבלאנסקי איז אויף צווייא מאנאטען געפאהרען נאך פאריז און ער האט יאזעפוס'ן איבערגעגעבען דיא הערשאפט איבער יאבלאנסק, וויא אויך איבער אלע זיינע גיטער.

— איך מוז נאך יאבלאנסק פאהרען — האט רעגינא צו זיך אליין געזאגט — מיין שולדינקייט איז, איך זאל מיין עהרע פערבויגען און פאהרען צו דיעזען קאמערדיענער, איהם בעווייזען, דאס איך בייג מיין גרעפישען קאפף מיט דאנקבארקייט, פאר דיא פיעל גוטס, זואס ער האט מיט מיר געטאהן.

זיא האט קיינעם ערצעהלט, וואהין זיא וויל פאהרען איהר פריינדין אמעליע האט זיא ערצעהלט, אז זיא האט ערהאלטען א נאכריכט פון איהרען א קאָזין, דאס ער איז געפעהרליך קראנק, דארום מוז זיא איהם וואס צום גיעכסטען א בעזוך אבשטאטען.

און זיא איז אוועקגעפאהרען נאך יאבלאנסק.

פאהרענדיג, האט זיך איז איהר דער גרעפישער שטאָלץ ערוועקט און האט איהר וויא צוגערופען: וויא שעהמסט דוא זיך ניט פאהרען צו אזא מענשען,

וועלכער האט דיינע שיך געפוטצט אין האט דיא עהרע ניט געהאט, דוא זאלסט מיט איהם וויא מיט א מענשען ריידען. פערגעסט דוא דען, אז דוא ביזט א גרעפין און ער איז א משרת, א זאהן פון ארמע עלטערן פון דער ניעדריגסטער קלאססע ?

אבער איהר געוויססען האט באלד דיעזע ענאַאיסטישע געדאנקען פון איהר קאפף פערטריבען און האט איהר ערקלערט, אז אויך א זאהן פון דער ניעדריגסטער קלאססע איז א מענש און האט דאס רעכט אויף דאנקבארקייט, וויא דיא גראפען און פירסטען.

— אך, ווען ער זאל זיין א זאהן פון אנ׳אנשטענדיגער פאמיליע ! — האט זיא זיך געקלערט — וויא גליקליך איך וואלט געווען....

## נח.

## ביטערע ערינערונגען.

ווען פרייעט זיך אנ׳ארימאן, ווען ער פערליערט עטוואס און געפינט דאס צוריק — זאגט דיא וועלט א ווערטעל. אויך דער אונגליקליכער שמיליק, דער פאכטער פון דעם גראף יאבלאנסקים פיה, האט זיך יעצט זעהר געפרייעט, אלס מען האט פאר איהם אויפגעעפענט דיא טיהר פון דעם אלטען הויז, וואו ער מיט זיין פאמיליע האבען זאפיעל יאהר געוואהנט און מען האט זיי פון דארט ארויסגעטריעבען. דיעזע אונגליקליכע פאמיליע האט זיך גאר ערקוויקט, אלס מען האט זיי אין דיעזער אלטער חורבה צוריק אריינגעלאזט. זיי האט אויסגעזעהן, אז דיא טויערען פון גן עדען האבען זיך פאר זיי געעפענט.

אבער דיא שמחה האט ניט לאנג געווערט. זיי האבען זיך באלד ארומגעזעהן, אז מיט א שטוב אליין קען מען ניט לעבען. דער מאגען פארדערט עסען און דאס לייב פארדערט, מען זאל איהם בעקליידען, און דיעזע אלע זאכען האט זיי געפעהלט, דען קיין געלד האבען זיי ניט געהאט. זיי האבען געמוזט אנקומען צו דיא בעקאנטע מוזשיקעס פון דעם דארף, ביי זיי ברויט צו בעטען, אום זייער הונגער צו שטילען.

דיא אלע פיה וואס זיי האבען געהאלטען אין פאכט, האט דער גראף יאבלאנסקי פערקויפט און זיי האבען דא גאר ניט געהאט וואס צו טאהן.

— איך זאג דיר שמיליק, אז מיר מוזען אנטלויפען פון דיעזען פערשאלטענעם דארף — האט ציפקע געזאגט צו איהר מאן — דוא זעהסט דאך, אז אונ-

זער גאנצעס לעבען אין דיעזען דארף איז פערגאנגנען אין דחקות און אין צרות. זייט מיר האבען זיך אהער אריינגעקליעבען, האבען מיר נאך איין גוטען טאג ניט געהאט. היינט צו וואס זאלען מיר דא פערבלייבען? האט שוין דען גאט אין דער גאנצער וועלט ניט מעהר וויא דעם איין דארף?

— אבער וואהין קענען אזעלכע ארמע לייט, וויא מיר זיינען, אנטלויפען? האט שמיליק ערווידערט — מיר זיינען דאך אזעלכע ארמע לייט, דאס מיר האבען אויף ברויט ניט. וואו זשע וועלען מיר קענען אוועקפאהרען פון דאנען?

— לאמיר זיך אנ׳עצה געבען, שמיליק. זיינען מיר דען ביי גאט ניט אזעלכע קינדער וויא אלע מענשען?

— מיר זיינען טאקי אזעלכע מענשען וויא אלע, אבער אונזער מזל איז אנ-אנדערער. מיר זיינען אין א פינסטער מזל געבארען געווארען. דוא בערעכענסט גאר ניט, וויפיעל צרות מיר האבען געהאט, זייט מיר זיינען דא. פון אלע צעהן קינדער וואס מיר האבען געהאט, איז נור געבליעבען איינע. אכט זיינען געשטארבען און איינע איז פערפאלען געווארען, און מיר ווייסען נאך ער היום הזה ניט, וואו זיא איז אהינגעקומען.

— אָ, דערמאָן מיר גאר ניט יענעם אונגליק! — האט ציפקע ערציטערט אויסגערופען — דען ווען איך דערמאָן מיך אן דעם, פיהל איך דעם טויט אין אלע מיינע גליעדער, און דערפאר בעמיהע איך מיך, דאס אין גאנצען צו פערגעסען.

— ניין, ציפקע, אזוי דארף ניט זיין, ווייסט דוא דען ניט, אז אונזער שולדיגקייט איז, מיר זאלען אלע יאהר שטעלען א יאהרצייטליכט נאך דיא ליעבע פערזאנען, וואס זיינען געשטארבען. נוא, דארפען מיר דאך דיא לעבענדיגע, וואס זיינען פערפאלען געווארען, געוויס אפט דערמאנען, בעזאנדערס אזא ליעב קינד, וויא אונזער גיטעלע איז געווען. נאך שטעהט מיר פאר דיא אויגען איהר שעהנעס, ליעבעס געזיכט. דוא געדענקסט, ציפקע, וויא דיא גרעפין יאבלאָנסקי איז קומענדיג פון פראנצייזענלאנד איבעררא<br>שט געווארען, אלס זיא האט אונזער ניטעלען דערזעהן. זיא האט געזאגט, אז זיא זעהט דאס ערשטע מאל אזא שעהן קינד ביי אידען.

— נוא, און דאס האסט דוא פערגעסען, וויא יענער ווילדער מענש, וועלכער איז ארומגעפאהרען מיט א ווילדען עזעל אויפצוקויפען אלטע זאכען, איז שיער משוגע געווארען, אז ער האט דערזעהען גיטעלען. ער האט פון איהר ניט

געקענט דיא אוינגען אברייסען און האט נ׳זאגט, אז אפילו ביי דיא גרעסטע פריי־צים האט ער אזא זים שעהן קינד ניט געזעהן. דוא געדענקסט, וויא ער האט איהר אין דער הענטעל אריינגערוקט א גאלדענע מטביע און האט איהר געגע־בען א גאנצען פאפיער מיט לעקעך?

— יא, איך געדענק דאס — האט שמיליק געענטפערט — און איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז יענער ווילדער מענש געהט מיר פון מיין געדאנק ניט ארויס.

— ווארום וואס?

— עפעס זאגט מיר דאס הערץ, אז ער איז שולדיג אין דעם, וואס אונזער גיטעלע איז פערשוואונדען געווארען.

— וואס פאלט דיר איין, משוגענער? וואס פאר א מחותן איז ער מיט גיטעלעס פערשווינדונג?

— דאס הערץ זאגט מיר, אז ער איז א גרויסער מחותן מיט דעם. אויב דוא וועסט פון מיר ניט לאכען, וועל איך דיר זאגען, אז .....

— אז וואס? — האט ציפקע נייגיעריג געפרעגט.

— אז יענער ווילדער האט אונזער גיטעלען צוגענומען.

— וואס רעדסט דוא אזעלכע נארישקייט? וואס הייסט, ער האט זיא צו־גענומען? צו וואס האט ער זיא בעדארפט?

— דער שווארציאָהר זאל איהם וויסען. אבער זייט זיא איז פערשוואונ־דען געווארען, געהט מיר פון קאפף דער געדאנק ניט ארויס, אז יענער ווילדער האט זיא צוגענומען.

— נעה, דוא ביזט א נאר און ווייטער גאר נישט. איך רעכען, אז זיא איז אריינגעפאלען אין טייך און האט זיך דערטרונקען. דאס וואסער האט זיא ער־נעץ פעריאגט און דאריבער האט מען זיא ביז אויף היינטיגען טאג נאך ניט געפונען.

— דאס קען אויך זיין — האט שמיליק זיפצענד געענטפעט. — אבער וואס קומט ארויס פון דעם ריידען? מיר קענען שוין ניט האפען, זיא צו געפי־נען. א דאנק גאט דערפאר, וואס ער האט אונז חאָטש איין קינד איבערגעלאָזט. לאָמיר זיך טרייסטען מיט איהר. איצט לאָמיר בעסער קלערען, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן. ווען סימאן זאל דא געוועזן זיין, וואלט ער אונז געוויס געהאלפען; אבער דער גראף יאבלאָנסקי האט איהם געמאכט סאר א בעל הבית איבער

זיינע דערפער, וואס געפינען זיך ארום אדעססא, און אויסער איהם האבען מיר דא קיינע גוטע פריינד.

— דו ווייסט וואס מיר איז איינגעפאלען, שמיליק ? — האט ציפקע נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט.

— וואס ?

— טאמער ואלטען מיר זיך געווענדעט צו מאריא׳ן ? זיא איז דאך אזא גוטע פרוי. דיא גאנצע צייט וואס זיא איז געווען אין אונזער שטוב האבען מיר זיא צוגעזעהן וויאנ׳אייגענע שוועסטער און זיא איז דאך שוין אצינד רייך. איך גלויב, אז זיא וועט אונז העלפען אין אונזער נויטה.

— איך האב דאס שוין אליין אויך געקלערט, אבער מען קען דאך צו איהר ניט צוקומען. דיא דאקטוירים האבען אנגעזאגט, מען זאל צו איהר קיינעם צולאזען, און דיר וועט קיין זאך ניט העלפען, מען וועט דיך ניט לאזען צו איהר צוטרעטען.

— וואס זשע טוהט מען, שמיליק ? — האט ציפקע מיט א פערצווייפעלטער מינע געזאגט.

— איך האב יא אנ׳עצה.

— נוא, רייד זשע שוין, וואס פאר אנ׳עצה האסט דו ?

— מען זאגט, אז דיא טעג דארף יאזעפוס אהער קומען. ער איז דאך א דימענטענער מענש און ער איז איצט דעם גראפס א זאהן און איז דער גאנצער בעל הבית איבער דיעזען דארף. דו וועסט זעהן, אז ער וועט אויף אונז רחמנות האבען און וועט אונז העלפען.

— דאס האסט דו רעכט, שמיליק — האט ציפקע ערפרייעט אויסגערופען — יאזעפוס וועט אונז באקי העלפען, מען דארף נור געוואהר ווערען, ווען וועט ער אהער קומען.

— דאס קענסט דו זעהר גרינג געוואהר ווערען און באלד וויא ער וועט אהין קומען, וועל איך אדער מירביידע צו איהם ארייננעהן און דו וועסט זעהן, וויא מיר וועלען געהאלפען ווערען.

— הלואי פון דיין מויל אין גאטס אויערן. עס איז שוין טאקי צייט, צו אונזערע צרות זאל שוין נעהמען א סוף. מיר זיינען, דוכט זיך, גאר ניט אזוי זינדיג, וויא זיין ליעבער נאמען שטראפט אונז אזוי.

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט, האט אויסגעווישט א פאר טרערן פון איהרע אויגען און איז ארייגעגאנגען אין קיך.

שמיליק האט אראפגענומען זיין אלטען תהילים פון דער פּאָליצע, האט איהם אויפגעעפענט און האט אנגעהויבען מיט א טרויעריגען ניגון אין איהם צו לייענען.

עס איז קיין פירטעל שטונדע איבערגעגאנגען, האט ער געמוזט אויפהע־רען צו לעזען, דען דיא טיהר האט זיך אויפגעעפענט און דיאבאלינא, יאזעפוס און קוראפּאטניק זיינען אריינגעקומען.

## נט.

## גאטס פינגער.

וויא אונז איז שוין בעקאנט, איז ביי דיא דרייא פריינדע געבליעבען, זייא זאלען אריינפאהרען אין דעם דארף יאבלאנסק, אום קוראפּאטניק זאל דיא גע־לעגענהייט האבען זיין טאכטער קאטינקאן צו זעהן, און באלד וויא קוראפּאטניק איז בעפרייעט געווארען פון זיין געפענגניס, זיינען אלע דרייא גאך יאבלאנסק אוועקגעפאהרען.

אלע דרייא ווארען זעהר לוסטיג און מונטער. דיא רייזע נאך יאבלאָנסק איז ביי זיי איבערגעגאנגען אין א פערגניגטעס פלוידערען.

ענדליך זיינען זיי אנגעקומען אין דעם וועלדעל, וואס האט ארומגערינגעלט דעם דארף יאבלאָנסק.

אין דיעזען וועלדעל איז געוועזן א קליין טייכעל, נעבען וועלכער עס זיינען געשטאנען דרייא ריעזען־הויכע עפּעלבוימער.

אלס זיי זייגען צו דיעזען פּלאטץ צוגעפאָהרען, האט דיאבאלינא א חאַפּ געטאן יאזעפוס'ן פאר דער האנד און האט געזאגט:

— יאָזעפוס, וואו געפינען מיר זיך יעצט?

— נעבען יאבלאָנסק — האט יאזעפוס געענטפערט.

— מיין גאטט! — האט דיאבאלינא געשטאממעלט—וויא קענטליך דיע־זער פּלאטץ ערשיינט אין מיינע אויגען. דיעזע דרייא בוימען, דיעזער טייכעל... איך קען שווערען ביי אלעם וואס הייליג איז, אז איך בין שוין דא אמאל געוועזן.

— דאס איז אונמעגליך — האט קוראָפּאטניק געענטפערט — דען אלס מיר זיינען אין אונזער קינדהייט ארומגעגאנגען איבער דיא דערפער, זיינען מיר דא ניט געוועזן.

— אבער דיעזער פּלאַטץ איז מיר פּאָרט שטארק בעקאנט — האט דיא־באלינא געזאגט — ווארט נור, איך וועל מיך דערמאָנען. יא, דאס איז ריכטיג! איך האב אימער אונטער דיעזע בוימען געשפּיעלט, אלס איך ווער נאך א קינד. דאָ, אויף דיעזען פּלאַטץ, האט מיך דער ווינדהונד געטראפּען אין יענעם טאג, ווען ער האט מיך אלס זיינע געפענגענע אוועקגעפיהרט. ברידער, דאס הערץ זאגט מיר, אז איך געפין זיך יעצט אין מיין אלטער הייםאטה

— זאל דאס מעגליך זיין ? — האבעןביידע ערשטוינט אויסגערופען.

— איך צווייפלע גאר אין דעם ניט — האט דיאבאלינא געענטפערט — איך געדענק, אז איך פלעג דא אויף דיעזען ארט איממער שפּיעלען מיט מיינע חברתעס. איז ניט ווייט פון דאנען פאַראַן א פּוסטע מיהל ?

— יא — האט יאזעפוס געענטפערט.

— נוא, אויב אזוי, איז שוין ביי מיר קיין צווייפעל פאראן, אז דא איז דער דאָרף וואו איך בין געבאָרען געווארען.

— געדענקסט דוא נאך דאס הויז, וואו דיינע עלטערען האבען געוואהנט ?

— וויא דורך א חלום געדענק איך, אז ביי אונז אין הויף פלעג איך זעהן זעהר פיעל פיה.

— וואלסט דוא ערקאנט דאס הויז, וואו דיינע עלטערן האבען געוואהנט ?

— איך ווייס ניט. עס קען זיין, אז ווען איך זאל דאס הויז זעהן, וואלט איך זיא ערקאנט.

וואס נעהענטער זיי זיינען צו דעם דארף ציגעפאהרען, איז דיאבאלינא אלץ מעהר איבערראַשט געווארען, דען יעדער בוים, יעדער געגענשטאנד וואס זיא האט דא געזעהן, איז איהר זא בעקאנט פארגעקומען, וויא אלטע פריינדע, וועל־כע מען האט שוין א לאנגע צייט ניט געזעהן.

— מיינע ברידער ! — האט זיא אויסער זיך פאר פריידע אויסגערופען — איהר פיהרט מיך אהיים, צו דער וויעג, אין וועלכער איך בין אלס קינד געלעגען. עס איז דאך אויך מעגליך, איך זאל דא מיינע עלטערן געפינען, אויב זיי לעבען. איך בין וויא בערוישט, וויא פערריקט פאר פריידע.

— נור רוהיג, מיין שוועסטער — האט יאזעפוס ערוויעדערט — אויב דוא האסט ווירקליך דיין הייםאטה ערקאנט און דוא ביזט דורך אזא זאנדערבארען, מערקווירדיגען וועג צוריק אין איהר געקומען, זאלסט דוא זיין, געפּאסט אויף דעם גרויסען גליק, דיינע עלטערן צוריק צו זעהן, וויא אויך, בעהיטע גאט, אויף

(S. M., 29).

דער נאכריכט, דאס זיי לעבען ניט מטהר. מיר וועלען שוין אויסגעפינען, ווער זיי ווארען. מיר שיינט, אז דוא האסט געזאגט, דאס דוא ווייסט ווי דיינע מוטער הייסט

— יא, איהר נאמען איז ציפקע.

— ווייסט דוא דאס בעשטימט ?

— יא, בעשטימט. אך, האט זיא מיך געליעבט ! זיא שטעהט מיר נאך פאר די אויגען. זיא וואר א יונגע, געזונדע, שעהנע פרויא, מיט שווארצע אויגען און פייער־רויטע באקען.

— נוא, און דיינען פאטער געדענקסט דוא ניט ?

— קוים וואס איך קען מיך אן אן איהם עראינערען. מיר שיינט, אז ער וואר א א הויכער, געזונדער מאן, וואס האט אימער געארבייט אדער געקוקט אין א בוך און האט קוים געלעזען.

— זיין נאמען געדענקסט דוא ניט ?

— ניין.

זיי זיינען ענדליך אריינגעפאהרען אין דעם דארף.

— זייגען דיר די הייזער און די גאסען בעקאנט ? — האט קוראפאטניק געפרעגט.

— ניין — האט דיאבאלינא געענטפערט.

— דאס איז קיין וואונדער — האט יאזעפוס געזאגט — זעהסט דוא דען ניט אז די אלע הייזלעך זיינען נייע ? דא האט געמוזט אמאל א גרויס פייער אויסברעכען, וואס האט אלע הייזער פערברענט און אויף זייער פלאטץ האבען זיך נייע אויסגעבויט.

נור אלס דיאבאלינא האט דערזעהן דעם הייכען קלויסטער, וואס אין דעם דארף איז געשטאנען, האט זיא א געשרייא געטאהן :

— איך האב איהם ערקאנט ! דיעזער קלויסטער איז געשטאנען אין אונזער דארף. איך געדענק, אז איך פלעג זעהר בענייידען די קינדער, וואס פלעגען אין איהם אריינגעהן, אבער מיינע מוטער האט מיך קיינמאל אהער געלאזט, איך פערשטעה ניט, ווארום.

אלס זיי זיינען טיעפער אין דארף אריינגעפאהרען און זיי האבען דערזעהן דעם גרויסען ברונען וואס פון איהם האבען אלע דארפסלייט געשעפט וואססער, האט דיאבאלינא אויסער זיך פון איבערראשונג א געשרייא געטאהן. פון דיעזען

ברונען פלעגט אויף מיינע מוטער שעפען וואסער. איך האב מיך יעצט ריכטיג דערמאנט, אז דארט אין דער צווייטער גאס געפינט זיך דאס הויז פון מיינע עלטערען. איך וועל דאס הויז ערקאנען, דען יעצט הויב איך זיך אן צו דערמאָנען, וויא דאס הויז האט אויסגעזעהן. גיכער, מיינע ברידער! לאמיר פאהרען אין יענער גאס.

זיי זיינען ארייננעפאהרען אין דער צווייטער געסעל, וועלכע האט זיך גע-צויגען ביז צו דער ענדע פון דעם דאָרף.

קוים האט דיאבאלינא דערזעהן פון ווייטען דאס הויז וואו שמיליק דער פאַכטער האט געוואהנט, האט זיא א געשרייא געטאהן:

— דאס איז מיינע עלטערנ׳ס הויז!

— מיר מוזען עס בעטראכטען אלס א וואונדער פון גאט — האט יאזעפוס געזאגט — עס קען נאך זיין, אז דו וועסט דא געפינען דיינע עלטערן לע-בענדיג. איך וויים, אז אין דעם הויז וואהנט דער פאַכטער פון מיין פאטערס פיה. איך ווייס זאגאר, אז ער הייסט שמיליק, נור וויא זיין פרויא הייסט, ווייס איך נים. מיינע מוטער האט אין דעם הויז א קורצע צייט געוואהנט. זיא האט מיר ערצעהלט, אז דעם פאכטערס פרוי בעהאנדעלט זיא זעהר גוט און איך האב מיך נים בעמיהעט צו וויסען, וויא זיא הייסט.

— לאמיר ארייננעהן אין דעם הויז — האט קוראָפּאטניק געזאגט.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר וועלען אהין ארייננעהן — האט דיא-באלינא געענטפערט — אך, מיינע פריינדע! איך קען אייך גאר נים פארשטע-לען, וויא דאס הערץ קלאפט אין מיר יעצט

— איך האב דיך שוין געבעטען, מיין שוועסטער, דוא זאלסט זיין אויף אלעם געפאסט — האט יאזעפוס געזאגט. אלזא, מיינע פריינדע, לאָמיר אין דעם הויז ארייננעהן.

זיי זיינען אלע דרייא אין דעם פאכטערס הויז ארייננעגאנגען אין האבען געטראָפען שמיליקען איבער דעם תהיכים.

שמיליק האט דיא געסט אנפאנגס העכסט עעשטוינט אנגעקוקט. אלס אבער ער האט יאָזעפוס׳ן דערזעהן, האט איהם זעהר געפרייעט, וואס ער האט יעצט דיא געלעגנהייט איהם צו בעטען, ער זאל איהם א טובה טאהן און זאל איהם דיא מעגליכקייט געבען, ער זאל קענען פון דאנען ארויספאהרען. דארום איז ער פון זיין ארט אויפגעשטאנען, האט ארונטערגענומען דיא ברילען פון דער נאז און האט געזאגט:

— זיי מיר וויללקאָמען, גראף. יעצט בעטראכט איך דיך אלס דעם זאהן פון גראף יאבלאָנסקי און איך וועל דיר דיא זעלבע עהרע אבגעבען, וויא דעם גראף אליין.

— איך בין אהער ניט געקומען ביי דיר עהרע צו זוכען — האט יאזעפוס פריינדליך געענטפערט — איך פערלאנג פון דיר אויך ניט, דוא זאלסט מיך מיט דעם שעהנעם טיטול גראף בעגליקען, איך וועל זעהר צופריעדען זיין, ווען דוא וועסט מיך אויך ווייטער בלויז מיט דעם נאמען יאָזעפוס רופען.

— איך וועל טאהן וויא דוא הייסט, גר.... ניין, איך וויל זאגען יאָזעפוס, זיטצט, מיינע פריינדע.

— מיר וועלען שוין זיטצען — האט יאָזעפוס ערוויעדערט — זאג מיר נור, גוטער שמיליק, וואו איז דיינע פרוי ?

— מיין ווייב, מיינסט דוא ?

— יא, דיין ווייב.

— זיא איז דא. אויב דיא דארפסט זיא, וועל איך זיא דיא מינוט אריינ־רופען. ציפקע, ציפקע ! — האט ער הויך געשריען — קום אהער, זעה, וואס פאר א גאסט מיר האבען.

— ציפקע ? — האט דיאבאלינא געשטאממעלט און האט זיך אנגעחאפט אן יאָזעפוסעס ארם.

— ש־ש־ש.... — האט יאזעפוס שטיל געזאגט.

דיא טיהר פון דער קיך האט זיך אויפגעעפענט און ציפקע איז אריינגע־לאָפען, ווישענדיג מיט דעם פארטוך דיא נאז.

— וואס זעה איך, דער גראף יאָזעפוס ! — האט זיא ערפרייעט אויסגע־רופען.

— איך האב שוין אייער מאן געבעטען, ער זאל מיך ניט רופען גראף, זאנ־דערען יאזעפוס אליין, און דאס זעלבע בעט איך אייך אויך.

— זעהר שעהן, איך וועל געווים טאהן אזוי וויא איהר הייסט מיר — האט ציפקע געענטפערט — ווער זיינען דיא פריצים ?

— נארישע אידענע — האט איהר שמיליק א שעפצע געטאהן אין איהר אויער — פאר וואס פרעגסט דוא אזעלכע נארישע קשיות ? פערשטעהסט דוא דען ניט, אז דאס מיידעל איז א בת מלכה ?

— זאנס מיר נור, גוטע פרוי — האט יאזעפוס געזאגט — איז אייער נא־מען ציפּקע?

— יא — האט דיא פרוי געענטפערט.

— מיר שיינט, אז איהר האט קינדער. וואו זיינען זיי?

— איך האב איין טאכטער, זאל געזונד זיין. זיא איז יעצט אונקגנעגאנ־גען׳רייסען שוואומען אויף ווארמעס.

— מעהר וויא איין טאכטער האט איהר ניט?

— מעהר ניט וויא דיא איינע, זאל זיא מיר זיין אויף לאנגע, לעבענדיגע יאהר.

— האט איהר מעהר וויא דיא איין טאכטער ניט געהאט?

— אָ, ניט פאר אייך און ניט פאר קיין מענשען גערעכט. איך האב גע־האט גאנצע צעהן.

— און אלע זיינען אויסגעשטארבען?

— אכט זיינען געשטארבען און איינע איז גלאט אזוי פערפאלין געווארען.

— פערפאלען געווארען?

— יא, מיט 20 יאר צוריק איז מיין קינד פלוצלינג פערפאלען געווארען. אך, איז דאס געוועזן א קינד! איך זאג אייך, א פשוטע מלכה. זייט דיא וועלט איז א וועלט, איז נאך אזא שעהן קינד ניט געוועזן.

— וואר דאס א יונגעל אדער א מעדכען?

— דאס איז געוועזן א מיידעלע, גיטעלע האט מען איהר גערופען. אך, איז דאס געוועזן א גיטעלע!

זיא האט ביי דיא ווארטען אויסגעווישט מיט דעם פארטוך א פּאר טרע־רען פון דיא אויגען.

— ווייסט איהר גאר ניט, וואס מיט דעם קינד איז געווארען?

— ניין, איך וויים נים. איך קלע״, אז זיא איז אריינגעפאלען אין טייך און איז ערטרונקען געווארען.

— האט איהר פיעלייכט געהאט אויף איהר א צייכען?

— אנטגעגנען וואס פרעגט איהר דאס?

— איך פרעג גלאט אזוי. וואס וואלט צום ביישפּיעל געוועזן, ווען צו אייך זאל קומען א מעדכען און זאל אייך זאגען, אז זיא איז אייער טאכטער, וואלט איהר זיא ערקאנען דורך אירגענד וועלבען צייכען?

— יא, איך האב אויף איהר א צייכען. אויף דעם מיזיניפעל פון דער לינ־קער האנד איז קיין נאגעל ניטא. א דאקטאר האט געזאגט, אז אויף איהם וועט קיינמאל קיין נאָגעל וואכסען.

— איז ביי אייער טאכטער געווען אזא פינגער וויא ביי מיר? — האט יעצט דיאבאלינא זיך אנגערופען מיט א צייטטערנדע שטיממע, צוגעהנד צו ציפ־קען און איהר צייגענד דעם קליינעם פינגער פון איהר לינקער האנד, וועלכער וואר אהן א נאגעל.

— הוא אלהים! — האט ציפקע ערציטטערט אויסגערופען, דערזעהענד דעם פינגער — גיעב נור א קוק, שמיליק, ריכטיג וויא ביי אונזער גיטעלען איז געווען דער פינגער.

— יא, וויא איך בין א יוד! — האט שמיליק ערשטוינט ערוויעדערט, א קוקטאָהנדיג אויף דעם פינגער — איך וואלט שווערען ביי מיין בארד און פיאות, אז דאס איז אונזער גיטעלעס פינגער.

— דאס איז ווירקליך אייער טאכטערס פינגער — האט יאזעפוס געריהרט געזאגט — דאס מערכען וואס שטעהט פאר אייך, איז אייער פערשוואונדענע טאכטער.

— הא? וואס? — האבעןביידע, שמיליק און ציפקע געשטאממעלט, קוקענדיג אמאל אויף יאזעפוס'ן און אמאל אויף דיאבאליאַן.

— יא — האט דיאבאלינא וויינענד אויסגערופען — איך האב אייך יעצט ערקאנט. מיינע ליעבע, ארמע עלטערן. איך בין אייער טאכטער, וואס דער טייפעל האט פון אייך גערויבט, דארט אונטער דיא דרייא עפעל־בוימען, אין וואלד, נעבען טייכעל.

— שמיליק, דאס איז זיא! דאס איז אונזער גיטעלע! — האט ציפקע ווילד אויסגעשריען, פאלענד דיאבאלינאן אום דעם האלז און שרייענדיג: קינד מיינע, קינד מיינע!......

— מוטער! טהייערע, אונגליקליכע מוטער! — האט דיאבאלינא געיא־מערט און האט ציגעדרוקט איהר אלטע מוטער צו איהר ברוסט.

דאס וואר אזא ריהרענדע סצענע, דאס יאָזעפוס און קיראָפּאטניק האבען געוויינט, וויא קליינע קינדער.

ס.

## דער מערדער ווינט.

דער גרויסער שטורם געהט שנעל פאראיבער און עס ווערט צוריק אלעס שטיל וויא געווען. אויף דיא ריהרענדע, ברוויענדע סצענע, וואס האט זיך אבגעשפיעלט ביי שמיליקען אין ה׳יז, איז פערשוואונדען. דיאבאלינא האט צוריק געפונען איהרע עלטערן און זיי האבען זיא זא אונערווארטעט צוריק אין זייער הויז דערזעהן. זייער געגענזייטיגע פריידע איז ניט צו בעשרייבען און דאס גליק פון דיא אונגליקליכע עלטערן האט זיך פערדאפפעלט, אלס זייער געפונענע טאכטער האט זיי ערפרייעט מיט דער נאכריכט, אז זיא איז זעהר רייך און איז אים שטאנדע זיי א גליקליכע עלטער צו פערשאפען. נאך אין דעם זעלבען טאג האט זיא זיי א גרויסע סוממע געלד געגעבען און אין דעם פינסטערן וואהנונג איז זעהר ליכטיג זעווארען.

באלד נאכדעם האט זיך אבגעשפיעלט אנ׳אנדער טראגישע סצענע בייא דעם גראף יאבלאנסקי אין לוסטגארטען, דען דארט האט זיך קוראפאטניק געטראפען מיט זיין טאכטער קאטינקא.

יאזעפוס האט איהם אין דעם גארטען אריינגעפיהרט און האט איהם דא געהייסען ווארטען, ביז ער וועט אהער ברייננען קאטינקאן.

ער איז אריינגעגאנגען אין שטוב, וואו זיין מוטער מיט קאטינקאן האבען איהם מיט דער גרעסטער פריידע עמפפאנגען און, נאכדעם אז ער האט זיי אין קורצען ערצעהלט, דאס ער איז יעצט אהער געקומען, אום מיט זיי אויף אימער צו פערבלייבען, האט ער געבעטען קאטינקאן, ז׳א זאל מיט איהם אריינגעהן און גארטען, ווייל ער וויל מיט איהר א ביסעל ריידען אונטער איינעם פון דיא שאטיגע גארטענבוימען.

זיי זיינען ביידע אריינגעגאנגען אין גארטען און זיינען געקומען צו דעם ארט, וואו קוראפאטניק איז געזעססען.

— ווער איז דער מאן? — האט קאטינקא געפרעגט.

— ער איז מיינער אנ׳אלטער גוטער פריינד — האט יאזעפוס געענטפערט.

— אויב ער איז דיינער א פריינד, וועל איך איהם אויך אלס פריינד בעטראכטען — האט קאטינקא צערטליך געזאגט — אבער ווארום זיטצט ער זא אונמוטהיג און פאר וואס איז ער אזוי בלאס?

קוראָפּאטניק איז ווירקליך נעוועזען זעהר בלאַס און האט אויסגעזעהן זעהר־אונמוטהיג און פערזארגט. ער האט ניט געוואגט א קוק צו טאהן אויף קאטינ־קאַן, וועלכע האָט אויסגעזעהן וויא א מוסטער פון טוגענד.

— ווארום זיטצט איהר זא בעזארגט, גוטער מענש? — האט איהם קאַ־טינקא געפרעגט, צוגעהענד נעהנטער צו איהם — איך ערקאן אן אייער געזיכט, אז איהר פיהלט זיך זעהר אונגליקליך.

— יא, מיין קינד — האט קוראָפּאטניק געענטפערט און זיין שטיממע האט געציטטערט — איך בין זעהר א נגליקליך.

— וואס פעהלט אייך? פיעלייכט זייט איהר ארם, וועל איך מיט יאָזע־פוס'ן אייך העלפען, מיט וואס מיר וועלען קענען.

טרערען האבען זיך געוויעזען אין קיראָפּאטניקס גרויסע אויגען. ער האט א קוק געטאהן אויף זיין שעהנער טאָכטער. אך, וויא האט ער געוואלט זיא אומארמען, אזוי וויא שמיליק האט אומגעארמט זיין טאכטער דיאבאלינא. ער האט דאס אבער ניט געוואגט און האט געענטפערט:

— איך דאנק דיר, מיין קינד, פאר דיין מיטלייד און פאר דער הילף, וואס דוא פערשפרעכסט מיר צו געבען, אבער איך דארף קיין געלד, איך בין גענוג רייך.

— וואס דען זייט איהר אזוי פערזארגט? איך זעה אין אייערע אויגען טרערען. אך, וויא טוהט מיר דאס הערץ וועה, ווען איך זעה אז יעמאנד וויינט. זאגט דאך מיר, אונגליקליכער, פיעלייכט קען איך אייך מיט עטוואס בעהילפיג זיין?

— דיין הילף, מיין קינד, וויא איך האב דיר שוין געזאגט, דארף איך ניט, אבער א קליינע געפעלינקייט קענסט דוא מיר יא טאהן.

— זאגט, וואס זאל איך פון אייערטוועגען טאהן?

— גיעב מיר דיין האנד און דיין זעגען אויף דער וועג וואס איך וויל יעצט געהן.

— איהר געהט דען א וויטען וועג?

— יא, ווייט, זעהר ווייט.

— ווילט איהר מיין זעגען?

— יא.

— איהר האט געמוזט הערען, אז מען האלט מיך פאר א פראָפּהעטין — האט קאטינקא געלאכט.

— צו מען האלט דיך פאר א פראָפהעטין אדער ניט, דאס געהט מיך ניט אן, איך גלויב אבער, אז דער זעגען, וואס געהט ארויס פון זאלכע ריינע ליפען וויא דיינע זיינען, מוז ערפיעלט ווערען.

— אָ, ליעבער מענש, איהר האט אנ׳אירטהום — האט קאטינקא זיפצענד געזאגט —- איך בין ניט אזוי אונשולדיג, וויא איהר מיינט. ווייסט איהר דען ניט, אז יעדער מענש בענעהט א זינדע אין זיין לעבען ? — האט זיא פערשעהמט געזאגט און האט איהרע בליקען צו דער ערד געריכטעט.

— אָ, איך ווייס — האט קוראפאטניק געענטפערט — אבער זינדער צו זינדע זיינען ניט גלייך. עס טרעפט זעהר אָפט, אז דער פיינסטער מענש ווערט דורך שלעכטע מעשען פערלאָקט א זינדע צו בענעהן. אין אז פאל מוז מען אנשטאט בעשולדיגען, איהם בעמיטהליידיגען. אבוואהל איך זעה דיך, ליעבעס קינד, צום ערשטען מאל, דאך ערקאן איך אן דיין געזיכט, דאס דוא ביזט ריין וויא אנ׳ענגעל, און דארום וועל איך אויך דיין זעגען, אלס דעם זעגען פון א גוטען ריינעם ענגעל בעטראכטען.

— איך דאנק אייך פאר אייערע גוטע ווארטען — האט קאטינקא געזאגט און אין איהרע אויגען האבען זיך פערלענטערערן געוויעזען. — פון טיעפסטען הערצען גיעב איך אייך מיין ברכה. גאט זאל אייך בענרייטען אין אללע אייערע וועגען און זאל אייך איינהיטען פון אונגליק און פון שלעכטע טהאטען.

— אָ, איך דאנק דיר מיין קינד ! — האט קוראפאטניק אויסגערופען, ערגרייפענד איהרעביידע הענד, און האט זיי מיט קיססע בעדעקט. דוא האסט מיך ערקוויקט, און אין אלע מיינע וועגען וועלען אין מיינע אויערען דיינע זיססע ווארטען קלינגען.

— אונגליקליכער ! איהר וויינט ווייטער ? — האט קאטינקא געזאגט, אלס זיא האט געזעהן וויא קוראפאטניק האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

— ניין, מיין קינד, איך וויין ניט. דיא טרערען וואס איך פערגיעס יעצט, זיינען מיר זא זיס און מאכען מיך זא גליקליך, דאס איך בין אויסער זיך פאר פריידע. אדיע, ליעבעס קינד ! אויב מיין ברכה וועט נאט אננעהמען, וויגש איך דיר אויך, דוא זאלסט אימערצו גליקליך זיין. אויך דיר, ליעבער יאזעפוס, ווינשע איך, דוא זאלסט אין דיא פריידען, וואס דוא וועסט פון היינט אן געניסען, פערגעסען דיא פיעלע ליידען, וואס דוא האסט אין דיין לעבען געהאט.

ער האט נאך אמאל א קוש געשאהן קאטינקאס האנד, איז נאכהער ארויס־

געפאלען אויף יאזעפוסעס האלז, האט איהם הערצליך געקושט און האט צו איהם געזאגט:

— אויב דוא וועסט פון מיר יא עטוואס הערען, זאלסט דוא נור גוטעס הערען.

— איך בין אין דעם איבערצייט — האט יאזעפוס נעענטפערט, דריקענד דיא האנד פון זיין יוגענדפריינד.

נאך א בליק האט קוראפאטניק געווארפען אויף קאטינקאן און איז פארט־געלאָפען.

— ארמער מאן! — האט קאטינקא צו יאזעפוס'ן געזאגט — איך ערקאן אן איהם, אז ער טראגט א הערץ פול מיט וואונדען. אך, וויא בעדיערע איך איהם!

— יא, דוא האסט פאָלעס רעכט איהם צו בעדויערען.... האט יאזעפוס נעענטפערט און האט א ביטערען זיפצער געטאהן.

## סא.

## ערדייכט דעם ציעל.

יאזעפוס שטעהט יעצט זעהר הויך, ער איז פון זיין פאטער: בעפאָלמעכ־טיגט געווארען צו וואלטען און שאלטען איבער אלע זיינע גיטער. אלע האבען געמיינט, אז ער פיהלט זיך זעהר גליקליך. דאס איז אבער געווען א גרויסער אירטהום. ערשט יעצט האט ער זיך זעהר אונגליקליך געפיהלט, דען זייט ער האט אנגעהויבען צו טראָגען אויף זיך דעם נאממען מענש, האט ער אין דער גאַנצער וועלט בלויז איין פונקט געהאט, צו ויעלכען זיינע בליקען ווארען געריכ־טעט, דאס וואר רעגינא, און אויסער איהר האט פאר איהם קיין וועלט עקסיס־טירט. רעגינא איז געווען דיא זאָננע פון זיין לעבען און דארט וואו איהר ליכט האט ניט ערדייכט, האט ער זיך געפיהלט וויא אין דער שרעקליכסטער פינ־סטערניס.

אָבוואָהל ער האט קיינמאל קיין האָפפנונג געהאט זיא צו בעזיטצען, דאך האט זיך אין זיין ברוסט א קליין פונקעלע האָפפנונג פערגנבעט. ער האט דאס זיך אליין ניט געוואָלט מודה זיין. ער האט קיינמאל געוואלט צוגעבען דיא מעג־ליכקייט, אז עס קען געבען אזא צייט, אין וועלכער ער זאל קענען מיט איהר חאָטש ריידען, וויא מיט זיינס א גלייכען. אבער טיעף אין זיין ברוסט האט זיך פאָרט געהאָפט. נור זייט זיא איז מיט יוסטן צוזאמענגעקומען און ער האט בע־

מערקט, אז ער איז ביי איהר וויא א פינפטער ראָד צום וואגען, האט זיך אויף דער לעצטער פונק האָפפנונג: אין איהם פערלאשען און צוזאממען מיט דיזער האפפנונג, האט דאס גאנצעס לעבען אויפגעהערט פאר איהם א ווערטה צו האַ־בען און ער האט אין קיין זאך קיין פערגניגען געפונען.

אך, וויא חאט ער געוואלט חאָטש נאך איין מאל אויף רעגינאן א קוק טאהן, חאָטש נאך איין מאל הערען איהרע ווערטער! אבער ער האט ניט גע־זעהן דיא טענליכקייט, דאס גליק צו ערייכען, ווייל ער האט גענלויבט, אז זיא איז מיט יוסטן אוועקגעפאהרען אין עק וועלט, וואו זיי לעבען זיך יעצט וויא אדם מיט חוה׳ן אין גן עדן און זיי וועלען שוין מעהר קיינמאל אהער צוריקקומען.

רעגינא איז איהם קיינמאל פון קאָפף ארויסגעגאנגען. בעזאנדערס יעצט, ווען ער איז געזעסען אין יאַבלאָנסק און האט פיעל ארבייט ניט געהאט. יעצט האט ער גענוג צייט געהאט וועגען איהר צו דענקען און פאנטאזירען, און דיע־זעס אונאויפהערליכעס דענקען האט אויף איהם אזא איינדרוק געמאכט, דאס עס איז ניט איבערגעגאנגען דיא נאכט, ער זאל רעגינאן ניט זעהן אין חלום. דאס האט איהם געמאכט זעהר נערוועז און ער איז פון טאג צו טאג פינסטע-רער געווארען.

זיין מוטער מיט קאטינקאן זיינען געווען שטארק בעזאָרגט וועגען איהם, ווייל זיי האבען גענלויבט, אז ער איז קראַנק.

ער האט איין מאל דיא גאנצע נאכט ניט געקענט שלאָפען. רעגינאס גע-זיכט האט פאר זיינע אויגען געשוועבט און ער האט זיך פארגעשטעלט, וויא זיא וואהנט יעצט מיט יוסטען אין א פרעכטיגען פאַלאסט און ביידע געניסען אללע פערגעניגענס פון דעם לעבען.

ווארום איז דיעזער יוסט אזוי גליקליך? — האט ער צו זיך אליין אונצעה־ליגע מאל געזאגט. פאר וואס קומט דאס איהם אזא גליק, ער זאל זיין דער מאן פון דער פרוי, וועלכע האט איממער אין מיינע אויגען אלס גאטהייט אויס-געזעהען?

ער האט אבער אויף דיעזער פראגע קיין אנטווארט געפונען. איהם איז זעהר דושנע געווארען אין זיין צימער, דארום איז ער פון זיין בעט אויפגעשטא-נען, האט אויף זיך ארויפגעחאפט זיין זיידענעם שלאפראק און איז ארויסגעגאנ־גען אין גארטען.

עס האט שוין אנגעהויבען צו טאגען. דער מארגענשטערען האט זיך גע־וויעזען אין מזרח הימעל, וויא ער זאל וועלען אנזאגען דער נאכט, אז עס איז גע-

קומען דיא צייט, זיא זאל זיך פון דער וועלט אבציהען. דיא פייגעלאך אין גאר־טען האבען ערטענט זייער מארגענליעד, צום צייכען, אז עס איז צייט, דיא גאנצע נאטור זאל זיך ערוואכען.

יאָזעפוס האט זיך געזעטצט אויף א באַנק און האט זיך פערטיעפט אין געדאַנקען. ער האט זיך דערמאנט אן יענער צייט. ווען ער פלעגט צו דיעזער שטונדע געהן אויף דעם בית עולם, אום צו בעגיסען דיא בלומען, וואס ער האט פערזייעט אויף דעם קבר פון רעגינאס מוטער.

ביי איהם איז אויסגעקומען, אז יענע צייט איז א פיעל בעסערע געוועזן, אלס היינטיגע. דען דאמאלס האט ער געהאָפט, אז רעגינא וועט אויף איהר מוטערס קבר קומען און וועט זיך ערפרייען, דערזעהענדיג דיא בלומען, וואס ער האט פערזייעט, דיעזע האפנונג האט איהם דאן פיעל פערגניגען פערשאַפט, וועהרענד הייטע האט ער ניט אויף וואס צו האָפען. דאס לעבען איז אזוי מאָ־נאָטאָנע און אהן אנ'אינטערעסע, אז ער געפינט יעצט אין קיין זאך קיין פער־גניגען.

ער האט פלוצלינג ערהערט א קלונג פון א גלעקעל, וואס עס פלעגט צו יענער צייט הענגען אויף דיא פאָצטאָווע ווענען. ער האט פערשטאנען, אז יע־מאנד איז געקומען צופאהרען.

ווער האט דאס געקענט אהער קומען? — האט ער זיך געקלערט — דאס מוז געוויס זיין איינער פון דיא פאָליצייא בעאמטע, וואס קומען זעהר אָפט זעהן, צו איז אלעס אין ארדנונג.

ער האט באלד ערהערט א גערויש פון אנ'עקיפאזש, וועלכער האט זיך אבגעשטעלט נעבען זיין פאטערס פאלאסט.

— יא, דאס איז געוויס א בעאמטער און איך מוז איהם עמפפאנגען — האט ער געזאגט און איז אריינגעלאָפען צו זיך אין צוממער, האט פון זיך ארונ־טערגעווארפען זיין שלאָפראק און האט אנגעטאהן א פראק.

זיין בעדיענטער איז צו איהם אריינגעלאָפען און האט געמעלדעט, אז א דאמע איז געקומען צופאהרען און פרעגט זיך אויף יאזעפוס'ן.

— א דאמע? — האט ער ערשטוינט געפרעגט. דאס מוז געוויס זיין דיא־באלינא. וואס קען זיא מיך יעצט בעדארפען?

ער האט געהייסען דעם בעדיענטען, ער זאל דיא דאמע אריינפיהרען אהער אין זיין צוממער.

דער בעדיענטער איז ארויסגעלאָפען. עס האָט לאַנג ניט געווערט, האט זיך דיא טיהר אויפגעעפענט און א פערשלייערטע, רייכגעקליידעטע דאמע איז אריינגעקומען.

— מיט וועמען האב איך דיא עהרע צו שפּרעכען? — האט יאזעפוס זיא זעהר העפפליך געפרעגט.

דיא דאַמע האט אויפגעהויבען איהר שלייער און פון יאָזעפוסעס מונד האט זיך ארויסגעריסען א ווילדעס געשרייא:

— רעגינא!....

— איהר האט זיך פאר מיר ערשראָקען, יאזעפוס? — האט רעגינא ער־שטוינט געפרעגט — און איך האב געמיינט דאס געגענטהייל, אז איהר וועט זיך ערפרייען, ווען איהר וועט זעהן, דאס אייער אמאַליגע ווירטהין איז געקומען, מיט אייך א רעכנונג צו האבען, אום אייך צו בעצאהלען דאס וואס אייך קומט נאך ארוים פון איהר.

— פירסטין! — האט יאָזעפוס געשטאממעלט — איך קען עס ניט גלויבען, אז איהר זייט דא און איהר שטעהט יעצט פאר מיינע אויגען.

— איהר קענט דאס ניט גלויבען? — האט זיא געלאכט — דאס איז א בעווייז, אז איהר האט מיך בעטראכט אלס איינע אונדאנקבארע, זאנסט וואלט איהר מיך ערווארטעט, איך זאל קומען זיך מיט אייך אויסצורעכענען, אום איך זאל געגען אייך קיינע שולדנערין בלייבען.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווארטען, פירסטין? איך פערשטעה אייך גאר ניט.

— האט איהר דען געמיינט, אז דיא גוטעס, וואס איהר האט מיט מיר געטאהן, וועט עווינ איינע געהיימנים בלייבען? אזעלכע זאכען מוזען ארויפשווי־מען וויא ביימעל אויפ'ן וואססער, איך האב אלעס ערפאהרען, איך ווייס דאס פאר מיין מוטערס בריעף, וועלכער האט פון מיר אנ'עווינע שאנדע ארונטערגע־נוממען האב איך גאר אייך צו דאנקען, איך ווייס אויך, דאס איהר האט אונ־טערגעשיקט יוסטען ער זאל מיך רעטען פון יאבלאנסקים הענד און איך בין נור צוליעב דעם אהער געקוממען אייך פאר דעם אלעם צו בעלאהנען.

— פירשטין!....

— איחר ווילט מיר פיעלייכט אבלייגענען און זאגען, אז ניט איהר האט דאס אלעס געטאהן? אייך וועט דאס אבער ניט העלפען, סאלטיקאוו אויך יוסט

האבען דאס מיר ערצעהלט, און איך ווייס, אז זיי האבען מיר קיין ליגען געזאגט. איך ווידערהאלע מיינע ווערטען, דאס איך בין, אייך זעהער פיעל שולדיג און איך וויל מיין שולד יעצט בעצאהלען, איהר ווייסט, אז איך בין גענוג רייך, מיין פאטער האט מיר זיין גאנץ פערמעגען איבערגעלאזט נור צוליעב דעם בריעף, וואס איהר האט איהם איבערגעגעבען, איך דארף ניט זאפיעל געלד, דען איך בין איין מענש און וואצו ברויכט איין מענש זאפיעל געלד.

— איין מענש? — האט יאזעפוס פערוואונדערט געפרעגט — פערהייראטעטע פרויא הייסט ניט איין מענש.

— איהר האט אנ'אירטהום יאזעפוס איך בין ניט פערהייראטעט.

— ניט פערהייראטעט? נוא און יוסט?

— מיר האבען זיך געשיידעט נאך בעפאר מיר האבען געהייראטעט, מיר האבען זיך ארום געזעהן, אז מיא מוז אמאל פאר דער וועלט מעהר יוצא זיין אלס פאר זיך.... אלזא ליעבער פריינד זאגט וויפיעל געלד זאל איך אייך געבען פאר דיא גוטעס וואס איהר האט מיר געטאהן.

— איך ברויך קיין געלד, ווייסט איהר דען ניט, אז איך בין ביי מיין פאטער יעצט איינער און בין איינער פון דיא רייכסטע.

— אייער פאטער? איך הער דאס ערשט, אז איהר האט א רייכען פאטער, ווער איז ער?

— דאס איז דער גראף פעטער יאבלאנסקי.

רעגינא האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט.

— איהר וואונדערט זיך? — האט ער שמייכלענד געזאגט — אבער דאס איז פארט אזוי, גראף פעטער יאבלאנסקי איז מיין פאטער און נאך יאהאנס טויט בין איך זיין איינציגער זאהן און ערבע.

— זייט איהר א גראף?

— איך שטאלציער דאמיט ניט, דיעזער טיטעל שפיעלט ביי מיר קיין ראליע. אויך מיין רייכטהום האט ביי מיר קיין ווערטה. דארום וועט איהר פערשטעהען, אז דאס געלד וואס איהר ווילט מיר געבען קאן מיך ניט בעפריעדיגען.

— ווילט איהר וויא איך הערר איך זאל אייך אנ'אייבינע שולדנערין בלייבען.

— ניין....ניט דאס וויל איך. איהר קאנט מיר יא בעצאהלען, איך ווייס אבער ניט צו וועט איהר איינוויליגען מיר צו געבען, דאס וואס קען מיך יא בעגליקען.

— זאגט, וואס איהר פערלאנגט, איך וויל הערען.

— אייער האנד רעגינא.... האט יאזעפוס געשטאממעלט — דיא האנד, וואס האט מיך נאך אלס קינד בעגייסטערט און געשלעפט צו טאהן לויטערס גוטעס, קאנט איהר מיר דיא האנד געבען מאכט איהר מיך פאר דעם גליקליכס־טען אונטער דעם הייממעל.

— דא האט איהר זיא און זיא איז עוויג אייערע — האט רעגינא געענט־ווערט איהם איהר האנד רייכענד.

— רעגינא! — האט יאזעפוס אויסגערופען פאלענד פאר איהר אויף דיא קניע!—זייט גאט האט דיא וועלט בעשאפען איז נור איין גליקליכער מענש אי איהר געוועזען און דיעזער גליקליכער מענש בין איך.

* * *

אללע מוזשיקעס פון דעם גראף יאבלאנסקיס דערפער האבען פלוצלינג אנגעהייבען פרייערצו אטהמען און האבען אנ'אנדער וועלט פאר זיך דערזען, אלע האבען זיי גאט געבעטען פאר זייער גוטען גראף פעטער יאבלאנסקי, וועלכער איז פריהער בעקאנט געוועזען איבעראל אונטער דעם נאמען דער „שטיינערנער מענש" און איז נאכהער געווארען איינער פון דיא בעסטע, וויכסטע, גוטהערציגסטע פריצים.

אלע האבען געוואוסט, אז דיא אורזאכע פון זיין פערענדערונג איז געוועזען זיין זאהן, דער גראף יאזעף יאבלאנסקי און דער אמאליגער קראליקפרעסער סימאן.

דיא אנטיסעמיטישע צייטונגען האבען איבערראשט גאנץ רוססלאנד מיט ענ'ענטדעקונג, אז דיא בעריהמטע קינסטלערין דיאבאלינא איז א יורישע טאכ־טער און אלס מיא האט דיאבאלינאן ווענען דעם געפרעגט, האט זיא גאנץ רו־היג זאגאר מיט שטאלץ געענטווערט: יא, דאס איז וואהר.

וואס פון קוראפאטניקן איז געווארען ווייס קיינער, ער איז פון יענער צייט וויא איין וואססער אריינגעפאלען.

ע נ ד ע.

זאנטאג דען **10** מאי פאנגט אן צו ערשיינען

# דער
# שטערטנזעהער

ראמאן אויס דעם יודיש אמעריקאנישען לעבען

## פון נ. מ. שייקעוויטש.

---

דיעזער ראמאן איז קיין היסטארישער, אין איהם קומען אויך ניט פאר סענסאנציאנעלע מארד געשיכטען פון גראפען, קנאזען און קעניגע ער איז א ראמאן פון אידישען לעבען, אבער זא אינטערעסאנט און זא אנגענעהם צו לעזען דאס ער וועט אלע קלאססען לעזער צופריעדען שטעלען.

עס איז שאן לאנג צייט געוועזן מיא זאל אוועקווארפען צו לעזען דיא משונה ווילדע ראמאנען, וואס האבען ביי אונז אין דער לעצטער צייט געפרוכפערט און געווידמעט און האבען פערדארבען דעם געשמאק פונ'ם פובליקום, האבען דען אונזערע אידישע לעזער ניט פיעל מעהר פערגעניגען געהאט פון א קאטארזשניק, אדער פון א כשרן אידען, רייכער בעטלער א. ז. וו. מעהר אלס פון דיא ווילדע איבערגעזעצטע ראמאנען, וואס שטעלען פאר משיות, וועלכע יינען ניט געשטייגען און ניט געפלייגען?

דער ראמאן דער שטערענזעהער איז אנ'עכטער יודישער ראמאן פונ'ם יודישען לעבען, דיא פערזאנען, וואס האנדלען אין איהם זיינען אייך אלעמען בעקאנט, איהר בעגעגענט זיי אויף שריט און טריט און דיא אללע בעגעבענהייטען פון דיעזע פערזאנען זייגען ריכטיגע פונ'ם לעבען גענוממען.

דער שטערענזעהער וועט ערשיינען צווייא מאל אין דער וואך זאנטאג און מיטוואך, פרייז 5 סענט א העפט.

**דער ערשטער העפט קאסט בלויס 1 סענט.**

צו בעקומען אויף אלע פייפערסטענדס וויא אויך אין דער רעדאקציא

**208 איסט בראדוויא.**

